אברהם רייזען

# עפּיזאָדן פון מיין לעבן

(ליטעראַרישע ערינערונגען)

צווייטער טייל

ווילנע — 1929
ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין

# דרייאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

דער יידישער פאַרלעגער יעקב לידסקי. — איך ווער זיין בעל-יועץ. — פאַרלאַג „פּראָגרעס". — איך ווער אַן איבערזעצער. — „דונער און בליץ". — דער האַנאַראַר. — מיין וואוינונג ביי אַ הענדלער מיט אַלטע קליידער. — מיין שפּעטערדיקע וואוינונג ביי אַ מוליער. — מיין פּראָדוקטיווע צייט. — די דערציילונגען „דער פאַרביטערטער" און „די שליפּעס". — דער ערשטער שרייבער-באַל אין וואַרשע. — געגנבעטע בילעטן. — פּרץ אַלס אויפ-טוער. — די אַריסטאָקראַטישע געסט. — דער מייערער פּרייז פאַר בילעטן. — מיין אַריינמישונג. — דער קריג מיטן ציוניסט לעווינסאָן. — שלום אַש פאַרשטעלט זיך פאַר אַ יונג פון קוילער-געסל. — דער טאַנץ. — בעל-מחשבותעס אַנטציקונג.

מיין אינטערעס אין יענער צייט איז ניט נאָר געווען צו שרייבער אַליין, נאָר אויך צו די, וואָס האָבן אַ שייכות צו שרייבערײַ. צו די דאָזיקע האָבן געהערט די פאַרלעגער. דער מין איז אָבער אין יענער צייט, ביז 1900—1901, ניט געווען בנמצא, ניט רעכענענדיק די עטלעכע בוכהאַנדלונגען אין וואַרשע, וואָס האָבן פון צייט צו צייט און צופעליק אַמאָל אַרויסגעלאָזט אַ ביכל צי אַ בראָשור — אין יידיש. דער ערשטער פאַרלעגער, וואָס איז צוגעטראָטן אַרויסצוגעבן יידישע ביכער מיט אַ סיסטעם און מיט אַ געוויסער ריכטונג און פּלאַן, איז געווען יעקב לידסקי.

מיין באַקאַנטשאַפט מיט אים איז פאָרגעקומען אויפן גאַס, אויף די נאַלעווקעס, אָן אַן אָפּיציעלער פאַרשטעלונג. באַגעגענענדיק אַ יונגנמאַן עטלעכע מאָל אין גאַס מיט פּעק ביכער אונטער די ביידע אָרעמס, האָב איך פאַרשטאַנען אָדער דערפילט, אַז דער יונגערמאַן איז עפּעס ניט אַבי-ווער, ניט סתם אַ מוכר-ספרים, נאָר אַ נאָענטערער פאַרט מענטש. אונזערע בליקן פלעגן זיך באַגעגענען און לאַנג „אָבסערווירן" איינער דעם אַנדערן. און איינמאָל האָב איך אים, אָדער אפשר ער מיך, אָפּגעשטעלט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז נאָר־וואָס געקומען פון אַמעריקע, פון ניו־יאָרק. זיין נאָמען איז יעקב לידסקי. אין אַמעריקע איז ער געווען אַ פאַרלעגער פון גרויסע פיל־טייליקע סענסאַציאָנעלע און אַנדערע ראָמאַנען. אָבער עס האָט אים געצויגן צו העכערס, איז ער געקומען קיין וואַרשע... דערפאַרנדיק, אַז איך בין עס דער רעדאַקטאָר פון „צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט" האָט ער זיך גאָר דערפרייט און איז ווי בטול געוואָרן פאַר מיר. האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט שוין אַוועקגעשיקט קיין אַמעריקע אַ פופצן עקזעמפּלאַרן פון דעם „זאַמלבוך" און ער דאַרף האָבן נאָך אַ צען, און ער וועט נאָך דאַרפן און דאַרפן...

אַוודאי איז ביי מיר געווען אָנגעלייגט, וואָס ער שיקט דאָס „צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט" אַזש קיין אַמעריקע. עס איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע פרייד, וואָס האָט זיך געגרענעצט אַזש מיט וואונדער. אין אַמעריקע, הייסט עס, וועלן יידן לייענען, וואָס עס איז געשריבן געוואָרן דאָ. אויף אַזאַ אופן וועלן די ווייטסטע יידן זיך פילן נאָענט מיט אונז און מיר מיט זיי.

ביים צווייטן מאָל באַגעגענען זיך מיט אים האָב איך שוין באַמערקט, ווי פון די פעק ביכער, וואָס ער טראָגט אונטערן אָרעם, קוקן אַרויס אויך אייניקע עקזעמפּלאַרן פון „צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט. האָב איך געזען, אַז דער מענטש פאַרשפּרייט טאַקע אויף אַן אמת די ריכטיקע ליטעראַטור, איז ער מיר געוואָרן נאָך ליבער. און אַ סימפּאַטישער יונגערמאַן איז ער טאַקע געווען. גערעדט שטיל, „לאַגאָדנע", מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל, און געקענט גלייך געווינען מיין צוטרוי צו אים.

אויך איך האָב געוואונען זיין צוטרוי. האָט ער מיר פאַרטרויט, אַז ער האָט פון אַמעריקע געבראַכט אַ ביסל געלט, האָט אַפילו אָנגערופן די סומע, צוויי טויזנט רובל, און אַט די סומע וויל ער אַריינלייגן אין אַ פאַרלאַג — צו דרוקן ביכער פאַרן פאָלק, מיט אַן אויפקלערנדיקן אינהאַלט, טאַקע די ריכטיקע ביכער...

עס איז מיר געוואָרן ליכטיק אין די אויגן. ניט חלילה פון די צוויי טויזנט רובל, נאָר פון דער האָפענונג אויף אַ נייעם פאַרלאַג. די פאָר פאַרלאַגן, וואָס האָבן זיך נאָך פריער געגרינדעט דורך

פאַרשיידענע גרופּן, האָבן שוין אויפגעהערט צו עקזיסטירן. אויך גאַסעלניקס פאַרלאַג אין ווילנע האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין. הגם מיין זאַמלונג לידער, וואָס האָט געזאָלט ערשיינען אין זעלבן גאַסעלניקס פאַרלאַג, האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו זעצן אין אַ וואַרשעווער דרוקעריי, ביי יחיאל-מאיר האַלטער, אָבער קיין געלט האָט שוין דער דרוקער ניט באַקומען און די אַרבעט האָט זיך צוליב דעם פאַרצויגן. אין דער צייט, ווען איך האָב לידסקין געטראָפן, איז מיין ביכעלע לידער נאָך ניט ערשינען.

האָבן מיר אין גאַס גופא, אויף די רווישיקע נאַלעווקעס, באַשטימט, אַז דער פאַרלאַג זאָל טראָגן דעם נאָמען „פאַרלאַג פּראָגרעס“. איך האָב אים צוגעזאָגט מיין מאָראַלישע הילף.

אין פאַרלויף פון אַ פּאָר חדשים האָט שוין יעקב לידסקי געדונגען אַ דירה אויף אַ הויף פון נאַלעווקי 38. די דירה איז באַשטאַנען פון פיר גרויסע צימערן. די פאָדערשטע צוויי צימערן זיינען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בוכהאַנדלונג און פאַרלאַג און מיט יעדן טאָג זיך צעוואַקסן גרעסער און גרעסער...

די ערשטע עטלעכע ביכלעך, וואָס לידסקי האָט אַרויסגעגעבן, זיינען געווען געדרוקט פון מאַטריצן, וואָס ער האָט געבראַכט פון אַמעריקע, „מציאות“, וואָס ער האָט אָפּגעקויפט ביי די דאָרטיקע שרייבער און פאַרלעגער. איין ביכעלע איז געווען פון ב. פייגענבוים, וועגן מעטעאָרן. דער הויפּט-טיטל פון ביכעלע איז אָבער געווען „שטיינער, וואָס פאַלן פון הימל“, כדי צו פאַראינטערעסירן דעם לעזער, אַז ער זאָל דאָס ביכעלע קויפן. עס איז אי ווויסנשאַפט, אי אינטערעסאַנט.

דערזען, אַז דאָס ביכעלע „גייט“ — די מאַסן זיינען דעמאָלסט געווען זייער דאָרשטיק נאָך וויסנשאַפט, האָבן זיי די „שטיינער, וואָס פאַלן פון הימל“, געכאַפּט, ווי אַמאָל די הונגעריקע יידן אין דער מדבר דעם מן... וואָס עס האָט זיך דאָס דעמאָלסט אָפּגעטאָן מיט די דאָזיקע שטיינער פון הימל! — האָט זיך יעקב לידסקי שוין פאַרמאָכטן נאָך גרעסער. ניט נאָר פון מאַטריצן דרוקן — ער האָט אויך שפּעטער אַ ביסל אָפּגעקויפט די מאַטריצן פון גאַסעלניקס פּאָפּולער-וויסנשאַפטלעכע אויסגאַבן און פון קאָטיק און ברעסלערס אויס-

גאָבן — נאָר ער האָט אָנגעהויבן אויף דרוקן שפּאָגל־נייע ביכע־
לעך. האָט ער שוין באַשטעלט בײַ מיר אַליין אַ ווערק פון לונ־
קעוויטשן — „דונער און בליץ“. דאָס ביכעלע האָט געהאַלטן אין
רוסיש בײַ אַן אַכט און פערציק זײַטלעך. אין יידיש האָט נאָך אפשר
געדאַרפט צוקומען אַ פּאָר זײַטלעך. ווייל אין יידיש ווערן אַמאָל
גרעסער די זאַצן... אָבער צאָלן האָט לידסקי געדאַרפט לויט די
רוסישע זײַטלעך — צו פינף רובל אַ בויגן, אַכט און פערציק זײַט־
לעך, דרײַ דרוקבויגן, האָט ער אָנגעטראָפן 15 רובל, אין יענער
צײַט פאַר מיר אַ מטבע. דערצו די וויכטיקייט פון דער אַרבעט —
אויפקלערן דאָס פאָלק, עס זאָל וויסן ווי אַזוי עס בליצט און ווי
אַזוי און פאַרוואָס עס דונערט...

איך בין מיט שמחה אַוועקגעלאָפן מיט דער רוסישער בראָשור צו
מיר אַהיים, אין מײַן נײַער וואוינונג, דזיעלנע 23, בײַ אַן אָרעמער,
אָבער געמיטלעכער אַרבעטער־פאַמיליע. דער פאָטער פון דער פאַ־
מיליע, אַ פּוילישער ייד, פון פאַך אַ מולער, איז געווען אַ פּשוטער,
אַ האַרציקער ייד. ער פלעגט קומען יעדן אָוונט פון דער אַרבעט אַ
מידער, אַן אײַנגעשמירטער אין ליים, אָבער אַ פריילעכער, מיט אַ
געוויסן שטאָלץ, וואָס ער האָט בײַ אַ געבײַדע אָפּגעאַרבעט אַ צען
שעה און פאַרדינט אויף ברויט, אויף שכר־לימוד פאַר זײַן יינגעלע
און אויף דירה־געלט. אויך זײַן ווייב, מײַן באַלעבאָסטע, איז גע־
ווען אַ האַרציקע יידישע־פּוילישע פאַלקספרוי און האָט מיך באַ־
האַנדלט — אַ ליטוואַק און אַ „דײַטש“! — ווי אַן אייגענעם מענטשן.
דאָס עלטסטע קינד, אַ מיידל פון אַ יאָר צוואַנציק, מיט עכט יידישע
שוואַרצע אויגן, וואָס האָבן שטענדיק גוטמוטיק געשמייכלט, אי־
בערהויפּט צו מיר, האָט געאַרבעט אין אַ „מייסטערסקאַיע“ פון קליי־
דער, און יעדן אָוונט פלעגט זי קומען אַהיים אַ זינגענדיקע, ווי אַ
פייגעלע צו איר נעסט... פונם דאָזיקן ליבן הויז האָב איך גע־
שריבן אייניקע דערציילונגען. איין דערציילונג הייסט „של פּנים“. אַלס
מאָדעל צו דער דאָזיקער דערציילונג האָט מיר געדינט דער פאָ־
טער, דער מולער, וואָס פון דעם לאַנגן טראָגן אויף די אַקסלען
די ליים און ציגל בײַ די געבײַדן האָט ער באַקומען אויף דער
הויט פון זײַנע בײדע אַקסלען צוויי גרויסע בײלן ווי די פויסטן. ער

האָט זיי אַמאָל, אַ פרייטאָג=פאַרנאַכט, ווען ער האָט זיך לכּבוד=שבּת אַרומגעוואַשן, מיך צוגערופן און זיי מיר געוויזן:

— נאַט, פאַני רייזען, קוקט אָן מיינע שליפעס...

עס האָט מיר אַ ריס געטאָן ביים האַרץ... די שיינע טאָכטער האָט זיך אַוש פאַרקרימט פאַר שמערץ, אויך דאָס ווייב האָט אַ זיפץ געטאָן און אים גוטמוטיק אויסגערעדט:

— מיט וואָס אַ מענטש באַרימט זיך.

ער האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי זיינס — דאָס זיינען אמתע שליפעס, כשר=פאַרדינטע, און ער וועט זיך ניט בייטן מיט זיי אַפילו אויף עפּאָלעטן פון דעם גרעסטן גענעראַל...

אין דעם קליינעם צימערל, וועלכער האָט געהאַט פלאַץ בלויז פאַר אַ בעט און אַ טישל, וואָס איז געשטאַנען האַרט צוגעשפּאַרט צום פענסטער, און אַ פּראָסט=הילצענער, ניט געפּאַרבּטער שטול, וואָס האָט זיך קוים אַוועקגעשטעלט צווישן טיש און בעט, אַזוי אַז די פיס האָבן זיך שוין געמוזט האַלטן ניט לעבן טיש, נאָר טיף אין לערן שטח פון טישל — אינם דאָזיקן קליינעם צימערל, וואָס האָט אַפילו קיין טיר ניט געהאַט, און פאַר אַ באַזונדער צימער האָט אים בלויז געמאַכט דער פאָרהאַנג, וואָס איז אַראָפּגעהאַנגען פון אויבן אַראָפּ — האָב איך פיל געשריבן אין יענעם ווינטער — צווישן 1900 און 1901. איין דערציילונג, „דער פאַרביטערטער“, וואָס איך האָב דאָרט אָנגעשריבן, איז געווען אַ בילד פון מיין פריערדיקער וואוינונג ביי אַ הענדלער פון אַלטוואַרג. די באַלעבאַטים, שוין עלטערע מענטשן, שטילע, רויִקע און גוטע, אָן אַ ברעג, אויך פּוילישע יידן, האָבן זיי מיך, אַ ליטוואַק, און ניט קיין פרומען, באַהאַנדלט שיִר ניט ווי אַן אייגענעם זון, מכבּד געווען אַפילו אין די אָוונטן מיט געוויסע פּויליש=יידישע מאַכלים. איבערהויפּט די אַלטע איז גאָר נתפּעל געווען פון מיין „קאָפּ“... „אַ מענטש זאָל אַלץ וויסן!“ — האָט זי מיך באַוואונדערט. אין הויז האָט געאַרבעט זייערע אַ טאָכטער ביי קראַוואַטן, שווער געאַרבעט ביז שפּעט אין דער נאַכט פאַר נדן אויף אַ חתן... עס האָט איר אַרויסגעהאָלפן אַ פרעמד מיידל, אַ געדונגענע, אַ שיינהייט, מיט פייערדיקע אויגן, אַ פריילעכע, אַ זינגענדיקע. אַ יונגערער זון, פון אַ יאָר אַכצן, פון

פאַך אַ מאַלער, האָט יענעם ווינטער קיין אַרבעט ניט געהאַט, האָט ער געמוזט עסן פון דער עלטערערס שוועסטער פּראַצע, איז אים דאָס ניט אָנגעשטאַנען, און ווייל ער האָט זיך געפילט שולדיק, האָט ער געמאַכט אין הויז סקאַנדאַלן. פון אויבנאויף געקוקט, איז ער געווען דער אומגערעכטער, אָבער איך האָב אים פאַרשטאַנען און מיטגעפילט. נאָך וואוינענדיק דאָרטן, האָט זיך מיר געוואָלט עפּעס שרייבן וועגן אים, אָבער אין הויז גופא האָב איך ניט געוואַגט, הגם דעם „יוד" האָט ניט ער און ניט זיין עלטערע שוועסטער סיי־ווי־סיי ניט געלייענט. האָב איך שוין די דערציילונג אָנגעשריבן אין דער צווייטער וואוינונג ביים מולער מיט די „שליפּעס". און די דערציילונג „די שליפּעס" האָב איך שוין געשריבן אויף אַ דריטער און אַ פערטער וואוינונג...

* * *

נאָר לאָמיר זיך צוריק אומקערן צו דער געשיכטע פון מיין איבערזעצונג פאַרן לידסקין דאָס ביכעלע „דונער און בליץ"...

געקומען אויף מיין וואוינונג צום מולער, אַ זייגער צוויי ביי־טאָג, בין איך נאָך אַ צען מינוט פאַרבראַכט מיט דער יונגער טאָכטער אין אַן איידעלן געשפּרעך, וואָס האָט געטראָגן דעם כאַ־ראַקטער פון אַ מין פלירט — און די דאָזיקע חנעוודיקע יידיש־פּוילישע טאָכטער האָט געקענט פלירטעווען מיט אַלע חנען פון אַ וואַרשעווער מיידל — אַריין אין מיין קליינעם צימערל, איינ־געאָרדנט זיך ווי עס איז אויפן איינציקן שטול, וואָס האָט גראָד ניט געקענט זיך צופּאַסן צום טישל, ווייל דאָס בעט פון הינטן האָט אים דאָסמאָל גראָד געגעבן ווייניקער פּלאַץ, און זיך גענומען צו דער אַרבעט.

ערשטנס, האָב איך דאָס ביכל דורכגעלייענט, זען, צי איז די אַרבעט בכלל פאַר מיר, אפשר וועלן זיך געפינען רוסישע ווער־טער, וואָס איך וועל זיי אין יידיש ניט קענען איבערגעבן. גאָט צו דאַנקען, אַזוינע ווערטער האָבן זיך ניט געפונען. און דער עניין אַליין איז גרינג, וואָס גרינגער קאָן ניט זיין. עס איז מיר אַליין גע־וואָרן קלאָר — הגם עטוואָס האָב איך נאָך פון מיין אייגענער

בילדונג געוואוקסט, ווי אַזוי עס דונערט און עס בליצט... און לונקעוויטש איז טאַקע געווען אַ גרינגער פּאָפּולאַריזאַטאָר. אַ ביכל, וואָס איז געשריבן פאַר רוסישע אַרבעטער און אַפילו פויערים, האָב איך מיט מיין יידיש קעפל אַוודאי געמעגט און געקענט באַנעמען.

אין ביכעלע זיינען אַפילו געווען שטעלן, ווי אַזוי צו מאַכן עלעקטרישע עקספּערימענטן:

„נעם — זאָג איך שוין אויף יידיש — אַ בורשטין, רייב אים גוט אָן"... אדג"ל חכמות, וואָס דערמאָלסט בין איך אַליין פון די מיטגעריסן געוואָרן... און דערצו דאָס געפיל, אַז איך לערן מענטשן, ווי אַזוי צו מאַכן עלעקטריע... איך האָב זיך שיר ניט געפילט אין דער בחינה פון אַ פּראָפעסאָר פון פיזיק, פון כעמיע און אַנדערע חכמות... און אַלץ אַדאַנק לונקעוויטשן!

דערצו האָט מיך געלאָקט טאַקע דער האָנאָראַר — 15 רובל (אַ פונפערל, אמת, האָב איך שוין באַקומען פאָראויס!). איך האָב די אַרבעט געקענט מאַכן אין אַ צוויי טעג... אָבער איך האָב מורא געהאַט, אַז לידסקי וועט זען, איך האָב אַזוי שנעל געמאַכט, וועט ער חרטה האָבן אויפן פּרייז, האָב איך אים די אַרבעט געבראַכט אין אַ פיר טעג אַרום, אַרבעטנדיק צו פיר שעה אַ טאָג... האָט ער זיך אויך געוואונדערט:

— אַזוי שנעל...

אָבער באַצאָלט האָט ער גלייך און נאָך מיט אַ צופרידענעם שמייכל. עס איז געווען דאָס ערשטע ווערקל, פאַר וועלכן ער האָט געצאָלט מזומן האָנאָראַר און ניט איבערגעדריקט פון מאַטריצן... עס האָט אים אַליין הנאה געטאָן, ער האָט זיך געפילט, ווי אַ שטיקל גייסטיקער שותף צו לונקעוויטשן און צו מיר.

באַלד איז אָבער אַרויסגעקומען צווישן אונז אַ אַמפּערן וועגן נאָמען. ער האָט דווקא געוואָלט, אַז עס זאָל זיין געדרוקט אויפן טיטלבלאַט „איבערזעצט פון אברהם רייזען" אַלס אַ סגולה, אַז די איבערזעצונג איז גוט... האָב איך טאַקע דערפאַר מורא געהאַט. האָט מען זיך געדונגען און עס איז געבליבן, אַז עס זאָלן זיין בלויז אונטערגעשריבן מיינע איניציאַלן אַ. ר.

האָט שוין לידסקי אויך נאָכדעם אָפּגעקויפט ביי הלל וויכנין דעם פריער שוין דערמאָנטן מאַנוסקריפּט „דער זיידע צייט", איבערזעצט פון רובאַקינס „דיעדושקאַ ווערמיאַ". און א. ברעסלער, וואָס האָט פאַרמאָגט באמת אַ גרויסע ליידנשאַפט צו בילדן די מאַסן און האָט מיט ליבע געשריבן, איבערזעצט, פּאָפּולאַריזירט און אַרויסגעגעבן אייניקע פּאָפּולערע וויסנשאַפטלעכע ביכלעך, וואָס זיינען שפּעטער אויך אַריינגעפאַלן צו לידסקין, אין פאַרלאַג „פּראָגרעס" — האָט שוין איבערגעזעצט די קולטור־געשיכטע אַ פּאַרקירצטע פון נאָטאָוויטש — נאָך אין מער קיצור... אויך האָט דער זעלבער א. ברעסלער געמאַכט אַ קיצור פון באָקלס „געשיכטע פון דער ציוויליזאַציע אין ענגלאַנד"... מ'קען ניט זאָגן, אַז דער סטיל פון אַ. ברעסלער איז געווען זייער אַ לייכטער; אַוודאי איז דער אינהאַלט געווען לייכטער ווי ברעסלערס דעמאָלסטיקער סטיל, אָבער די דאָרשטיקע מאַסן האָבן זיך געקוויקט מיט די אַלע הילצערנעברידיקע איבערזעצונגען און לידסקי אַליין האָט געשעפּט טאָפּלטן נחת: אי ער בילדעט דאָס פאָלק, אי ער מאַכט געשעפט... מען מוז אָבער צוגעבן, אַז אַלס פּריוואַטער פאַרלעגער איז ער געווען אַ אידעאַליסט, ניט נאָר אַ פּראָגרעסיסט, נאָר טאַקע אַ סאָציאַליסט. דערצו האָט ער אין יענער צייט פיל בייגעטראָגן דער אַרבעטער־באַוועגונג מיט אַריבערברענגען אומלעגאַלע ליטעראַטור פון אַמעריקע פאַר די פירער און אויך פאַר די אַנטוויקלטע אַרבעטער... ער האָט אויף פאַרשיידענע וועגן דאַן טראַנספּאָרטירט פון אַמעריקע גאַנצע קאַסטנס מיט דער דעמאָלסט ריין סאָציאַליסטישער „צוקונפט". צווישן די אומלעגאַלע ביכער פון אַמעריקע איז אויך געווען אַ ביכעלע לידער — פון די ערשטע זאַמלונגען — פון מאָריס ראָזענפעלד, און טאַקע אַדאַנק יעקב לידסקין האָב איך אַליין זיך באַקענט מיט מאָריס ראָזענפעלדן אַלס רעוואָלוציאָנערן און אַרבעטער־פּאָעט; די עטלעכע לידער, וואָס כ'האָב געקענט פון ראָזענפעלדן דורכן „יוד", זיינען געווען דווקא דער היפּוך צו די לידער, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין יענעם ערשטן ביכעלע... אמת, אויך די לידער פון מאָריס ראָזענפעלד אין „יוד" האָבן ניט נאָר מיך, נאָר אויך פּרצן, נאָמבערגן און אונזער גאַנצן ליטעראַרישן קרייז

דעמיאָלסט באַגייסטערט מיט דער גרויסער פּאָעטישער קראַפט, מו-
זיקאַלישקייט און פאָרנעמען קלאַסישן טאָן, וואָס אין דער יידישער
פּאָעזיע ביז ראָזענפעלדן איז עס געווען אַ זעלטנהייט, ניט רעכענענדיק
אייניקע לידער פון א. וואַלט, וואָס זיינען שוין אין יענער צייט
געווען פאַרעפנטלעכט אין „יוד" צי דורך אים, א. ליעסין אַליין,
צי דורך זיינע פריינד... (פון גרויסן יהואש האָט מען אין יע-
נער צייט אין וואַרשע ניט געהערט, הגם ביי פרצן אין הויז האָט
מען גערעדט וועגן אים אָפט און טיילווייז געוואוסט, אַז אין זיין
נייער היים שאַפט ער וואונדערלעכע לידער און פּאָעמען).

* *
*

אין וואַרשע האָט זיך יענעם ווינטער די ליטעראַרישע משפּחה
פאַרגרעסערט. אויסער דעם קריטיקער בעל-מחשבות, וואָס איז שוין
געוואָרן אין וואַרשע אַ תּושב, איז צוגעקומען אַ יונגער שרייבער,
ליפּמאַן לעווין. דער דאָזיקער ליפּמאַן לעווין איז געקומען פון גאָרקי,
אַ שטעטל פון מאָהילעווער גובערניע, פון זעלבן שטעטל, פון וועלכן
עס שטאַמט דער באַרימטער נאָוועליסט ז. ליבין און דער באַקאַנ-
טער עקאָנאָמיסט, ז. ליבינס ברודער, ד"ר ח. ד. הורוויץ. ליפּמאַן
לעווין איז אָנגעקומען מיט שטורעם... ניט קיין שעמעוודיקער, ווי
איך, בשעתו, און ווי אַנדערע יונגע אין יענער צייט, נאָר פאַרקערט —
אַ מוטיקער. אַפילו אַ צו מוטיקער. פול מיט גלויבן אין זיך און
אין זיין טאַלאַנט, האָט ער מיט זיין גאַנצן שטעל און האַלטן
זיך — געפאָדערט אָנערקענונג...

דעם ערשטן שבת, געדענק איך, ווען ער איז געקומען צו פרצן
אין הויז און האָט פאָרגעלייענט אַ מאָנאָלאָג „דער אוצר" — און פאָר-
לייענענדיק האָט ער געקענט — האָט ער געמאַכט אַ גרויסן רושם
סיי אויף פרצן, סיי אויף נאָמבערגן און אַפילו אויף מיר, הגם
מיר איז „דער אוצר" געווען ווייניקער געפעלן. עס איז געווען אַ
מין נאָכאַמונג פון דוד פינסקיס ערשטע מאָנאָלאָגן, ווי „געשלאָגן
אַ טאַטן" און דאָס גלייכן טענדענציעזע פּסיכאָלאָגישקייטן, פון
וועלכע פינסקי האָט צום גליק זיך מיט דער צייט באַפרייט. ליפּמאַן
לעווין איז געווען (און נאָך אפשר איצט אויך) פול מיט אַמביציעס,

ער האָט זיך געוואָלט שאַפן באַלד אַ ליטעראַרישע קאַריערע. בעל־מחשבות האָט טאַקע אין אים געזען אַ צוקונפטיקע גרויסע ליטעראַרישע קראַפט און האָט אים די ערשטע צייט שטאַרק פּראָטעזשירט. אויך פּרץ האָט אים אויפגענומען פריינדלעך, הגם פאַר פּרצן איז זיין האַלטן זיך און זיין שאַרפער רוסישער אַקצענט מיט די אַלערליי רוסישע חנדלעך, וואָס ליפּמאַן לעווין אַלס יידיש־רוסישער אינטעליגענט האָט איינגעזאַפּט אין זיך, זייענדיק אַ לאַנגע צייט אין מאָהילעוו צווישן אַ יידיש־רוסישן אינטעליגענטן־קרייז — פאַר פּרצן איז ער געווען אַ ביסל צו רוסיפיצירט... בעל־מחשבות אָבער, וואָס האָט געזוכט נאָך קראַפט, האָט אים די ערשטע צייט געבאַלעוועט, זיך געסטאַרעט, אַז זיין גרעסערע דערציילונג „אַ שטאָלט" (אַ געשטאַלט) זאָל זיין געדרוקט אין „יוד", הגם ד״ר יוסף לוריע איז פון דער דערציילונג ניט נתפעל געוואָרן. זיכער האָט ליפּמאַן לעווין באַזעסן (און באַזיצט, האָף איך, נאָך איצט) אַ שטאַרקן טאַלאַנט. ליידער האָט ער ווייניק געשענקט אויפמערקזאַמקייט דער פאָרם. די טעכניק האָט ער אינגאַנצן מבטל געווען. דאָס האָט אים געשטערט צו ווערן באַליבט ביי די ברייטע מאַסן. פונדעסטוועגן איז ער אַ לענגערע צייט געווען די האָפענונג פון דער נייער יידישער ליטעראַטור און האָט זיך געציילט אַלס איינער פון די דעמאָלסטיקע פיר יונגע בעלעטריסטן, אין וועלכע עס זיינען אַריינגעגאַנגען נאָמבערג, אַש און נאָך איינער...

דערפאַר אָבער איז ליפּמאַן לעווין געווען אַ נייטיקער קאָלעגע פאַר אונז, באָהעמען. ער איז געקומען ניט אַליין, נאָר מיט זיין יונגער, ליבלעכער, געבילדעטער פרוי; „גיטעלע" האָבן מיר זי מיט ליבשאַפט גערופן. און אַז מיר פלעגן זיך אַמאָל, איבערהויפט איך און נאָמבערג, וועלן אָנוואַרעמען מיט היימישער סביבה, פלעגן מיר אין אָוונט אַריינפאַלן צו ליפּמאַן לעווין, אָדער טאַקע צו דער גוטער, שוועסטערלעכער גיטעלען. זי פלעגט אונז אויפנעמען זייער פריינדלעך, כאָטש מיר פלעגן אָנמאַכן אַ גרויסן טומל, און אַמאָל אויפוועקן זייער קינד, וועלכעס איז שוין אין וואַרשע געבוירן געוואָרן. ליפּמאַן לעווין, אַליין אויך פון דער נאַטור אַ גוטער, אַ מכניס־אורח, פלעגט אָבער ניט אַלע מאָל וועלן ליידן

אונזער טומלען, פלעגט ער זיך בעטן: שטילער. אַמאָל פלעגן מיר שוין עסן ביי אים וועטשערע, וואָס גיטעלע האָט מיט גרויס בריה־שאַפט אויסגעמאַרקירט, אַז עס זאָל זיין גענוג פאַר אַלעמען. אַמאָל פלעגן מיר קומען שוין מיט פאַרטיקע שפּייז — אַפילו אַ הערינג אַרויפברענגען — און גיטעלע פלעגט שוין פאַר אונז מאַכן טיי און צושמייכלען צו אונז מיט איר ליבלעכן שמייכל.

דערצו האָט גיטעלע, אַלס אינטעליגענטקע, אַ געוועזענע קור־סיסטקע, געהאַט שיינע חברטעס. איינע פון זיי, פריילין אייגער, טאַקע אַן אייניקל פון ר׳ עקיבא אייגער. איז געווען אַ וואונדערלעכע שיינהייט, שטאַרק ווי אַ פאַלמע און אויגן — גרינע, ווי בורשטין, און אַ בליק אַ שטאָלצער. האָב איך געמיינט, אַז ר׳ עקיבא אייגערס אַן אייניקל איז דאָך אַוודאי באַהאַוונט אין אַלע מיינע און נאָמ־בערגס דערציילונגען און לידער. האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט, אַז זי רעדט אַפילו קיין יידיש ניט און וועגן פאַרפירן אַ באַקאַנטשאַפט איז אויך ניט געווען צו האָפן, ווייל גיטעלע האָט מיר פאַרטרויט אַ סוד, אַז ר׳ עקיבא אייגערס אוראייניקל האָט שוין אַ חתן אַ סטודענט אין וואַרשע און דעם חתנס פאָטער איז אויך אַ יחסן, להבדיל: ער איז אַ דיאַקאָן ערגעץ אין אַ רוסישן קלויסטער אין טאַמבאָוו, צי אין סאַמאַרע... און עס איז אַ סברה, אַז דעם דיאַקאָן שטייט ניט אָן דער שידוך... האָט עס מיר דעמאָלסט שטאַרק אַמוזירט און אפשר נאָך שטאַרקער פאַרדראָסן.

אָבער אין אַלגעמיין איז ביי ליפּמאַן לעווינען אין צימער גע־ווען אַ פאַרגעניגן צו פאַרברענגען. און דער צימער איז געווען אַ גרויסער און אַ שיין־אויפגעקליבענער, מיט אַ ווייכער סאָפע. די דאָזיקע סאָפע פלעגט נאָמבערג נאָכן אַריינקומען, אָדער נאָכן אַריינפאַלן, פאַרנעמען פאַר זיך, אויסציענדיק זיך אויף איר מיט זיין גאַנ־צער לענג, און ער פלעגט אַלע מאָל רימען, ווי פּרצעס „העלד" אין דער באַרימטער דערציילונג „הכנסת־אורחים":

— אַ וואוילע קאַנאַפּע...

אַ גליק, וואָס נאָמבערג איז געווען דאַן ווי אויף קוועק־זילבער, אַ רירעווודיקער, און לאַנג אײנליגן ניט געקענט, זיך אויפגע־שטעלט און געגעבן פלענער, אידעען, ווי אַזוי צו פאַרברענגען...

פלעגט גיטעלע גאָר אַמאָל אָנהייבן זינגען. די אמתע רוסישע לידער פול מיט בענקשאַפט.

דעם זעלביקן ווינטער איז דורך ווארשע דורכגעפאָרן אַ מיידל צו שטודירן אין דער שווייץ, און דאָס מיידל איז געווען גיטעלעס אַ חברטע נאָך פון דער היים, פון גאָרקי. דאָס דאָזיקע מיידל האָט פאַרמעגט אַזוינע אויגן, וואָס באַשרייבן איצט איז מיר שווער. זאָגן וואונדערלעכע אויגן, וויל איך זי ניט באַליידיקן מיט אַזאַ שאַבלאָנער באַצייכענונג. אירע אויגן האָבן געקוקט אַזוי פאַרטרוימט און אין דער זעלבער צייט אַזוי קלוג, אַז איך און אַפילו נאָמבערג האָבן זייערע בליקן ניט געקענט גלייכגילטיק באַגעגענען... דערצו איז דאָס מיידל געווען אַ זינגערין און צווישן אַלע אירע לידער האָט זי געזונגען אַ רוסיש ליבע-ליד, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן, ווי איך געדענק:

אווו דרעוווניע אַלעכאָווקע...

און יעדע סטראָפע האָט געהאַט אַ זונדערבאַרן רעפרעין, וואו די מעלאָדיע איז נאָך טיפער און טרויעריקער געוואָרן:

טישע, זאַמאָלטשי,
ניטשעוואָ ניע גאָווארי.
העי, נו — טפררו!...

דאָס מיידל איז אין אַ וואָך אַרום אַוועקגעפאָרן, אָבער דאָס לידל מיטן רעפרעין „ניטשעוואָ ניע גאָוואָרי“ איז פאַרבליבן אַ לאַנגע צייט ביי אונז, און ביי גיטעלען אין צימער פלעגט מען עס זינגען אין כאָר; גיטעלע פלעגט אָנהייבן, ליפמאַן לעווין האָט צוגעהאָלפן, די איבעריקע פלעגן אונטערכאַפן און נאָמבערג פלעגט שיר ניט פאַרגיין זיך אין עקסטאַז און ציען מיט געפיל, אַלץ נידעריקער און נידעריקער די טענער פון רעפרעין:

— טישע, זאַמאָלטשי,
ניטשעוואָ ניע גאָוואָרי...

און דערפון איז ביי נאָמבערגן געוואָרן אַ ליד, וואָס איר גע-בורט האָב איך אַליין ביגעוואוינט באַזוכנדיק אים אין זיין צימער —

ער האָט דעמאָלסט געוואוינט באַזונדער — און האָב נאָך צוגע-
האָלפן מיט אַ פּאָר ווערטער, וואָס איך האָב אַריינגעזאָגט:

קען איך דען פאַרשטיין,
וואָס דאָס איז מיט מיר,
וואָס מיין שטאָלצן קאָפּ
בויג איך איין פאַר דיר.

דאָס ליד און נאָך איינס — שוין געווידמעט אַן אַנדער מיידל — האָב איך אין אַ פּאָר יאָר אַרום אָפּגעדרוקט אין מיין זאַמלבוך „יאָהרבוך פּראָגרעס". אמת, קיין האָנאָראַר האָט נאָמבערג פאַר זיי ניט פאַרלאַנגט. דערפאַר אָבער האָט אַ העברעישער קריטיקער, וואָס האָט דעם זאַמלבוך מיט שנאה אַרונטערגעריסן, נאָמבערגס צוויי לידער זייער שטאַרק געלויבט...

* * *

פאַרגרעסערט די ליטעראַרישע משפחה, האָט זיך אויך פאַרגרעסערט אונזער איינפלוס אויף דער יידישער אינטעליגענץ און טיילווייז אפילו אויף דער יידישער געלט-אַריסטאָקראַטיע. פּרץ, וואָס האָט געדאַרשט נאָך טעטיקייט, האָט ביי די ליטעראַרישע אינטימע אָוונטן פאָרגעלייגט צו גרינדן „אַ קאַסע פאַר ליטעראַטן". אַזאַ קאַסע וואָלט די רוסישע רעגירונג ניט דערלויבט. איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז די קאַסע זאָל זיין אין געהיים. פאַר מוסרים האָט מען דאַן קיין מורא ניט געהאַט.

וואו-זשע וועט מען אָבער נעמען אויף אַ „פאָנד" די ערשטע סומע? האָט ווידער פּרץ אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן וועגן אַ באַל פון שרייבער. און דער באַל זאָל פאָרקומען פּורים. וועט עס הייסן אַ „שרייבער-באַל" און אַ פּורים-באַל...

דער באַל דאַרף זיין אויף אַ גרויסן מאַסשטאַב — אַ בילעט צוויי רובל און פאָרקומען זאָל דער באַל אין אַריסטאָקראַטישן פּוילישן זאַל „שווייצערטאַל", אין דער אַריסטאָקראַטישער אויאַזדאָווסקער אַלעע... די שרייבער אויפן באַל באַקומען אויסצייכענונגען. יעדער שרייבער וועט טראָגן אין לאַץ אַ פעדער.

דער פּלאַן איז געווען גראַנדיעז. עס איז פֿאָרגעלייגט געוואָרן אַ פּראָגראַם מיט לעבעדיקע בילדער, וואָס איינער אַ מאָלער, מיט דעם נאָמען קונאָ, אַן אַסימילירטער ייד, אָבער פֿרעצעס אַ גרויסער פֿאַרערער, זאָל עס אויסשטאַטן. איך האָב אויך געדאַרפֿט אָנטייל נעמען אין פּראָגראַם. דאָס בילד האָט געדאַרפֿט פֿאָרשטעלן דעם קאַפּיטל פֿון יחזקאל וועגן די עצמות היבשות.

עס האָבן זיך געגרייט צום באַל אַלע דעמאָלסטיקע שרייבער. אָבער די אמתע מחותנים זיינען געווען מיר, די יונגע. מיר, איבערהויפּט איך און נאָמבערג, פֿלעגן אַ פּאָר וואָכן נאָכאַנאַנד אַלע טאָג קומען צו פּרצן העלפֿן אים אין דער אַרבעט. פּרץ איז געווען שטאַרק פֿאַרהאַוועט, ווי אַ יונגערמאַנטשיק, אַפילו זיך עוסק געווען מיט די בילעטן. מיר האָבן אים בלויז געהאָלפֿן שטעמפּלען זיי און לאַכנדיק האָט ער געוואָרנט, אַז מיר זאָלן זיי ניט גנבענען... און הגם איך האָב אַ בילעט באַקומען פֿריי, האָב איך דאָך צוויי טאַקע גענומען אַליין. און אַז פּרץ האָט איבערגעציילט און עס האָט געפֿעלט, האָב איך זיך גלייך מודה געווען פֿאַר אים, האָט ער שוין אַ יום־טובדיק שמייכלענדיקער זיך אָנגערופֿן:

— פֿאַרוואָס אַזוי ווייניק, האַ?...

און מיך אָנגעקוקט וואוילוונגעריש מיט זיינע גרויסע, קלוגע, שטראַלנדיקע אויגן...

אַז עס איז אָנגעקומען דער טאָג פֿון באַל, האָב איך זיך געפֿילט אין אַ גוואַלדיקער געהויבענער שטימונג. באַקומען אַן אַוואַנס צי ביי לידסקין, צי ביים „יוד" עטלעכע רובל און גענומען אויף פּראָקאַט אַ שוואַרצן אָנצוג, וואָס דער ראָק האָט געהאַט אַזוינע פֿאַרשניטענע פּאָלעס, אַז איך האָב לאַנג זיך געיִשובֿט, צי איך זאָל עס אָנטאָן. אָבער דער געזעץ איז געווען — אמת, ניט פֿון פּרצן, נאָר פֿון די איבעריקע מאַכער פֿון באַל — ציוניסטישע סטודענטן — אַז מען מוז קומען נאָר אין אַזאַ מין אָנצוג, איז קיין ברירה ניט געווען. וועמען איך האָב אַוועקגעגעבן די צוויי „געגנבעטע" בילעטן, געדענק איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז געקומען אויפֿן באַל בין איך אַליין. דער סטודענט סירקין — שפּעטער אינזשעניער סירקין, — וואָס האָט זיך שוין געפֿונען ביים אַריינגאַנג פֿון זאַל, און וועלכער

האָט מיך געקענט פון פרצעס היים (ער פלעגט אויך אָנטייל נעמען אין די אינטימע ליטעראַרישע אָוונטן), האָט מיך באַטראַכט ווי אַן אָפּוציר באַטראַכט אַ סאָלדאַט פאַר אַ „סמאָטר"; געזען, אַז איך בין אין אָרדענונג, האָט ער מיר אין „קלאַפּע" אַריינגעשטעקט אַ פעדער אַזאַ, די עמבלעם פון מיין הויכער פּראָפעסיע, און האָט מיר, אַ יום־טובדיק־שמייכלענדיקער, אַליין אָנגעטאָן אין זיין רייכער סטודענטי־שער יום־טובדיקער אוניפאָרם, דעם סורדוט מיט די גאָלדענע קנעפּ און די הויזן מיט די רויטע פּאַסן, געשיקט טיפער אין זאַל, וואו דאָס גרויסע, רייכע פּובליקום האָט זיך שוין טיילווייז געזאַמלט.

אָבער דאָ ביים אַריינגאַנג איז נאָך אַלץ ניט געווען גלאַט. אָרעמע סטודענטן און סתם אָרעמע אינטעליגענטן, מאַנכע האָבן מיך שוין געקענט פּערזענלעך, האָבן געוואָלט אַריינגיין און ניט געהאַט קיין בילעטן און האָבן ניט געקענט צאָלן דעם פולן פּרייז אָדער גאָרניט געקענט צאָלן...

האָב איך אָנגעהויבן אַריינלאָזן אָן בילעטן.

— גייט אַריין, געזונטערהייט... — אַזוי האָב איך אַריינגעלאָזט ביי אַ צוואַנציק מאַן...

האָט דאָס באַמערקט איינער פון די טוער, לעוויטעס, אויך אַ סטודענט אין יענער צייט, אַ פייערדיקער ציוניסט, האָט ער מיר שטרענג אויסגערעדט. דעם דאָזיקן לעוויטעס האָב איך ניט איבעריקס ליב גע־האַט. ער איז געווען צופיל בורזשואַ פאַר מיר, האָב איך אים נאָך שטרענגער אָפּגעענטפערט. אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט און עס איז אַרויס אַ קריג.

— איך וועל אייך הייסן אַרויספירן! — האָט ער געסטראַשעט, אַ בייז־אויפגערעגטער...

דאָס האָט מיך נאָך שטאַרקער אויפגעבראַכט. עס איז אינ־גאַנצן מיין שמחה און ער באַליידיקט מיך... אַט דער בורזשואַ. צום אומגליק האָט גראָד קיינער ביים אַריינגאַנג פון די מייניקע ניט געוויזן זיך. דערווייל איז צוגעקומען איינער אַ גרויסער גביר, לוריע, אויך אַ ציוניסט, וואָס איך ווייס ניט, וואָס פאַר אַ מחותן ער איז געווען מיט שרייבער, דאָך איז ער אויך געווען פון די הויפּט־מאַכער... איך בין זיך מודה, אַז דעמאָלסט, אין יענער מי־

נוט, בין איך אויף פרצן געווען זייער בייז, וואס ער נעמט אריין אין אונזער סביבה אזוינע ווילד־פרעמדע, וואס האבן מיט דער יידי־שער ליטעראטור ניט נאר נישט צו טאן, נאר זיינען אין געוויסן זין אונזערע שונאים. דער דאזיקער גביר לוריע, וואס האט יא גע־וואוסט, צי ניט געוואוסט מיין „יחוס", איז זיך מיט מיר באגאנגען נאך גרעבער, נאך ברוטאלער, האט מיך געסטראשעט מיטן „גאראָ־דאוואי", וואס האט זיך געפונען ביים טיר. איך האב דערפילט, אז איצט בין איך דער שוואכערער, אבער קיין וועג צוריק איז שוין ניט געווען. איך האב באשלאסן בארדאי פארלאזן דעם באל, אבי דאס הארץ אויסצוקילן קעגן די צוויי זאטע און צופרידענע לייט...

און איך האב אויך דעם רייכן לוריע ניט געשוינט.

א גליק, וואס גראד איז אנגעקומען בעל־מחשבות. ער, אי א זייעריקער אי א אונזעריקער, מער אן אונזעריקער, האט זיי דער־קלערט, ווער איך בין, און קוים מיט מי האט ער זיי איינגעשטילט און מיך אריינגעשיקט אין זאל...

האט עס אין מיר אנפאנגס שטארק געזאטן. די גוזיכטער פון די, וואס זיינען געבליבן הינטער דער טיר פון זאל, ניט קענענדיק אריינקומען צוליבן טייערן פרייז פאר א בילעט, האבן געשוועבט פאר מיר מיט די בעטנדיקע בליקן. איך האב זיך קיין ארט ניט געפונען. אן אומרו האט מיך אינגאנצן באהערשט. ענדליך האב איך דערזען אין עולם נאמבערגן, אן אויסגעפוצטן אין א אנצוג ווי מיי־נעם, מיט א קראגן, אריינגעשניטן ביז הויך אין האלז אריין....

— רייזען, וואס דרייט זיך ארום אזוי ווי א נעכטיקער? — האט ער חבריש געלאכט פון מיר.

מיר זיינען ביידע צוגעגאנגען צום רייכן בופעט און אויסגע־טרונקען צוויי גלעזלעך וויין. נאמבערג איז נאך פריילעכער געווארן. איך, וואס בין, ווי נאמבערג, ניט געווען געוויינט צו טרינקען — ביי מיר איז דאס געווען דאס צווייטע מאל וויין טרינקען, נאך פרצעס באנקעט צו זיין יובילוי — בין שוין געקומען צו זיך. אויסגעגאסן מיין הארץ פאר אים אויף די בורזשויען — האט ער מיר געמוסרט, אז איך בין געווען ניט טאקטיש און אז בילעטן איז ניט מיין געשעפט צו טיילן...

אַזוי צי אַזוי, איך בין פריילעכער געוואָרן. איך בין אַריין אין טאַנצזאַל. ערשט עס איז שוין פול. פאַרשיידענע מאַסקן האָבן פאַרבייגעשוועבט און צוגערופן לוסטיק און צווידייטיק. פיל פאַרלעך האָבן שוין געטאַנצט אין דעם געוואַקסטן, גלאַטן שפּיגלדיקן „מיט" פון רייכן זאַל... ביי די זייטן אויף די שטולן זיינען געזעסן די עלטערע געסט, די מכובדים. עס רוישט זייד. שלום אַש פאַרשטעלט אַלס אַ וואוילער יונג פון „קוילערגעסל" בלאָנקעט אַרום... מאַטילדע, וואָס איז שוין געווען זיין „אויסגעוויילטע", קוקט אים אָן מיט שרעק און צעווײנט זיך שיר ניט...

— שלומשי, ווי אַזוי האָסטו זיך פאַרשטעלט?...

איך בלאָנקע אַרום צווישן שיינהייטן, וואָס פאַרנעמען דאָס אויג. און אָט טרעף איך אָן צוויי שוועסטער, אַננאַ און מאַיקע בוכוואַלד, וואונדערלעכע בלאָנדינקעס און יידישע, מיינע און נאָמבערגס נאָענטע באַקאַנטע. אַליין פון אוקראַינע, האָבן זיי שוין אָבער איינגעזאַפּט אין זיך דאָס שענסטע פון דעם וואַרשעווער שיק און גראַציע. אַננאַ, מיט די פריילעכע, לאַכנדיקע גרויסע, בלויע אויגן, אַ גראַציעזע, הגם ניט קיין הויכע, טאַנצט אַ וואַלצער מיט אַ פרעמדן יונגנמאַן. טאַנצן קאָן איך ניט, אָבער איך פיל, ווי מיך הייבט פון אָרט. איך מוז טאַנצן, איז ניט קיין וואַלס, איז צוזאַמען מיט אַלעמען אַ קאַרעהאָד, אַ דריידל, ווי אין דער היים. איך קום צו צו די מוזיקאַנטן, אַ פאָר קענען מיך, דערצו זאָג איך צו אַ מתנה— און האָב טאַקע שפּעטער זיי געגעבן אַ מנה־יפה — שפּילט, קלעזמער, עפּעס יידישעס, אַ פריילעכס, אַ קאַראַהאָד!...

באַלד האָט זיך די מוזיק אָפּגעהאַקט. די טאַנצנדיקע פאָרלעך האָבן זיך פאַרדרימלעך אומגעקוקט צו די מוזיקאַנטן. די לעצטע אָבער האָבן אַ קלאַפּ געטאָן אַ יידישע האָפּקע.

עס האָט זיך גלייך געשלאָסן אַ ראָד...

איך בין צוגעגאַנגען צו אַננען און זי אָנגענומען ביי די הענט.

— טאַנץ! — האָב איך באַפוילן.

און איך האָב זיך אַוועקגעלאָזט מיט איר אַליין אין מיטן פון קאַראַהאָד אין אַ כאָלאָ־טאַניץ...

און דער קאַראַהאַד איז געוואַקסן און קילעכדיקער און ברייטער געוואָרן. עס איז געוואָרן אַ געמיש פון פּאָרלעך. דער גאַנצער זאַל האָט באַלד באַקומען אַן אַנדער כאַראַקטער, אַ פאָלקסטימלעכן, אַ פריידיקן און אַן אָנזאָג אויף עפּעס און אַ רוף צום פאָלק.

און איך מיט איר אינמיטן אַ פאָלקס-טאַנץ אין עקסטאַז.

נאָכן טאַנץ איז צו מיר צוגעלאָפן בעל-מחשבות. זיינע אויגן האָבן געשטראַלט פאַר אַנטציקונג:

— רייזען — האָט ער מיט התפעלות אויסגערופן — איך האָב אייך היינט שטאַרק ליב באַקומען.

און איך האָב זיך דערפילט, ווי אַ זיגער...

---

# פירּאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

זייטיקע אַרבעט. — איך שרייב אַדרעסן. — פאַרריכט מאַנו־סקריפּטן. — פון אַ ליבעראַל אַ סאָציאַליסט. — „די יודישע פאַמיליע״. — מ. ספּעקטאָר אַלס רעדאַקטאָר. — דוד פרישמאַנס התפעלות. — די צווייטע וואָכנשריפט „די פאָלקסצייטונג״. — דער פאַרלאַג „תושיה״. — א. ל. יאַקובאָוויטש. — אונזער קורס הייבט זיך. — דער „הדור״ פון דוד פרישמאַן. — שלום אַש ערשטע דערציילונגען. — די פאַרבעסערטע לאַגע. — די פאַר־בראַקירטע דערציילונג. — מ. ספּעקטאָרס חרטה.

אָפּגעזען דערפון, וואָס סיי אין „יוד״ און סיי אין דער מאָ־נאַטשריפט „די יודישע פאַמיליע״, וואָס דער פאַרלאַג „אַחיאָסף״ האָט, שפּעטער שוין, אָנגעהויבן אַרויסגעבן, אַלס פּרעמיע צום „יוד״ פאַר פיר רובל אַ יאָר, בין איך געווען אַ אָפּטער גאַסט מיט מיינע דערציילונגען און לידער, האָב איך דאָך פון האָנאָראַר אַליין ניט געקענט אויסקומען, און איך האָב געמוזט, איבערהויפּט די ערשטע פּאָר יאָר פון מיין זיין אין וואַרשע, אויסער מיט „לעקציעס״, וואָס איך האָב געהאַט אין אַ פּאָר רייכע הייזער, זיך אויך באַשעפטיקן מיט אַנדערע, אַזוי צו זאָגן, זייטיקע אַרבעטן. אַזוי, למשל, האָב איך איינמאָל קומענדיק אין „יוד״ נאָך געלט, וואָס לויטן חשבון פון בוכהאַלטער כהן האָט מיר ניט געקומט, באַקומען פון אים אַ פאָרשלאָג צו פאַרדינען אַ פּאָר רובל דורך איבערשרייבן אַדרעסן. דער האָנאָראַר פאַר די אַדרעסן שרייבן איז שוין ניט געווען פון שורה, נאָר פאַר הונדערט אַדרעסן — דרייסיק קאָפּיקעס. פונדעסט־וועגן האָב איך עס מיט פרייד אָנגענומען, געוויצלט זיך איבער דעם פרייז מיט ה׳ כהן און געדונגען זיך אפילו. ער האָט מיר פאַר־זיכערט, אַז איך באַקום דעם העכסטן האָנאָראַר, ווייל דער ריכ־טיקער פרייז פאַר הונדערט אַדרעסן איז 25 קאָפּיקעס, און איך, אַלס טאַלאַנטפולער שרייבער, באַקום מיט פינף קאָפּיקעס מער... דער

דאָזיקער הויכער האָנאָראַר האָט מיך שיר ניט שטאָלץ געמאַכט... איך האָב איבערגעשריבן אין אַ טאָג בײַ אַ טויזנט אַדרעסן און באַקומען בײַ אַ דרײַ־רובלדיקע, האָב איך זיך יענעם טאָג און אויף מאָרגן אַפילו געפילט ווי אַ פּראָלעטאַריער, וואָס שפּייזט זיך מיט דער אַרבעט פון זײַנע הענט, און האָב זיך דערפילט נאָך נעענטער צו דעם אַרבעטער־קלאַס, הגם עס איז אַלץ געווען אַן אינטעליגענטע אַרבעט — שרײַבן, מעג זײַן אַפילו אַדרעסן...

אַ צווייטן מאָל, ווען איך בין געקומען נאָך געלט צום רעדאַקטאָר אַליין, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ער קען מיר גאָרניט העלפן, נאָר אַזוי ווי דער כראָניקער, — דאָס איז געווען טאַקע דער זעלביקער בוכהאַלטער, ה׳ כהן, וואָס האָט אי געפירט די בוכהאַלטעריע פון פאַרלאַג „אַחיאָסף“ אי געפירט אין „יוד“ די וועכנטלעכע כראָניק, ד. ה. איבערגעגעבן די נײַס פאַר אַ וואָך, וואָס דער רעדאַקטאָר האָט פאַר אים אָנגעצייכנט אין אַלערליי רוסישע און דײַטשע צײַטונגען — אַז דער כראָניקער, ה׳ כהן, איז אַוועקגעפאָרן אויף אורלויב, זאָל איך פאַרטרעטן זײַן שטעלע, מאַכן די כראָניק פאַר דער וואָך, און איך וועל באַקומען דערפאַר גאַנצע דרײַ רובל...

די סומע איז געווען קליין, אָבער זי האָט געלאָקט... די טעג, זומערדיקע, זײַנען „געשטאַנען“ שיינע, ליכטיקע. די גערטנער, סיי דער קראַשינסקי־גאָרטן, סיי דער זאַקסישער און סיי די ווייטע גערטנער אין די „לאַזענקעס“, אין די רייכע אַלעען, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן ציען נאָך דער רייכער מאַרשאַלקאָווסקע, זײַנען געווען פול מיט שפּאַצירנדיקע. דער אַרײַנגאַנג אין די גערטנער האָט אַפילו ניט געקאָסט, און מיך, אַלס „דײַטש“ געקליידטן, ניט אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, כאָטש אַ פרעמדער אין לאַנד, האָט מען אַפילו אין יענער צײַט, ווען בײַ די טויערן פון יעדן גאָרטן זײַנען געשטאַנען פּאָליצײַ־לײַט — מיט כבוד אַרײַנגעלאָזן אין זיי. אָבער אַרײַנקומען אין אַ גאָרטן, וואו דאָס לעבן האָט גערופן מיט אַלע חנען און צויבערייען, מיט אַ ליידיקער טאַש, איז געווען ניט אײַנגענעם, מען האָט זיך געפילט, ווי געפאַלן, דערשלאָגן, טראָץ דעם קורצן רעקל און די הויזן איבער די שיך און אַפילו אין אַ ווײַסן קראַגן, און

ניט ווי אַ חסידישער יונגערמאַן אין אַ היטעלע און אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, וואָס האָט געמעגט זיין דער רייכסטער אַליין, צי אַ זון פון דעם רייכסטן, האָט לויט אַלטע געזעצן אין אַזאַ גאָרטן ניט געקענט אַריינגיין.

און אַפילו ניט אין די גערטנער, וואו אין מאַנכע האָט מאָזיק געשפּילט, איז אין די שיינע זומערדיקע טעג און אָוונטן אויך געווען וואו צו גיין פאַרברענגען, צי אַליין, צי מיט נאָמבערגן, און שפּעטער שוין מיט אַשן און אַפילו גאָר שפּעטער מיט גרשון שאָפּמאַן, וואָס איז שוין אין יענער צייט אָנגעקומען אין וואַרשע מיט זיין ליבן חנעוודיקן שמייכל אויפן קלוגן פּנים און מיט אַ צענדלינג העברעישע סיפּורים, וואָס דער פאַרלאַג „תושיה“ האָט געזאָלט אַרויסגעבן (און שפּעטער טאַקע אַרויסגעגעבן) און דער האָנאָראַר האָט געדאַרפט אָנטרעפן אַזש אַ הונדערטער... און שוין גאָר שפּעטער, אין אָנהייב פון 1901, פלעג איך אויך שפּאַצירן מיט גניעסינען, דעם אייניגענעם-אומעטיקן שווייגער, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַלערליי וויזיאָנען און חלומות...

האָב איך זיך אָנגענומען אויך צו מאַכן די כראָניק — פאַר דריי רובל.

מיטגענומען אין מיין קליין צימערל — איך געדענק שוין ניט, וואו איך האָב דאַן געוואוינט — די אַלערליי מאַטעריאַלן פאַר דער כראָניק, די רוסישע „נאָוואָסטי“, די דייטשע „נייע פרייע פּרעסע“, דעם „וואָסכאָד“ און אַנדערע צייטונגען און זיך אַוועקגעזעצט איבערזעצן אין יידיש פון יעדער צייטונג די מיט אַ רויטן בליישטיפט אָנגעצייכנטע וויכטיקסטע נייס. פון „נאָוואָסטי“, געדענק איך, האָב איך געמוזט איבערזעצן אַ טרוקענעם צירקולאַר פון אַ מיניסטער וועגן יידישע רעכט... איך האָב זיך אָפּגעגאָסן מיט שווייס ביי דער דאָזיקער אַרבעט... עס איז געווען אַ ליכטיקער טאָג, און די ווערטער אַזוינע פינסטערע און אַייז-קאַלטע... און איבערגעבן זיי אויף יידיש האָב איך געמוזט ריכטיק, עס איז געווען אַ צירקולאַר אַזש פון מיניסטער אַליין... יידן האָבן עס געמוזט נייטיק וויסן... אויך פון דער ליבעראַלער „נייע פרייע פּרעסע“, וואָס איז ערשינען אין דער קאָנסטיטוציאָנעלער עסטרייך, אין דער פרייער ווין, איז די נייס געווען

פאַר יידן ניט קיין פריילעכע... און די ווערטער, הגם אין דייטש, שטיקלעך קרובים מיט יידישע ווערטער, האָבן זיך ניט געלאָזט אַזוי גרינג מגולגל ווערן אין יידישע, פאַר דעם „יוד"... איך האָב זיי געמוזט שלעפּן מיט גוואַלד...

די נייס פון „וואָסכאָד" זיינען שוין געווען ליכטער און פריי־לעכער, דערפאַר אין דער ציוניסטישער „בודושטשנאָסט" האָט זיך געטאָן חושך, כאָטש נעם און פיר אַוועק אַלע יידן פון דער גאַנ־צער וועלט אין ארץ־ישראל...

באַאַרבעט די דאָזיקע כראָניק, אַן אויסגעשעפּטער און אַן איינגעמידטער, בין איך שוין אַרום זעקס פאַרנאַכט געגאַנגען (און אפשר געפאָרן אין טראַמוויי אין צווייטן קלאַס און באַצאָלט 7 קאָפּיקעס, אויב איך האָב עס פאַרמאָגט) פול מיט האָפענונגען אין רעדאַקציע פון „יוד".

דער רעדאַקטאָר האָט מיך אַנטפּאַנגען נאָך פריינדלעכער ווי־שטענדיק. אַ פריינדלעכער מענטש בכלל, האָט ער אָבער אויף דער כראָניק אויסגעקוקט די אויגן... דער נומער „יוד" איז שוין געווען צוזאַמענגעשטעלט, האָט שוין געהאַט די דערציילונג, דאָס ליד, דעם לייטאַרטיקל און די לעצטע צוויי־דריי מאמרים, געפעלט האָט נאָר די כראָניק, וואָס האָט זיך געדרוקט אינמיטן פון יעדן נומער, אַזוי אַז עס איז געווען דער בריק, וואָס האָט אַריבערגעפירט צו די אַלע „אָפּטיילונגען" פון אַ נומער „יוד"...

ער האָט אַפילו ניט אַריינגעקוקט, צי האָב איך עס ריכטיק געמאַכט... ער האָט זיך שוין אויף מיר פאַרלאָזן... הגם עס וואָלט ניט געשאַדט, ווען ער קוקט יאָ אַריין, ווייל געוויסע „טערמינען" אין דעם מיניסטערס צירקולאַר פון דער רוסישער „נאָוואָסטי" האָב איך זיכער געקאַליעטשעט...

איך האָב געוואַרט אויף מיין האָנאָראַר — גאַנצע דריי רובל, ווייל דאָס איז דאָך ניט קיין קונסט, נאָר אַרבעט, פאַר וואָס מען דאַרף גלייך באַצאָלן און מען דאַרף די שורות, נאָכדעם ווי עס דרוקט זיך אָפּ, ניט איבערציילן.

האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז איך בין אין דער אַדמיניסטראַ־ציע שולדיק געווען אַ סומע געלט, אַ ניט אויסגעצאָלטן צענרובל־

דיקן אַוואַנס... און גראָד ווען איך האָב געבראַכט די כראָניק — אַ שווערן טאָג אָפּגעאַרבעט — האָט מען געפונען אַ פּאַסיקע צייט די שווער פאַרדינטע סומע מיר אָפּצורעכענען פון מיין אַלטן חוב...

איך האָב זיך געאַמפּערט, צוגעזאָגט אָפּצוצאָלן זיי דעם חוב מיט אַ דערציילונג, וואָס איך האַלט אין שרייבן, די דערציילונג געלויבט אין זיבעטן הימל אַריין — עס האָט ניט געהאָלפן — אַ חוב איז אַ חוב! — האָט די אַדמיניסטראַציע געטענהט. דער רעדאַקטאָר אַליין, וואָס וואָלט פון זיין טאַש אפשר באַצאָלט, איז גראָד דאָסמאָל ניט געווען ביי געלט... זיכער, איך האָב אים געגלויבט. ד״ר יוסף לוריע איז געווען פון דער נאַטור אַ גוטער און איידעלער מענטש, און אויך אים, אַלס דאָקטאָר און רעדאַקטאָר, האָבן די בעלי־אַחיאָסף זיך ניט שטאַרק איבערגעצאָלט...

בין איך שוין אַוועק אַהיים צו־פוס אויף זיכער, אויף אַ טראַמוויי אַפילו אויפן דריטן קלאַס — 5 קאָפּיקעס, איז שוין אויך ניט געווען...

אָבער אומגעקומען בין איך דאָך ניט. איך בין אַפילו ניט ברוגז געוואָרן, אויף לאַנג אַוודאי ניט. ווייל אין אַ צייט אַרום — און איך בין שוין דווקא ניט געווען אין אַזאַ נויט — האָב איך שוין, אַלס אַ טובה צו טאָן, ווידער אָנגענומען אַן אַרבעט ביים רעדאַקטאָר.

דאָסמאָל האָט ער זיך שוין אויסגערופן צו צאָלן אַפילו פּאָראוים. אמת, אַלץ ניט מער ווי אַ דרייערל... דאָס איז געווען די העכסטע סומע פאַר אַרבעט...

דאָס איז געווען אַן אַרבעט אַ ליטעראַרישע, וואָס איינגטלעך האָט עס דער רעדאַקטאָר אַליין געדאַרפט טאָן, ווען ער וואָלט געהאַט בעלעטריסטישע פעיקייטן (מיט יאָרן שפּעטער האָט ער טאַקע אין אַ סעריע אַרטיקלען אין „פריינד“ באַוויזן, אַז ער פאַרמאָגט די דאָזיקע פעיקייטן אויך). אָבער ער האָט דאָס ווידער געגעבן מיר. די אַרבעט איז באַשטאַנען אין איבערשרייבן און פאַרריכטן אַ דערציילונג און די דאָזיקע דערציילונג האָט געהערט צו דער פעדער פון אַ וואַרשעווער גביר און אַ כלל־טוער... אַ ייד אַ

ליבעראַלער, הגם אַ ציוניסט, האָט ער אויך פון צייט צו צייט געשריבן אונטער אַ פּסעוודאָנים, פאַרשטייט זיך, אָבער אַלע האָבן געוואוסט, ווער עס באַהאַלט זיך אונטער דעם דאָזיקן פּסעוודאָנים. אַן איינגייער צו פּרצן, האָט דער דאָזיקער גביר און כּלל־טוער אויך אַמאָל עפּעס פאַרעפנטלעכט אין פּרצעס „יודישער ביבליאָטעק"; וואַרשיינלעך איז עס אויך דעמאָלסט דורכגעגאַנגען פּרצעס רעדאַקציע...

געקומען די דערציילונג אַהיים, האָב איך זי איבערגעלייענט און עס האָט מיך געוואונדערט, ווי אַזוי דער ערלעכער ד״ר יוסף לוריע האָט עס בדעה צו דרוקן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז אים איז שווער אָפּצוזאָגן דעם דאָזיקן באַקאַנטן כּלל־טוער, וואָס אַלס מענטש, ווערליג אַ גביר, איז ער געווען אַ גאַנץ סימפּאַטישער. מיך אָבער האָט די דערציילונג אויפגערעגט און שיר ניט בייז געמאַכט, ניט נאָר מיט איר אומגעלומפּערטער פאָרם, נאָר מער מיט איר אינהאַלט. ס'איז געווען עפּעס אַ מעשה וועגן אַ יידן אַ משרת, וואָס דער באַלעבאָס פון אַ רייכן געשעפט האָט אים יאָרנלאַנג געהאַלטן און נאָכדעם אָפּגעזאָגט... דער אויטאָר פון דער דערציילונג, דער כּלל־טוער, האָט זיך כּלומרשט אָנגענומען פאַרן משרת. עס איז אויסגעקומען, אַז אַ משרת איז אויך אַ מענטש. אַז דער כּלל־טוער, דער אויטאָר פון דער דערציילונג, איז געווען אַ ליבעראַל, — איז דאָך אַוודאי פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס ער האָט זיך אָנגענומען פאַר דעם דערשלאָגענעם משרת, און אַפילו אין אַ איידעלער פאָרם כּלומרשט געטאַדלט דעם רייכן באַלעבאָס...

איך האָב די דערציילונג איבערגעשריבן, אַריינקוקנדיק זעלטן אין דער קאָפּיע. איך צווייפל, צי איז אין דער דערציילונג געבליבן צען ווערטער, וואָס האָבן געהערט דעם אויטאָר. פון משרת האָב איך געמאַכט אַ רעוואָלוציאָנער, וועלכער מאַכט אַ שטרייק ביים באַלעבאָס... איך בין, איבערשרייבנדיק, אַריין אין מיין ראָלע, האָב אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז ניט איך בין דער אויטאָר פון דער דערציילונג, נאָר דער ליבעראַל, דער כּלל־טוער... עס איז אַרויס אַ גרעסערע דערציילונג.

געבראַכט צו רעדאַקטאָר, האָב איך באַשיידן די דערציילונג

אים איבערגעגעבן. ער האָט אַ בלעטער געטאָן דעם מאַנוסקריפּט, מיר באַדאַנקט און גלייך באַצאָלט...

אַז די דערציילונג האָט זיך אָפּגעדרוקט (נאַטירלעך אונטער דעם פּסעוודאָנים פון כּלל-טוער), האָט זי געמאַכט אַ גרויסן פוראָר צווישן די אַרבעטער-מאַסן. מ'האָט זיך אַפילו באַנוצט מיט דער דערציילונג פאַר אַגיטאַציאָנס-צוועקן. ניט וויסנדיק, ווער דער אויטאָר איז, האָט מען גערעדט וועגן אַ נייעם פריינד פון די אַרבעטער, וואָס האָט זיך געוויזן אויף די שפּאַלטן פון „יוד"... אייניקע אַרבעטער האָבן אַפילו ביי מיר געפרעגט: ווער איז דאָס דער דאָזיקער... נאַטירלעך, האָב איך דעם סוד קיינעם ניט דערציילט...

דער איינציקער, וואָס האָט געוואוסט דערפון, איז טאַקע געווען דער „אויטאָר", דער כּלל-טוער אַליין. טרעפנדיק מיך אין אַ שבת ביי פּרצן אין הויז, איז ער צו מיר צוגעקומען, אַ העכסט אויפגעבראַכטער, ערגעץ אין אַ ווינקל, אַז קיינער זאָל פונדעסטוועגן ניט הערן — און ביוז אַריינגעבייזערט זיך מיר אין די אויערן:

— ווי אַזוי האָט איר געוואַגט צו מאַכן מיך פאַר אַ סאָציאַליסט?...

— איך האָב אייך אַזוי פאַרשטאַנען, האָב איך זיך פאַרטיידיקט...

— ניין, איך בין ניט קיין סאָציאַליסט, און ביי מיר מאַכט מען ניט קיין שטרייקן...

איך האָב אים געוואָלט עפּעס ענטפערן, אָבער באַלד איז צוגעקומען פּרץ און דער געשפּרעך איז אָפּגעהאַקט געוואָרן.

זינט דעמאָלסט איז ער אַ לאַנגע צייט מיט מיר געווען פון ווייטן, זיך קוים, בלויז פון יוצא-וועגן, געגריסט מיט מיר. שפּעטער האָט ער דעם „פאָרפאַל" קענטיק שוין אינגאַנצן פאַרגעבן — פאָרט האָט אים די דערציילונג — פון מיר אַ באַאַרבעטע, פאַרשאַפט „רום"... זיין פּסעוודאָנים האָט יעדער פון זיינע נאָענטע געוואוסט.

אָבער קיין נאָענטע פריינד זיינען מיר סיי-ווי-סיי קיינמאָל ניט געווען, הגם מיר פלעגן זיך סיי ביי פּרצן, סיי אין די ליטעראַרישע אָוונטן טרעפן ניט זעלטן.

איך גיב אָבער צו, אַז קיין שלעכטער מענטש איז ער ניט געווען. איך בין אַמאָל אַריין צו אים אין זיין רייך געשעפט מיט ליפע נאָוואָגרודסקי נאָך אַ נדבה פאַר אַן אָרעמען פּאָליטישן אַרעסט־רטן — האָט ער די נדבה געגעבן מיט אַ פולער האַנט און מיט גרויס פריינד־לעכקייט.

ער איז דאָך פאָרט געווען אַ מקורב צו פרצן און ער האָט זי־כער פאַרמעגט (און פאַרמאָגט נאָך מסתמא איצט אויך) אַ געוויסע שיינקייט אין זיין נשמה.

* * *

ווינטער, אין אָנהייב פון 1902, איז מ. ספּעקטאָר געוואָרן דער רעדאַקטאָר פון דער שוין פריער דערמאָנטער מאָנאַטשריפט „די יודישע פאַמיליע". דאָס איז געווען דער ערשטער יידישער חודש־זשורנאַל. אַוודאי האָט די דאָזיקע נייע ליטעראַרישע ערשיינונג אַרויס־גערופן אַ גרויסע פרייד צווישן אונז, יונגע שרייבער און בעסערע לעזער. ווער רעדט נאָך, אַז מ. ספּעקטאָר האָט אין זיין איינליי־טונגס־אַרטיקל צום ערשטן העפט אַרויסגעזאָגט, הגם גאַנץ פאָר־זיכטיק, זיין פּאָזיטיווע שטעלונג צו יידיש, ווי צו אַ שפּראַך, אין וועל־כער מען קומט שאַפן נייע ווערטן אד״ג, איז געוואָרן יום־טוב ביי אונז. ביי מיר אַוודאי. איך האָב זיך אויך ניט געקענט באַקלאָגן אויף דער באַציִונג צו מיינע ליטעראַרישע אַרבעטן פון ד״ר יוסף לוריע, וועלכער האָט מיינע דערציילונגען און לידער געדרוקט גערן און ווי ווייט מעגלעך — אָפּט, אָבער ספּעקטאָר איז געווען אַן איי־גענער מענטש און אַליין אַ קינסטלער. פון דער אַנדערער זייט ווידער האָט ספּעקטאָר געפאָדערט דאָס שענסטע און דאָס בעסטע. אַזוי האָט ער טאַקע, ווען ער האָט אָנגענומען די רעדאַקציע פון דער „יודישער פאַמיליע", מיך שמייכלענדיק געוואָרנט:

— רייזען, מיר וועט איר מוזן ברענגען דאָס בעסטע, וואָס איר פאַרמאָגט. און לאַכנדיק פלעגט ער צוגעבן:

— איך בין דאָך ספּעקטאָר!

דאָס האָט ניט געהייסן, אַז ער איז אַ בעל־גאווה, אַז ער

האַלט פון זיך; דאָס האָט ער געמיינט צו זאָגן, אַז ער איז אַ מבין און אים וועט מען ניט „נאַרן“.

די ערשטע זאַכן, וואָס איך האָב אים געבראַכט פאַר דעם ערשטן נומער „יודישע פאַמיליע“, איז געווען אַ דערציילונג „דאָס עיבור־יאָר“ און אַ בילד מיטן נאָמען „קאַלט“. דורכגעלייענט די ערשטע, איז זי אים שטאַרק געפעלן געוואָרן, זיך אַזש אָנגע־צונדן, צוגערופן מאַדאַם ספּעקטאָר און מיט אַ שיינענדיק פּנים איר מיטגעטיילט פון זיין גדולה — אַ שיינע דערציילונג, טאַקע גאָר אַ שיינע!...

„קאַלט“ איז אים שוין ווייניקער געפעלן געוואָרן, האָב איך עס געוואָלט צוריקנעמען...

— ניין, רייזען, צוריק ניט... זיי וועלן אַריין ביידע, האָט ער געשמייכלט... און באַלד זיך פאַרטיפט און זיך אָנגערופן:

— מיר פעלט נאָר אָבער אַ ליד...

האָב איך גראָד געהאַט ביי זיך אַ ליד אויך.

איך האָב עס אים דורכגעלייענט: „אַמאָליקע טעג“...

אויף לידער — אַזוי האָט ער אַליין געזאָגט — איז ער שוין ניט אַזאַ מבין געווען, פונדעסטוועגן האָט ער עס אָנגענומען:

— עס איז אַ שיין ליד... האָט ער געזאָגט... אָבער — האָט ער זיך שוין שיר ניט צעזונגען מיט אַ גמרא־ניגון, ווי אַזוי גיט מען פון איינעם אי צוויי דערציילונגען אי אַ ליד?... עס פּאַסט דאָך ניט...

— זיכער פּאַסט ניט, — גיב איך צו...

פונדעסטוועגן צוריקגעבן דאָס ליד וויל ער ניט. ער וועט זיך שוין אַן עצה געבן.

און גלייך האָט ער אַ פּלאַן:

דאָס ליד זאָל איך אים דערלויבן דרוקן אונטער אַ פּסעוודאָ־נים...

פון פּסעוודאָנימען אונטער לידער האַלט איך ניט. אָבער ספּעק־טאָר בעט זיך כמעט:

— טראַכט עפּעס אויס אַ שיינעם פּסעוודאָנים...

אָפּזאָגן ספּעקטאָרן איז מיר שווער, און איך באַשליס צו געבן אַזאַ פּסעוודאָנים, וואָס אויב ניט יעדער, איז מיינע נאָענטע כאָטש זאָלן דערקענען, אַז דאָס ליד איז מיינס.

— ווי געפעלט אייך א. קאָידאַנאָווסקי?...

א. קאָידאַנאָווסקי? — פאַרטראַכט זיך ספּעקטאָר.

עס געפעלט אים יאָ און ניט... איך ווייס ניט, צי האָט ער געוואוסט, אַז דאָס איז אַ רמז אויף מיין געבורטסשטעטל. ער ווייליקט ענדלעך איין.

האָנאָראַר דאַרף צאָלן די זעלבע אַדמיניסטראַציע פון „יוד", די בעלי-אַחיאָסף. האָט שוין ספּעקטאָר מורא, אַז עס וועט אָנטרעפן אַ פאַרמעגן, גאַנצע דריי זאַכן... ער, אַלס רעדאַקטאָר, איז אַפילו דער גאַנצער באַלעבאָס, אַנדערש וויל ער קיין רעדאַקטאָר קיינמאָל ניט ווערן, פונדעסטוועגן קיין גזלן זיין וויל ער ניט, און ער רעדט מיך איין, אַז מיטן האָנאָראַר זאָל איך זיך לאָזן דינען... אַזוי אַז פאַר דעם ליד האָב איך באַקומען בלויז צו צען קאָפּיקעס אַ שורה — אַ רובל מיט זעכציק קאָפּיקעס, און פאַר די דערציילונגען צו פינף. די „שורות" אין דער מאָנאַטשריפט, וואָס האָט זיך געדרוקט אויף אַ גרעסערן פאָרמאַט, ווי „דער יוד", זיינען גאָרניט מזלדיק...

אָבער נחת האָב איך פון די דערציילונגען געהאַט סיי-ווי-סיי. דוד פרישמאַן אַליין, פון וועמען איך האָב נאָך ביז יענער צייט ניט געהערט קיין גוט וואָרט, אמת, קיין שלעכטן אויך ניט — איך האָב זיך מיט אים בכלל די ערשטע צייט אין וואַרשע זעלטן געטראָפן — פרישמאַן אַליין האָט, באַגעגענענדיק מיך אויפן גרויסן הויף פון טוואַרדע זעקס, וואו דער פאַרלאַג „אַחיאָסף" האָט זיך געפונען, מיך אָפּגעשטעלט, און דער ערשטער אָנגעהויבן:

— יאָ, איך האָב געלעזן אין דער „יודישער פאַמיליע" אייערע צוויי בילדער... דאָס „עיבור-יאָר" איז פאָרטרעפלעך...

זיינע אויגן אונטער די פענסנע האָבן אויפגעלויכטן.

— אָט די אָרעמע פרוי, — באַגייסטערט ער זיך, — ווען זי ערפאַרט, אַז דער חודש אָדר גייט ניט אַריין אין רעכענונג... עס איז אַ געשענקטער חודש... דאָס איז וואונדערלעך. איך האָב געהאַט גרויס פרייד ביים לעזן...

די גוטע מיינונג פון פרישמאַנען האָט מיך אַזוי איבער־ראַשט, אַז דעם גאַנצן טאָג בין איך געווען אונטער דעם איינ־דרוק און זיך געפילט ווי אַ ניי־אַנטדעקטער... בפרט אַז בעל־מחשבות און פרץ האָבן זייער מיינונג ניט געזאָגט וועגן דער דער־ציילונג.

אַ שטאַרקן איינדרוק האָט אָבער געמאַכט מיין דערציילונג „דער גמילת־חסד", וואָס איז אויך געווען פאַרעפנטלעכט אין דער „יודי־שער פאַמיליע" אונטער ספעקטאָרס רעדאַקציע.

געבראַכט אים די דערציילונג, האָב איך זיך געפילט ניט זי־כער מיט איר. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עפּעס פעלט אין איר, און איך האָב נאָך ניט געוואוסט, וואָס אַזוינס... ספעקטאָר האָט זי אויסגעהערט אויפמערקזאַם און האָט זיך אויפגעפלאַמט:

— אַ מייסטערווערק, רייזען... אָבער צו־וואָס, — האָט ער צום סוף געטייטלט מיט די פינגער אויף די לעצטע עטלעכע ציילן, — צו־וואָס אָט די צוגעגעבענע שורות? וואַרפט זיי אַרויס...

איך האָב זיי איבערגעלייענט... אויסגעשטראָכן, און עס איז מיר ליכטיק געוואָרן אין די אויגן. הייסט עס, אַז אין דער דער־ציילונג האָט גאָרנישט געפעלט, נאָר פאַרקערט, עטלעכע שורות אי־בעריקע געווען.

איך האָב זיך גליקלעך צעלאַכט:

— איר האָט מיר געראַטעוועט מיין דערציילונג...

— אַלע מאָל עפּעס אויסמעקן, בעסער איידער צוצוגעבן, — האָט ער אַ צופרידענער געגעבן זיין כּלל.

* * *

דער ערפאָלג, וואָס דער העברעישער פאַרלאַג „אַחיאָסף" האָט געהאַט מיטן „יוד" און אויך מיט דער מאָנאַטשריפט „די יודישע פאַמיליע", האָט ניט געלאָזט רוען דעם צווייטן גרויסן העברעישן פאַרלאַג „תושיה", וואָס איז געגרינדעט געוואָרן ניט פון אַ חברה, ווי „אַחיאָסף", אויף „אַקציעס", נאָר פון אַ פּריוואַטער פּערזאָן, דעם באַקאַנטן בן־אַביגדור (ל. שאַלקאָוויטש) מיט אַ פּאָר שותּפים. —

און אָט האָבן מיר, אין אַ פּאָר וואָכן פאַר פּסח, אין יאָר 1902, דערהערט די בשורה, אַז פאַרלאַג „תושיה" טרעט צו אַרויסצוגעבן אַ וואָכנבלאַט מיטן נאָמען „די פאָלקסצייטונג".

אין פאַרלאַג „תושיה", ניט קוקנדיק, וואָס עס איז געווען ביז דאַן אַ דורכאויס העברעיִשער פאַרלאַג, פלעג איך אָפט אַריינקומען. ערשטנס, איז בן־אַביגדור אַליין געווען אַ פריינדלעכער מענטש און אַ ליבהאָבער פון יידישע שרייבער בכלל. צווייטנס, האָט אין פאַרלאַג „תושיה" געאַרבעט א. ל. יאַקובאָוויטש. דאַן אויך אַ העברעיִשער שרייבער, האָט ער אָבער זיך שטענדיק געטוליעט צו אונז, צו מיר און צו נאָמבערגן. אויך פלעגט מען דאָרט געפינען דעם דעמאָלסט יונגן, קוים פופצניאָריקן ז. שניאורן, וואָס איז אָנגעקומען פון אָדעס מיט אַ הסכמה פון ביאַליקן אַליין און וועלכער האָט שוין פאַרעפנטלעכט אין העברעיִשן קינדער־זשורנאַל פיינע שירים, און אין מאַנוסקריפּט געהאַט נאָך פיל מער פאַר דערוואַקסענע... אין פאַרלאַג „תושיה" איז די אַטמאָספערע געווען אַ פרייערע, ניט אַזוי פאַרציוניסטעוועט, ווי אין פאַרלאַג „אַחיאָסף", און ניט אַזאַ הייליקע, הגם אין פאַרלאַג „תושיה" האָט זיך געפונען אַלס שטענדיקער מיטאַרבעטער דער העברעיִשער דיכטער, שמואל־לייב גאָרדאָן, וואָס איז אין יענער צייט געווען שיר ניט דער יורש פון יהודה־לייב גאָרדאָן. ער איז שוין געווען לויטער לשון־קודש... פון יידיש האָט ער ניט געוואָלט הערן. אָבער אַפילו אַלס קענער פון יידיש איז ער געווען אַן איינגענעמער מיטשמועסער, אַ ליבלעכער שמייכל האָט שטענדיק גערוט אויף זיינע ליפּן. אַפילו צו מיר, אַ קעמפער שטענדיק און אומעטום פאַר יידיש, האָט ער זיך באַצויגן, הגם ווי צו אַ פאַרפירטן, אָבער מיט דרך־ארץ און פריינדשאַפט.

דערצו האָט שוין דער פאַרלאַג „תושיה" דעמאָלסט אָנגענומען צו דרוקן אַ זאַמלונג „סיפורים" פון ה. ד. נאָמבערג, און אַפילו פון שלום־אַש, וואָס דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען געווען איבערזעצט פון יידישן מאַנוסקריפּט. האָב איך זיך שוין אויך געפילט אַלס מחותן אין דעם דאָזיקן פאַרלאַג. שטאַרק צופרידן מיט מיינע חברים, וואָס זיי גיבן אַרויס זייערע יידישע ווערק אין העברעיִש, בין איך ניט

געווען, אָבער פון דער אַנדערער זייט בין איך געווען שטאָלץ, אַז אַ העברעיִשער פאַרלאַג, אויב ער וויל האָבן די ריכטיקע בעלע־טריסטן, מוז ער אָנקומען צו איבערזעצונגען פון יידיש (די ווערק פון י. ל. פּרץ „כתבים נבחרים" אין פיר ביכער זיינען נאָך ער־שינען אין יאָר 1900, אין פאַרלאַג „תושיה", צו זיין יובילײ, אין איין צייט מיט זיין באַנד שריפטן אין יידיש. דער גרעסטער טייל אָבער פון די „כתבים נבחרים" איז געווען געשריבן פון פּרצן אין יידיש, און איבערזעצט געוואָרן פון דעם העברעיִשן שרייבער ישראל שאַף. האָב איך נאָך דאַן זיך געטרייסט, אַז פּרץ איז דאָך אַ שרייבער אויף יידיש, און מ׳גיט אַרויס זיינע ווערק אין העברעיִ־שער איבערזעצונג — כאָטש אויפן שער־בלאַט ווערט דער איבער־זעצער ניט אָנגעגעבן — איז פאַר יידיש אַלץ אַ כבוד...).

* * *

דערהערט, אַז „תושיה" הייבט אָן אַרויסצוגעבן אַ וואָכנבלאַט אין יידיש, איז דאָס אָנגענומען געוואָרן אַלס צייכן פון דעם נצחון פון דער יידישער שפּראַך איבער דער העברעיִשער. און ווירק־לעך איז עס געווען איינע פון די גרעסטע איבעראַשונגען. דער פאַרלאַג „תושיה", וואָס האָט שוין אין יאָר 1901 פאַרמאָגט הונ־דערטער פאַרשיידענע מינים פון פאַרשיידענע העברעיִשע מחברים, פון בעלעטריסטיק ביז לערנביכער, וואָס די לעצטע האָבן דעם פאַר־לאַג רייך געמאַכט — זאָל זיך אַליין אונטערגראָבן דעם פונדאַמענט מיט אַרויסגעבן אַ יידישע צייטונג!... אין העברעיִשן לאַגער איז שוין דעמאָלסט געווען ניט שטאַרק פריילעך. עס איז אין יענער צייט אַפילו ערשינען דורכן פאַרלאַג „אחיאָסף" די העברעיִשע ליטעראַ־רישע וואָכנשריפט „הדור" פון דוד פרישמאַן, און מ׳דאַרף צוגעבן, אַז די איז געווען איינע פון די שענסטע ליטעראַרישע ערשיינונגען אין יענער צייט, אַזוי אַז אַפילו פּרץ האָט ניט געקענט ביישטיין דעם נסיון, ניט צו מיטאַרבעטן אין „הדור", און אייניקע פון זיינע בעסטע פאָלקסטימלעכע דערציילונגען האָט ער איבערגעזעצט פאַר דער דאָ־זיקער וואָכנשריפט, אויך אין אָריגינאַל געשריבן אייניקע גייסטרייכע פעליעטאָנען פאַר איר, צוליבן „הדור" אַפילו נאָך אַ לאַנגיאָריקן ברוגז

גוט־פריינד געוואָרן מיט פרישמאַנען, — אָבער ניט דער „הדור“, און אַפילו ניט די מאָנאַטשריפט „השלח“, וואָס אויך דער פאַרלאַג „אַחיאָסף“ האָט אַרויסגעגעבן אונטער אַחד־העמס רעדאַקציע, האָבן ניט געקענט אינגאַנצן מוטיקן די פריינט פון דער נייער העברעישער ליטעראַטור. עס האָט זיך געמערקט, אַז די צייט אַליין איז אויף דער זייט פון יידיש, אַז דאָס לעבן איז שטאַרקער פון אַלע טעאָריעס, פאַר אַלע אינטעליגענטע סברות.

מיט דעם ערשיינען פון „דער פאָלקסצייטונג“ דורכן פאַרלאַג „תושיה“ איז מיין מאַטעריעלע לאַגע די ערשטע צייט שטאַרק פאַרבעסערט געוואָרן. בעת איך האָב איבערגעגעבן בן־אַביגדורן מיין דערציילונג „דער פאַלשער פערציגער“ פאַרן ערשטן נומער, האָט ער מיר שוין געהעכערט דעם האָנאָראַר, אויך די באַהאַנדלונג זיינע איז געווען מער קאָלעגיאַל, ווי פאַרלעגעריש. דערצו, וואָס מ. ספעקטאָר איז געוואָרן באַשטימט אַלס דער רעדאַקטאָר פון „פאָלקסצייטונג“, האָט אוודאי צוגעצויגן ניט נאָר מיך צו דער „פאָלקסצייטונג“, נאָר אַפילו אַש. אויב איך האָב זיך אויף שלעכטער באַהאַנדלונג אַפילו אין „יוד“, ווען ער איז געווען די איינציקע יידישע וואָכנשריפט, ניט געקענט באַקלאָגן, האָט אָבער שלום אַש, וואָס האָט אין די ערשטע פאַר יאָר מיט זיינע נאָך ניט רייפע דערציילונגען ניט געקענט דורכשלאָגן זיך אַ וועג אין דער יידישער ליטעראַטור, אין „פאָלקסצייטונג“, וואו דער רעדאַקטאָר איז שוין געווען ספעקטאָר, זיך געדרוקט זייער אָפט. ספעקטאָר איז שוין געווען אַ מבין אויף אַזוינע, ווי אַש, און טאַקע אין „פאָלקסצייטונג“ האָט שוין אַש פאַרעפנטלעכט זיינע רייפערע זאַכן, פון וועלכע מ'האָט שוין אַרויסגעזען דעם שפעטערדיקן גרויסן דיכטער.

מיטאַרבעטנדיק אין „פאָלקסצייטונג“, האָבן מיר אָבער אויך ניט אינגאַנצן פאַרלאָזן דעם „יוד“. וואָס אָנבאַטרעפט מיך, האָב איך אַ מער־קינסטלערישע זאַך געטראָגן צו ספעקטאָרן. הגם ספעקטאָר האָט פון מיר אַלץ, וואָס איך האָב אים געגעבן, אָנגענומען מיט פרייד. בלויז איין דערציילונג האָט ער אַמאָל פון מיר פאַרבראַקירט.

— ס'איז עפעס ווי ניט אַיירס — צו שוואַך פאַר איך...

האָב איך עס אַוועקגעגעבן דעם „יוד“. דער רעדאַקטאָר פון „יוד“, האָבנדיק אַ קאָנקורענט בײַ דער זײַט, האָט די דערציילונג, „דער שיכּור“ האָט זי געהייסן, אָנגענומען מיט פרייד. און גראָד האָט די דערציילונג, נאָכדעם ווי זי האָט זיך אָפּגעדרוקט אין „יוד“, אויסגענומען שטאַרק בײַ די לעזער. סקעפּטאָר האָט שוין אויף זיך דאָן „גענומען“ קיינמאָל מיר אַ זאַך ניט צוריקווייזן...

---

# פינפאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

מיינע ניט געדרוקטע לידער; — די בעסטע און די אינטימסטע. — די דרוקעריי פון מאיר־יחיאל האַלטער. — קאָנסטאַנטין שאַפּי־ראָ. — אָרעמע זעצער אין די לאַנגע קאַפּאָטעס. — די הכנעה פאַרן באַלעבאָס. — די דרוק־מאַשין מיט דער ראָד. — דער געלער ייד ביי דער ראָד. — איך העלף דרייען די ראָד. — די פאַרמשכּנטע לידער. — אָן אַ גואל. — איך פאָר אין ביאַלי־סטאָק. — פאַרלאַג „בילדונג“. — אברהם קאָטיק, דער זון פון יחזקל קאָטיק. — זיין ליטעראַרישע פּלענער. — דיקטירט אין רוסיש. — ביאַליסטאָק. — י. ח. ברענער אין ביאַליסטאָק. — דער יונגער בונדיסט ראַפּאַלאָווסקי. — אַ קוועקזילבעריל. — יוסף מעלניק. — לפידות דער אַנאַרכיסט. — צוריק אין וואַרשע. — גרשון שאָפּמאַן. — יעקב לידסקי דער גואל פון מיינע לידער. — דאָס פאָרוואָרט. — דער שנוי־השם. — די ערשיינונג פון מיין ערשטן ביכל „צייט־לידער“.

מיין ביכעלע לידער, וואָס האָט געזאָלט אַרויס:יין דורך דעם ווילנער פאַרלאַג פון א. גאַבעלניק, האָט אַנטהאַלטן דריי קליינע דרוק־בויגן — אַכט און פערציק זייטלעך. לידער אָבער האָב איך שוין דאַן פאַרמעגט פאַר אַ פיל גרעסערן בוך. ווער רעדט ווען איך זאָל אַריינגעמען די שוין געדרוקטע לידער אין „יוד“ און אין „צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט“, וואָלט איך שוין דאַן פאַרמאָגט אַ דיקן באַנד. אין דער קליינער לידער־זאַמלונג האָב איך אָבער נאָר בדעה געהאַט אַריינצוגעבן די נאָך אין ערגעץ ניט געדרוקטע לידער און פון די נאָך אין ערגעץ ניט געדרוקטע — די בעסטע... מיר אַליין איז דעמאָלסט שווער געווען צו באַשיידן, וועלכע איז די בעסטע. האָב איך אויסגעקליבן ניט די בעסטע, נאָר די, וואָס זיינען געווען מיר נעענטער... אמת, אַ צוויי לידער האָב איך יאָ אַריינגענומען, כאָטש זיי זיינען שוין געווען געדרוקט אין צייטשריפטן און זאַמל־ביכער. — איינס „אַ ווינטער־ליד“ („הוליעט, הוליעט“), אין „יוד“

און דאָס צווייטע „אַ געזינד זאַלבע אַכט" — אין אַ קליין זאַמל־ביכל „דער פאָלקספריינד", וואָס איז ערשינען אין ווילנע, אונטער דער רעדאַקציע פון הלל וויכנין.

דאָס ליד „אַ געזינד זאַלבע אַכט" האָב איך הלל וויכנינען איבערגעגעבן טאַקע אייגנהענטיק, ווען איך בין געווען אין ווילנע. דערפאַר האָט ער אין דעם זעלבן קליינעם זאַמלביכל „דער פאָלקס־פריינד" געשריבן אַ וואַרעמע און טאַקע אַ זייער וואַרעמע רעצענזיע וועגן מיין זאַמלבוך „דאָס צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט". דאָס איז איבעריקנס געווען די איינציקע רעצענזיע אין יידיש, וואָס איז גע־שריבן געוואָרן איבער דעם דעמאָלסט שיר ניט עפּאָכאַלן — צו־ליב זיין ראַדיקאַלן טאָן — זאַמלבוך.

מיט אַזאַ מין זאַמלבוך האָט זיך „דער יוד", „די יודישע פאַמיליע" און די ווינער יידישע „וועלט" מורא געהאַט אָנצוהייבן, האָט מען עס פאַרשוויגן... די איינציקע רעצענזיע איז געווען בלויז אין דער ציוניסטישער „רוסישער" וואָכנשריפט „בודושטשנאָסט", האָט מען אים טאַקע שטאַרק אַרונטערגעריסן, ניט געשוינט אַפילו פּרצעס דערציילונגען, בילדער, אַרטיקלען און לידער. בלויז וועגן מיינע אַ דריי לידער האָט דער רעצענזענט — דריי שטערנדלעך — מען האָט געזאָגט, אַז ס'איז פּרוג, אָבער זיכער דערין בין איך ניט — בלויז וועגן מיינע אַ דריי לידער האָבן די „דריי שטערנדלעך" זיך גוט אָפּגערופן. אָבער מיר האָט עס ניט שטאַרק הנאה געטאָן. עס האָט, פאַרקערט, מיך ווי באַליידיקט. איך געדענק, ווי נאָכן איבערלעזן די בייזע רעצענזיע אין „בודושטשנאָסט" בין איך אַ דער־צאָרנטער, מיט אימפּעט אַוועקגעלאָפן צו פּרצן, פאַרמסרן די ציוני־סטישע וואָכנשריפט. ביי פּרצן איז דעמאָלסט גראָד געווען בעל־מחשבות. פּרץ האָט פילאָסאָפיש געשמייכלט. וואָס אַרט אים, וואָס אַ „בודושטשנאָסט" שרייבט — אין בעל־מחשבות האָט מיך פלומרשט געטרייסט, אַז מיינע דריי לידער לויבט מען דאָך יאָ, טאָ וואָס בין איך אַזוי אומצופרידן. דערביי האָט ער צוגעשמייכלט. אַלס ציוניסט איז אים די „בודושטשנאָסט" געווען אַ שטיקל קרובה, הגם ער איז געשטאַנען מיט צען קעפּ העכער פון די אָפיציעלע ציוניסטן פון דער „בודושטשנאָסט". אַז איך האָב אים שוין אויסגערעדט,

וואָס ער אַליין שרייבט ניט וועגן דעם „צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט“, האָט ער זיך פֿאַרענטפֿערט און מיר דערמאָנט דעם רעפֿעראַט, וואָס ער האָט געהאַלטן אין ד״ר יוסף לוריעס הויז וועגן זאַמלבוך און האָט מיינע לידער אויך צו גוטן דערמאָנט. זיכער האָט ער געהאַלטן אַ רעפֿעראַט אין ד״ר יוסף לוריעס הויז און וועגן „צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט“ פֿיל גוטס גערעדט, אָבער דאָס, וואָס ער האָט וועגן זאַמלבוך ניט פֿאַרעפֿנטלעכט אַן אַרטיקל אָדער דעם רעפֿעראַט אין „יוד“ צי ערגעץ אַנדערש, האָט געוואונדערט און פֿאַרדראָסן...

אויף אַזאַ אופֿן אָבער האָב איך אין מיין ערשטער זאַמלונג לידער אַריינגעגעבן בלויז צוויי לידער, וואָס זיינען געווען שוין געדרוקט, די אַלע איבעריקע — שפּאָגל נייע.

דערפֿאַר האָב איך איבערגעלעבט זייער אומרויִקע מינוטן און גרויס צווייפֿלעריי ביים געבן זעצן יעדעס ליד... און נאָכדעם ביי דער קאָרעקטור...

צוליב דעם, וואָס איך האָב אַליין געמאַכט די קאָרעקטור — די ערשטע, די צווייטע, און אַמאָל די דריטע, ניט רעכענענדיק שוין די פֿערטע, די „רעוויזיע“ הייסט עס, אויף די שוין אָפּגעדרוקטע בויגנס — פֿלעג איך אַלע טאָג באַזוכן די דרוקעריי פֿון ר׳ יחיאל־מאיר האַלטער אויף נאַלעווקעס[7].

די דרוקעריי איז באַשטאַנען פֿון אַ גרויסן חדר, וואו די זעצער האָבן געאַרבעט פֿון פֿרי ביז שפּעט אין אָוונט, און פֿון אַ פֿאָדער־צימערל, וואָס האָט געדינט אַלס אַ קאָנטאָר, וואו יחיאל־מאיר האַלטער, דער אייגנטימער פֿון דער דאָזיקער דרוקעריי, איז געזעסן אָדער געשטאַנען ביי אַ גרויסן טיש און אָנגענומען באַשטעלונגען אויף ספֿרים און ביכלעך פֿון אַלערליי מחברים — פֿון רבנים ביז העברעיִשע און יידישע פּאָעטן... קיין „באַרייסער“ איז ר׳ יחיאל־מאיר האַלטער ניט געווען... אַ ייד אין די פֿופֿציקער, אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע, מיט אַ יאַרמלקע אויפֿן קאָפּ, צוליב זיינע קונדן, די רבנישע מחברים — מיט אַ ברייטער באָרד, וואָס איז שוין געווען געגנוג גרוי, צוליב די גרויסע קאָפּדרייעניש, וואָס ער האָט געהאַט מיט די אַלערליי צאָלונגען און וועקסלען, וואָס די מחברים

און די פאַרלעגער האָבן אים געצאָלט, אָדער ניט געצאָלט, האָט ער גוטמוטיק יעדן קונד אויסגעהערט און צופרידנגעשטעלט...

אין דער צייט, ווען עס האָט זיך מיין ביכעלע לידער געוועצט, האָט באַזוכט האַלטערס דרוקערײ קאָנסטאַנטין שאַפּיראָ, דער העברעישער דיכטער, צו דרוקן זיין פּאָעמע „סדום". אַ קאַפּריזנער, אַן אויפגערעגטער, האָט ער געגעבן מאָדנע באַפעלן, ווי אַזוי צו „זעצן", און יחיאל־מאיר האַלטער האָט אים אונטערטעניק אויסגעהערט. מיר האָט דער דאָזיקער זאָנדערבאַרער מענטש, אָבער ווירקלעך גרויסער דיכטער שטאַרק פאַראינטערעסירט: דאָס אַליין, וואָס אַ געטויפטער ייד, און נאָך דערצו דער קייזערלעכער פאָטאָגראַף, דרוקט שירים אין העברעיש און נאָך נאַציאָנאַלע שירים דערצו, האָט אים געשטעלט אין מיינע אויגן אין איין רײ מיט די מאַראַנען אין שפּאַניע. און דאָס טרעפן זיך מיט אים איז פאַר מיר געווען אַ גרויסער געווינס.

מיט מיין ביכעלע לידער איז שוין געווען ניט גלאַט. א. גאַסעלניקס פאַרלאַג האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין. מיין ביכעלע לידער האָט געזאָלט זיין די לעצטע אויסגאַבע. איז דער פאַרלאַג, ניט אברהם גאַסעלניק אַליין, שוין געווען ניט גענוג קרעדיטפעיק. פונדעסטוועגן האָט ר׳ יחיאל־מאיר האַלטער ניט געוואַגט אָפּצושטעלן די אַרבעט. ער פלעגט נאָר מילד, מיט בקשה זיך ווענדן צו מיר:

— וואָרעם וועט זאַן, פאַניע רייזען, מ׳צולט דאָך ניט... פלעגט טאַקע מיר שטאַרק טרויעריק ווערן אויפן האַרצן, און העלפן האָב איך גאָרנישט געקענט, ווייל דער פאַרלעגער אַליין האָט געוואוינט אין ווילנע...

פונדעסטוועגן האָב איך אין דער קאָרעקטור געמאַכט גרויסע ענדערונגען. אַז ר׳ יחיאל־מאיר האַלטער פלעגט דערזען אַ שווערע „קאָרעקטור", פלעגט ער זיך אַזש דערשרעקן:

— איך וועל דאָך צו אַייער ביכעלע צוליגן, אַז מ׳זאָל מיר אַפילו באַצאָלן...

אָבער די זעצער האָבן די קאָרעקטור פאַרריכט מיט ליבע... אַליין אונטערגעדריקטע, הגם ר׳ יחיאל־מאיר האַלטער איז דערין

ניט שולדיק געווען, — ער איז אַליין געווען אַ גרויסער אָרעמאַן און זיינער אַ זון האָט אויך געאַרבעט אין דרוקעריי מיט אַלע זעצער צוזאַמען — האָבן אייניקע פון זיי אין מיינע לידער קענטיק דערהערט אַן אָנזאָג אויף בעסערע טעג. איבערהויפּט די ייִנגערע זעצער (אויך די ייִנגערע זיינען געגאַנגען אין לאַנגע קאַפּאָטעס און געאַרבעט אין די היטלען...). די פריינדשאַפט און אַפילו די ליבע, וואָס די דאָזיקע זעצער האָבן צו מיר דעמאָלט אַרויסגעוויזן, וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. זייער קלעגלעכער לוין — זיי האָבן געאַרבעט צוועלף שעה אַ טאָג פאַר אַכט און אויך זעקס רובל אַ וואָך, און אויך די דאָזיקע שכירות האָט מען זיי צוליב דער אָרעמקייט פון דעם דרוקער אַליין ניט פינקטלעך באַצאָלט — זייער קלעגלעכער לוין און שווערע אַרבעט האָט מיך אָפט גערירט ביז טרערן, כאָטש קומען צו זיי פלעג איך אַ פריילעכער, אַ מונטערער, און באַגיין זיך מיט זיי ווי מיט קאָלעגן, ווי מיט שותּפים צו מיין דיכטונג... אַמאָל פלעגט מיר אַ ייִנגערער זעצער, שוין עטוואָס אַ באַלעזענער אין די נייע ביכלעך, באַמערקן, אַז אָט די און די שורה, זאָל איך אים מוחל זיין, איז ניט גלאַט, איז ניט פאַרשטענדלעך פאַר אים. אַמאָל האָט זיך אים בלויז געדאַכט און אַמאָל איז ער טאַקע געווען גערעכט. נאָכגעגעבן אים, איז ער געווען אויפן זיבעטן הימל פאַר פרייד און אויף דעם כּמעט שוין פאַרריכט נאָך אַ פּאָר גרייזן, וואָס איך האָב אין דער קאָרעקטור פאַרבעסערט...

אַוודאי האָב איך, ווי ס'איז דעמאָלט די מאָדע געווען, זיי געגעבן אַמאָל אַ טרינקגעלט. אַזאַ טרינקגעלט פלעג איך אָפטער געבן אַן אַלטן זעצער, אָבער דווקא אַ געזונטער, פריילעכער ייִד, מיט אַ לוסטיקן, שטענדיקן פייערל אין זיינע אויגן. פאַר אים איז עס געווען טאַקע אַ טרינקגעלט ממש... קיין שיכּור, חלילה, איז ער ניט געווען, אָבער אַ גלעזל בראָנפן אַמאָל פאַר דער אַרבעט, אַמאָל נאָך דער אַרבעט פלעגט ער ליב האָבן. דערפון פלעגט אים דער קאָפּ קלערער ווערן. אַז עס האָט אים ניט געשאַדט, חלילה, קען דינען דער פאַקט, אַז ער האָט שפּעטער, אין יאָר 1910, געזעצט די וואָכנשריפט „אייראָפּעישע ליטעראַטור“, און די שווערסטע

קאָפּיע פלעג איך דווקא געבן אים. אויף אַ מאַשין זעצן האָט ער ניט געזעצט אַפילו דאַן, ווען עס זיינען שוין אויך אין וואַרשע איינגעפירט געוואָרן די זאַץ־מאַשינען, אָבער צו וואָס אַ מאַשין, אַז מיט דער האַנט, שטייענדיק ביי דעם קאַסטן מיט די בלייענע אותיות, האָט ער געאַרבעט שנעלער און בעסער, ווי אַן אַנדערער אויף אַ זאַץ־מאַשין. דער דאָזיקער זעצער האָט געהייסן ר׳ אַבא. איך דערמאָן אים דאָ מיט ליבע און גרויס אָנערקענונג. ווי שווער און פאַרפּלאָנטערט אַ קאָרעקטור מיינע, אַפילו שוין מיט יאָרן שפּעטער, איז ניט געווען, פלעגט ער פון איר אַרויסקריכן ווי אַ חריף און אַ בקי צוזאַמען. ער איז געווען ניט אַזאַ גרויסער למדן, ווי אַ געניטער און האָט צייטנווייז אַפילו פאַרמאָגט וואָס מיר רופן אינטויציע...

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ מין דרוקעריי, ווי ר׳ יחיאל־מאיר האַלטערס אויף נאַלעווקעס, האָט אויך ניט געוואוסט פון אַ דרוק־מאַשין, וואָס גייט אויף עלעקטריע און וואַרפט אַרויס, ווי דורך כישוף, די געדרוקטע בויגנס איינס נאָך דעם אַנדערן כהרף־עין, און קערט איבער דעם בויגן אויף דער אַנדער זייט אַליין. ניין, די דרוקמאַשין ביי ר׳ יחיאל־מאיר האַלטער, ווי זי האָט אינגאַנצן אויסגעזען געדענק איך ניט — איך ווייס נאָר, אַז געאַרבעט האָט זי אָן עלעקטריע... די עלעקטריע האָט איר געגעבן אַ געלער ייד, וואָס האָט געדרייט די ראָד, וואָס זי, די דרוקמאַשין, האָט פאַרמעגט ערגעץ אין אַ ווינקל, און געדרייט זי, טאַקע שטאַרק און שווער.

האָב איך איינמאָל באַמערקט, ווי דער שווייס גיסט זיך פון זיין פּנים, האָב איך אים אַ פרעג געטאָן:

— וואָס, טאַקע זייער שווער?...

— פּרוּוט זיי, אויב זיי האָבן כאַישעק...

— אַדרבא, לאָזט! האָב איך זיך דערפרייט.

און איך האָב גענומען דרייען די ראָד. ער איז געשטאַנען ביי דער זייט, זיך אָפּגערוט און צוגעשמייכלט, ווי איינער זאָגט:

— מירן זען, ווי לאַנג ער וועט דרייען...

אָפּגעדרייט בײַ אַ צען מינוט, האָב איך דערפילט, אַז באַלד פאַל איך אַוועק בײַ דער מאַשין, און דער געלער ייד, לאַנג לעבן זאָל ער, אויב ער לעבט נאָך — האָט מיך אויסגעלייזט.

— ניט פאַר אײַך, פאַני רייזען... לאָזט מיך...

האָט שוין דער געלער ייד באַקומען פון מיר אויך אַ טרינק־געלט. און אַ פּאָר מאָל האָב איך שוין אויף אַן אמת געהאָלפן דרייען די ראָד, איינמאָל אַפילו, אַן אײַנגעיבטער — ביז אַ האַלב שעה...

די זעצער, וואָס האָבן באַאָבאַכט דאָס שפּיל, האָבן גאָר אָנ־געקוואָלן פון מיר:

— אַן אייגענער מענטש, הייסט עס. און איך בין בײַ זיי נאָך מער געהויבן געוואָרן, הגם ניט צוליב געהויבן ווערן האָב איך עס געטאָן. דער געלער ייד מיט זיין שטענדיק בײַז־לעכן אומצופרידענעם אויסדרוק אויפן פּנים, אַפילו ווען ער האָט געשמייכלט, האָט מיך פאַרפאָלגט, איבערהויפּט נאָכדעם, ווען איך האָב דערפאַרן, אַז ער באַקומט אינגאַנצן דריי רובל אַ וואָך פאַר דרייען די ראָד...

פאַרטיק געוואָרן דאָס ביכעלע פון דרוק, איז עס נאָך ניט געווען אויסגעצאָלט... זיינען געלעגן צוויי טויזנט עקזעמפּלאַרן בײַ יחיאל־מאיר האַלטער אין דער דרוקערײַ, פאַרמשכנטע... עט־לעכע ביכעלעך פונדעסטוועגן האָט ער מיר אַרויסגעגעבן. האָב איך זיך מיט די עטלעכע ביכעלעך געשפּילט אַ פּאָר טעג, איינעם אַוועק־געשיקט אַהיים, אין מינסק, צו מיין טאַטן און שוועסטער, אַ פּאָר צעטיילט צווישן די סאַמע נאָענטסטע פריינד און איין עקזעמפּלאַר געלאָזן פאַר זיך, צו שפּילן זיך נאָך מיט אים. דאָס איז געווען אינגאַנצן מיינס... האָב איך זיך אַזוי לאַנג געשפּילט מיט אים, געלייענט און איבערגעלייענט, געזוכט און נאָכגעזוכט, ביז ס'איז מיר געוואָרן פרעמד און ווייט יעדעס ליד. עס האָט זיך מיר געגומען דאַכטן, אַז דאָס ביכעלע לידער האָב איך צו פרי אַרויסגעלאָזט...

און פון וואַנען ווייס איך, אַז זיי זיינען גוט? און וואָס וועט זאָגן די קריטיק?...

האָב איך טאַקע די קריטיקער און די אַלערליי שוין דעמאָלס־טיקע רעצענזענטן קיין עקזעמפּלאַרן ניט אַרויסגעשיקט.

עס האָט זיך מיר אָנגעהויבן דאַכטן, אַז זיי וואָלטן דאָס ביכעלע לידער געמאַכט צו נישט, אָפּגעלאַכט, ווי עס פּלעגט טרעפן אַמאָל, אַז מען פּלעגט אַריינפאַלן צו זיי אין די הענט. מען זאָל, רבונו־של־עולם, באַהיט ווערן!... בין איך שוין שיר ניט געווען צופרידן, וואָס דאָס ביכעלע איז פאַרמשכּנט ביי דעם דרוקער.

איך האָב נאָך צייט....

איך האָב אַפילו געפּרווט אַ רעד טאָן מיט יעקב לידסקי, אַז ער זאָל עס איבערנעמען... אָבער יעקב לידסקי, וואָס האָט שוין מיט זיין פאַרלאַג „פּראָגרעס" געהאַט אַ געוויסן ערפאָלג און אַפילו מיין „דונער און בליץ" איז גוט אויפגענומען געוואָרן פון די דאָרשטנדיקע אַרבעטער־לעזער און פון די ברייטע מאַסן בכלל,— יעקב לידסקי האָט זיך אָבער געהאַלטן ביי זיין שיטה, אַז דאָס פאָלק דאַרף וויסנשאַפט. פאַר פּאָעזיע איז עס נאָך ניט דערוואַקסן. לידער, וואָס מען זינגט ניט, וועט קיינער ניט קויפן...

דערצו האָט ער זיך שוין דעמאָלסט פאַרנומען מיט אַרויסגעבן באָגדאַנאָווס פּאָליטישע עקאָנאָמיע, וואָס א. ש. זאַקס האָט באַאַרבעט אין יידיש. דאָס איז געווען דאָס ערשטע פּאָליטיש־עקאָנאָמישע ביכל אין יידיש בכלל און עס איז געווען אַ שווערע אַרבעט מיט דער צענזור. עס איז געווען אַ ספק, צי דער צענזאָר וועט עס דערלויבן...

א. ש. זאַקס איז דעמאָלסט נאָר־וואָס געקומען פון ד"ר פּראָווינץ קיין וואַרשע. אַ בונדיסט, איז ער געווען מער טעאָרעטיקער... געליינט לעקציעס פאַר אַרבעטער־גרופּן וועגן פּאָליטישער עקאָנאָמיע און ענדלעך זיך פאַרמאָסטן איבערצוזעצן באָגדאַנאָווס. נאָר אַזוי ווי א. ש. זאַקס האָט שוין דעמאָלסט געוויזן חריפות — אַ גמרא־קאָפּ — האָט ער באָגדאַנאָווס פּאָליטישע עקאָנאָמיע ניט איבערזעצט, נאָר קאָמפּילירט און הגם די שפּראַך זיינע איז דאַן נאָך ערטערווייז געווען האַרטלעך, און איך — ניט קיין גרויסער למדן אין פּאָליטישער עקאָנאָמיע בכלל — האָב פונדעסטוועגן דעם מאַנוסקריפּט אַ ביסל אויסגעגלעט, אויך די קאָרעקטור געמאַכט... איך

אוודאי אין אַזאַ ערנסטן פאַרלאַג, ווי „פּראָגרעס", וואָס פאַרמעסט זיך צו געבן אַזוינע וויכטיקע ווערק, אַרויסצוגעבן אַ ביכעלע לידער ניט קיין פּאַסיקע אונטערנעמונג... איך אַליין האָב עס געפילט און ניט שטאַרק געוואָלט איינריידן לידסקין עס אַרויסצוגעבן. איך האָב געהאָפט אויף אַ גינסטיקערער צייט.

די ישועה האָט אייגנטלעך געקענט קומען פון אַן אַנדער זייט. דאָס איז געווען דורך דעם פאַרלאַג „בילדונג", וואָס אברהם קאָטיק האָט געגרינדעט אין ביאַליסטאָק און איז צוליב די אינטערעסן פון דעם זעלבן פאַרלאַג אַראָפּגעקומען אין וואַרשע.

אַ מענטש אין די דרייסיקער, פול מיט ענערגיע, אַ קעמפער און אידעאַליסט, האָט ער מיך שטאַרק פאַראינטערעסירט. גערעדט האָט ער אַפילו נאָר וועגן „וויסנשאַפט", אָבער מיט בעלעטריסטיק האָט ער אויך ניט „מקיל" געווען... והאָ־ראַיה — ער קלייבט זיך אַרויסגעבן פון דוד פּינסקי די צוויי דערציילונגען, וואָס זיינען געווען האַלב־אומלעגאַל און איצט האָט אים דער צענזאָר זיי „מיט מי" דורכגעלאָזט. דאָס זיינען געווען די דערציילונגען „דראַבקין" און „יום־כפור". האָט ער שוין ביי מיר אויך גענומען צוויי קליינע דערציילונגען און ביי נאָמבערגן אַ מיניאַטור־דערציילונג „מען וועקט", וואָס דער צענזאָר האָט עס פריער ניט געוואָלט דורכלאָזן, און האָט אַרויסגעגעבן אַ בעלעטריסטישע זאַמלונג.

אין זיין באַזיץ האָט ער שוין אויך פאַרמאָגט אַ מאַנוסקריפּט פון שלום־עליכם „אַ מעשה אָן אַן עק" — אַ גרעסערע דערציילונג פון דעם באַרימטן הומאָריסט.

מיט איין וואָרט, דער אברהם קאָטיק איז מיר מיט זיין אונטערנעמונגס־גייסט שטאַרק געפעלן געוואָרן... אמת, יעקב לידסקי איז דער אַרויסגעבער, וואָס דאַרף און וועט אויפלעבן די יידישע ליטעראַטור, אָבער מיט אַלע זיינע מעלות איז ער אַ פּריוואַטער פאַרלעגער. אברהם קאָטיק איז געווען פאַרבונדן מיט אַלערליי ראַדיקאַלע טוער און אַליין אַ מענטש מיט אַ סאָציאַליסטישער ריכטונג.

עס איז בלויז אַ שאָד, וואָס אין יידיש איז קאָטיק געווען זייער שטומפּיק. פון פאַך אַן אַפּטייקער, נאָכדעם אַ לערער, געגעבן לעקציעס אויף רוסיש און מאַטעמאַטיק אין ביאַליסטאָק, וואו ער

האָט פאַרפאַרטיקט די רייכערע שילער צו העכערע קלאַסן גימ-
נאַזיע און אַפילו צו אוניווערסיטעט, אויך אַן אייגנטימער אין ביאַלי-
סטאָק פון אַ ליי-ביבליאָטעק, וואו עס האָבן זיך געפונען פיל יידישע
ביכער, וואָס האָבן געזאָלט בילדן די מאַסן, — האָט אברהם קאָטיק,
דער זון פון יחזקאל קאָטיק, קיין יידיש דאַן ניט געקענט. ער האָט
אין יענער צייט קוים יידיש געלייענט. געריידט האָט ער שוין אַפילו
בעסער, אָבער שרייבן יידיש האָט ער לחלוטין ניט געקענט. דאָס
איז געווען דער „פגם" אין זיין פאַרלעגערישער טעטיקייט. האָט
ער טאַקע דערפאַר, באַזוכנדיק וואַרשע, אויף מיר געוואָרפן אַן אויג.
און ער האָט מיר פאָרגעלייגט צו פאָרן צו אים אויף זומער —
אָנפאַנג 1902 — קיין ביאַליסטאָק אַלס אַ בעל-יועץ און אַרויס-
העלפער...

און איך בין געפאָרן...

דער פאַרלאַג „בילדונג" האָט זיך טאַקע געפונען אין קאָ-
טיקס וואוינונג, וואָס ער האָט געהאַט אין אַ גרויס הויז, אויף לי-
פּאָווע גאַס, וואָס עס האָט געהערט, דאָס הויז נאַטירלעך, צו
זיין פרויס עלטערן — דער פאַמיליע לפּידות. געוואוינט האָב איך
טאַקע ביי אברהם קאָטיקן און אויף אַזאַ אופן זיך נעענטער באַקאַנט
מיט אַ נייער אומגעבונג, וואָס נאָך וואַרשעווער טומל און הו-האַ
איז עס געווען פאַר מיר ווי אַן אָפּרו, סיי פיזיש, סיי גייסטיק...

אמת, אברהם קאָטיק אַליין האָט, אַלס לערער, מיר גאָר אָן
אַרבעט נישט געלאָזט... קודם-כל האָט ער פאַר מיר אויסגעלייגט
אַ פּלאַן נאָך אַ פּלאַן, אַמאָל אין יידיש, אַמאָל אין רוסיש וועגן
געוויסע אויסגאַבן אויף גאָר גרויסן מאַסשטאַב. די פאַנטאַזיע האָט ביי
אים שטאַרק געאַרבעט. דערנאָכדעם האָט ער די אַלע פּלענער פאַר-
אייניקט אין אַ פּראָספּעקט, מיט פולע פּאַראַגראַפן, וועלכע ער האָט
מיר דיקטירט אין רוסיש און איבערזעצן האָב איך עס געדאַרפט
אין יידיש...

שפּעטער-צו איז אים איינגעפאַלן צו געבן דעם פאָלק אַ ביי-
מעלע „געשיכטע"... איז זיין בליק געפאַלן אויף אַ געוויסן רוסישן
ראַדיקאַלן היסטאָריקער — כ'האָב שוין פאַרגעסן זיין נאָמען —
וועלכער האָט אַ זייער פיינעם בוך איבער עגיפּטן.

האָב איך דאָס דאָזיקע בוך, „די געשיכטע פון עגיפּטן“, אָנגעהויבן איבערזעצן און הגם די אַרבעט איז פאַר מיר געווען אַ שווערע, האָב איך עס אין פאַרלויף פון אַ פּאָר מאָנאַטן געמאַכט. עס איז מיר נאָר געבליבן צו פאַרריכטן געוויסע שווערע שטעלן און איבערשרייבן אויף ריין. בין איך אָבער אויך דאַן — און אפשר בלויז דאַן — ניט געווען קיין גרויסער מתמיד און האָב די אַרבעט אָפּגעלייגט פון טאָג צו טאָג...

אַ גליק, וואָס אין ביאַליסטאָק — איך ווייס ניט צוליב וואָס — האָט זיך דעמאָלט געפונען י. ח. ברענער, און ער איז שפּעטער אויך צוגעצויגן געוואָרן פאַר אַ קליינעם לוין צו דער באַאַרבעטונג פון דער געשיכטע פון מצרים...

אַז איך פלעג אויסגעשעפּט ווערן פון די טרוקענע אַרבעטן ביי אברהם קאָטיק, — קיין שלעכטער באַלעבאָס איז ער, חלילה, ניט געווען און סיי ער סיי זיין ליבנסווערדיקע אינטעליגענטע פרוי האָבן מיר באַהאַנדלט זייער איידל און פריינדלעך און זיי האָבן מיר אָפּגעגעבן דעם בעסטן צימער פון זייער געמיטלעכער וואוינונג — פלעג איך אָפט אַוועקגיין צו פאַרברענגען מיט י. ח. ברענער. ער איז דאַן אַלט געווען ביי אַ יאָר איינאונצוואַנציק, און אפשר נאָך יינגער, אָבער אויסגעזען האָט ער מיט זיין ערנסטער באַציונג צו אַלץ וואָס אַרום אים ווי אַ סך אַן עלטערער. ער איז שטענדיק געווען גוטמוטיק און ווען ער פלעגט שמייכלען, האָט זיין ערנסט פּנים אויפגעשיינט און זיינע אויגן האָבן באַקומען אַ גרויס ליכטיקייט. איבערהויפּט האָט ער קינדיש־קלינגענדיק געלאַכט. און לאַכן, כאָטש בטבע אַן אומעטיקער און אומצופרידענער, פלעגט אים אויסקומען זייער אָפט, אַדאַנק זיין באַאָבאַכטונגס־קראַפט, זיין פעיקייט צו באַמערקן דאָס שוואַכע און לעכערלעכע אין מענטשן און אין לעבן...

ער האָט געוואוינט אויף אַ דאַכשטיבל, ווי אַ נזיר. אויפן טיש איז צווישן אַלערליי ביכער, פּאַפּירן און זיין עקזעמפּלאַר עמק־עכור — אַ זאַמלונג פון זיינע ערשטע סיפּורים, וואָס איז שוין ערשינען אין פאַרלאַג „תושיה“ — אויפן טיש איז געלעגן אַ שטיק ברויט און אין דער זייט אויף אַ פּאַפּירל אַ שטיקל צעשמאָלצן פּוטער, פון דער הייבער זון. איינמאָל, געדענק איך, אַרויסקוקנדיק

אויפן הויף, האָט ער באַמערקט אַ פּאָר בחורים, פּראָנטש אָנגעטאָן, אויף די הויזן ביי איינעם איז דער קנייטש אין יעדער קאַלאָשע געווען זאָרגעוודיק געקנייטשט און דער בחור האָט נאָך דעם קנייטש אַלע ווײַלע מיט די הענט בולטער געמאַכט, מען זאָל דעם קנייטש, הייסט עס, מער באַמערקן. באַאָבאַכטנדיק עס, האָט זיך צו מיר ברענער געווענדט, אָנווייזנדיק אויף זיי:

— זעט זייערע נאַרישע פּנימער, ווי מ׳טוט זיך דאָס אָן ווי די גולמס... אַך, איך פֿאַראַכט זיי...

קיינער האָט ניט געוואוסט, ווי אָט דער ברענער, וואָס איז געווען פול מיט רחמים צו דער וועלט און צו אַלע באַשעפעניש, האָט אין דער זעלבער צייט געטראָגן אין זיין האַרצן פאַראַכטונג און שיר ניט האַס צו אַלץ, וואָס איז טעמפּ און גלאַנצט בלויז אויסערלעך.

און דאַן האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף זיינער אַ דערציילונג אין „עמק עכור“, געפּרעגט שטיל, ווי פאַרשעמט, צי האָב איך עס געלייענט, און געצווייפלט אַפילו, ווען איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז יאָ...

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב דאַן זיין גאַנץ ביכעלע ניט דורכגעלייענט, הגם ער האָט מיר געשענקט אַן עקזעמפּלאַר אַלס אַ מתנה מיט אַ זייער פריינדלעכער אויפשריפט. פאַרוואָס האָב איך דאָס ביכל ניט דורכגעלייענט אינגאַנצן? ניט קוקנדיק אויפן טיפן אינהאַלט, איז אָבער די פאָרם פון די ערשטע ברענערס דערציילונגען געווען זייער אַ שווערע, די שפּראַך ניט גאָר גלאַט. געשריבן האָט ער פון די טיפענישן פון פאָלק, פון אָרעמע פרויען, שניידערינס. אין יידיש וואָלטן זיינע דערציילונגען מיך זיכער שטאַרק פאַראינטערעסירט, אין העברעיש אָבער האָט ברענערס דיאַלאָג געקלונגען ווי געקינסטלט, הגם ער, אַלס גרויסער טאַלאַנט, האָט זיך באַמיט די רייד פון זיינע העלדן, וואָס האָבן אַלע, נאַטירלעך, גערעדט יידיש — איבערצוגעבן עכט, רעאַליסטיש און אין העברעיש איז עס אים שווער אָנגעקומען.

אין זיינע איניקע דערציילונגען, וואָס ער האָט שפּעטער געשריבן אין יידיש — געדרוקט טאַקע אַ פּאָר פון זיי אין מיינע שפּעטערדיקע ליטעראַרישע אויסגאַבן — האָט זיך י. ח. ברענערס טאַלאַנט שטאַרק געפילט.

אפשר האָט ער טאַקע די ערשטע צייט אַליין באַדויערט, וואָס אים קומט אויס צו שאַפן אין אַ שפּראַך, וואָס איז ניט מסוגל איבערצוגעבן דאָס לעבן פון פאָלק אין אַלע זייערע שאַטירונגען...

מיט דער צייט האָט שוין י. ח. ברענער די פאָרם אַפילו אין דער העברעישער שפּראַך בעסער באַהערשט, איבערהויפּט ווען ער האָט אין זיינע ראָמאַנען „בחורף" און „מסביב לנקודה" שוין באַהאַנדלט דעם יידישן אינטעליגענט און בכלל העכערע פּראָבלעמען.

איינמאָל האָב איך ברענגערן פאַררופן צו מיר.

באַקאַנט אים מיט אברהם קאָטיקן, האָט קאָטיק אים גענומען אויפן פאַרהער, ווי איינער זאָגט: וואָס איז דאָס פאַר אַ מין באַשעפעניש? ברענער איז געווען געקליידט זייער אָרעם און איבערהויפּט פּראָסט, שיר ניט ווי אַ טרעגער, אין אַ קורטקע אַזאַ פון פּראָסטן קאָרט און אין אַ היטל איבערן שטערן ... די שיך גרויסע און ניט געפּוצטע... אין מיינע אויגן האָט ער שטענדיק אויסגעזען ווי אַ למד־וואָווניק, אָדער אַ נסתר... הגם ער איז ניט געווען קעגן לעבן, האָט שטענדיק געבענקט נאָך עפּעס, נאָך עמעצן...

אָבער אַז קאָטיק האָט דערהערט „מיינונגען" פון ברענערן, איז ער געבליבן ווי פאַרגאַפט. ברענער, וואָס איז אַליין געווען אַ סאָציאַליסט, אָבער פון אַן אַנדער מין, האָט קאָטיקן געשטעלט איינעקע פראַגן. איך געדענק שוין ניט דעם אינהאַלט זייערן. קאָטיק האָט דערזען, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ העכערן מין מענטשן, אַ דיכטער און דענקער... ער האָט פאַר אים געקריגן גרויס דרך־ארץ. אויך ברענער האָט שוין שפּעטער באַקומען אַ מער פּאָזיטיווע באַציִונג צו קאָטיקן פּערזענלעך און צו זיינע אויפטוען און האָט אַפילו אָנטייל גענומען אין פאַרלאַג „בילדונג".

אין ביאַליסטאָק האָב איך געלעבט ווי אָפּגעשלאָסן, זיך באַקוגנט מיט דער חברשאַפט, — נאָכדעם ווי ברענער איז אַוועק,עפּאָרן — פון יוסף מעלניק, אַ ביאַליסטאָקער רייכערער יונגער בחור, אַ פּראַנט, וואָס איז אָבער געווען שוין דאַן ליטעראַריש ראַפינירט, שפּעטער אַ געשיקטער דייטשער פעליעטאָניסט, — סאָציאַלע פראַגן זיינען אים וויניק אָנגעגאַנגען. אַ פריילעכער, אַ לעביונג, מיט אַ שפּאַסיקן אויסדרוק אויף זיין שמאָלן לענגלעכן פּנים, האָט ער מיר דאָך פון צייט צו צייט פאַרלייכטערט מיין איינזאַמקייט און אַמוזירט אַפילו מיט זיין פיינעם, הגם אייבערפלעכלעכן הומאָר. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ פּאָר רייכערע הייזער, וואו איך האָב זיך געפילט גאַנץ אומבאַקוועם, ניט צוליב דער רייכקייט, נאָר צוליב דער גייסטיקער פוסטקייט, וואָס האָט אין די דאָזיקע הייזער געהערשט. הגם איין פריילין אין אַזאַ רייכן הויז, אַ גרויסע שיינהייט, אַ בלאָנדע, מיט גרויסע בלויע, טרוימערישע אויגן, האָט מיך זייער פריינדלעך אויפגענומען און זי האָט זיך געמיט צו צייגן זיך אַלס אַ דעמאָקראַטישע נאַטור, וואָס האַלט זיך אַפילו ניט אָפּ פון צו ריידן יידיש.

נעענטער האָב איך זיך געפילט מיט דעם יונגן לפידות, אַ שוואָגער פון אברהם קאָטיק, אַ שטאַרקער ברונעט, מיט געגרייזלטע שוואַרצע האָר און פייערדיקע אויגן. אַ יינגל אַ ברען!... זיינע בערך רייכע עלטערן האָבן גרויס צער געהאַט צוליב זיינע וויט-גייענדיקע מיינונגען און מעשים... געגוג איז זיי געווען אברהם קאָטיק אַליין, וואָס זיין קולטורעלע און שיר ניט רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט, — אין אַ ליעגאַלער מאַסקע — האָט זיי קיין פאַרגעניגן ניט פאַרשאַפט, כאָטש אין אַלגעמיינעם זין איז די גאַנצע פאַמיליע לפידות געווען זייער אַ דעמאָקראַטישע און בכלל אַ סימפּאַטישע.

דער יונגער לפידות האָט זיך צו מיר ווי צוגעקלעפּט, געוויזן מיר, אין אונזערע לאַנגע שפּאַצירן, גאַנץ ביאַליסטאָק, די רייכע פאַבריקן אין די אָרעמע גאַסן, וואו עס האָבן געוואוינט די אַרבעטער און די אָרעמע באַפעלקערונג בכלל. עס איז געווען אַ גרויסע פרייד צו הערן אָט דעם יונגן בחור ריידן מיט גרויס פייער וועגן

די פלאָגן פון דער געזעלשאַפט און וועגן דער נייטיקייט אומצו־וואַרפן אַזאַ מין אָרדענונג.

לײדער איז דער דאָזיקער הויך באַגאַבטער און אידעלער קעמ־פער אין עטלעכע יאָר שפּעטער, נאָך דער ערשטער רוסישער רע־וואָלוציע, אַנטלויפנדיק פון דער רעאַקציע קיין פּאַריז, דאָרט אומ־געקומען פון אַ באָמבע, וואָס האָט עקספּלאָדירט אַרום אים.

אַ צווייטער פון די נאָענטע מיינע אין ביאַליסטאָק אין יענער צייט איז געווען אַ יונגער בחור'ל, אַ מאַגערס, אַ דאַרס, אָבער פול מיט לעבן און ענערגיע, אַ קוועקזילבער, — מיט דעם נאָמען ראַפּאַ־לאָווסקי. פון פאַך אַן אײנבינדער, האָט ער זיך אינטערעסירט מיט אַלע פאַכן... אַ קעמפער, אַן אָרגאַניזירער פון שטרייקן אַפילו... ער איז ביי אברהם קאָטיקן געווען אַ בן־בית, פלעגט אַלע מאָל קומען אָפּגעבן באַריכטן, ווי האַלט עס מיט דעם און יענעם שטרייק, וואָס אין יענעם זומער האָבן זיי זיך, די שטרייקן, צעבלוט ווי אין אַ גרויס געדעטעניש. פון איין שטרייק איז דער יינגל ראַפּאַ־לאָווסקי שיר ניט געווען דער אָנפירער.

אויך האָב איך געהאַט די זכיה צו זען זיך פון צייט צו צייט מיט דעם באַרימטן בונדיסט נוח, וואָס האָט דעמאָלסט זיך אויפגעהאַלטן שטאַרק קאָנספּיראַטיוו אין ביאַליסטאָק און געוואוינט אין איינער פון די זייטיקסטע און פאַרוואָרפנסטע גאַסן פון ביאַלי־סטאָק. איך בין אַפילו אַמאָל געווען ביי אים אין צימער, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ שטיל אָפּגעזונדערט הויז... איך האָב געבראַכט אים אַן אומלעגאַל ליד פאַר אַ נימער „אַרבעטער־שטימע", וואָס האָט זיך שוין „געזעצט" ערגעץ־וואו... אַ פּאָר אומלעגאַלע לידער האָב איך אים שוין איבערגעגעבן, ווען ער האָט מיך באַזוכט ביי קאָטיקן און אַדאַנק זיין באַזוכן מיך בין איך ביי קאָטיקן אין די אויגן שטאַרק געשטיגן. נוח זאָל אַליין קומען באַזוכן מיך צוליב אַ ליד! דאָס איז געווען איינע פון די גרעסטע אָנער־קענונגען, וואָס מען האָט דעמאָלסט אַ פּאָעט געקענט געבן...

* * *

אָפּגעטאָן אָדער ניט אָפּגעטאָן מײַן אַרבעט אין ביאַליסטאָק, בין איך דאָך ענדע זומער אַוועקגעפֿאָרן צוריק קיין וואַרשע. איך האָב נאַטירלעך פֿון ביאַליסטאָק קיין אוצרות ניט געבראַכט, קיין פּאַרטיקע לידער און דערציילונגען אויך ניט. זייענדיק אין ביאַליסטאָק פֿאַרנומען מיט געוויסע אַרבעטן פֿון פֿאַרלאַג „בילדונג“, האָב איך דעם זומער ווייניק געשריבן. עטלעכע לידער און אַ נאָך ניט־באַאַרבעטע דערציילונג „דער לערער“ — דאָס איז געווען דער גאַנצער ליטעראַרישער פֿאַרמעגן, וואָס איך האָב מיטגעבראַכט. אמת, איין ליד האָב איך נאָך פֿון ביאַליסטאָק געשיקט אין „יוד“ — „דער מענטש“ — און עס איז גלייך געוואָרן אָפּגעדרוקט. אָבער האָנאָראַר האָב איך נאָך באַקומען, אַזוי האָט מען מיר געזאָגט — פֿאַרן אַוועקפֿאָרן. מסתּמא איז עס געווען אמת; געהאָלפֿן געוואָרן דערפֿון בין איך ניט. קיין דירה האָב איך נאָך ניט געהאַט, און ניט געקענט אַזוי גיך געפֿינען, האָב איך זיך געטראָפֿן מיט מײַן פֿרײַנד און פֿאַרערער, אַ העברעישן לערער יאַקאָבי, האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט איבערגעלאָזן אַ ליידיקן צימער אויף דזיקע גאַס, וועלכער איז שוין אַפֿילו באַצאָלט פֿאַר צוויי חדשים, קען איך דערווײַל זיך אַרײַנציִען...

— אָבער — האָט ער מיר אָנגעזאָגט די חסרונות — עס איז אין צימער ניטאָ קיין טיש, בלויז אַ בעטל און אַ טאַבורעט...

איך בין אַרײַן אין צימער — גרויס און פֿרײַ, ווי אַ פֿעלד. אין אַ ווינקל איז געשטאַנען אַ בעט מיט אַ סעניק, דאַכט זיך אָן אַ קישעלע. אַן איינזאַמער טאַבורעטל איז געשטאַנען אינמיטן דעם צימער און האָט פֿאַרנומען דעם פּלאַץ פֿון אַ טיש... פֿונדעסטוועגן איז מיר דער צימער, וואָס האָט געהאַט אַ באַזונדער טיר פֿון קאָרידאָר און עס האָט געהייסן אַ מלוכה פֿאַר זיך — געפֿעלן געוואָרן. בפֿרט עס איז דאָך בלויז אויף אַ פּאָר טעג, ביז איך וועל קריגן אַ צימער אַ ריכטיקן, מיט אַ טיש און מיט בעטגעוואַנד.

אַז איך האָב געוואוינט אין צימער מער ווי אַ פּאָר טעג, איז איבעריק צו דערציילן... דעם נידעריקן טאַבורעט האָב איך געקרוינט מיט נאָמען טיש, און כּדי ער זאָל אויסקומען העכער, האָב

איך בשעתן שרייבן דעם דאָזיקן טיש אַוועקגעשטעלט אויפֿן בעט און געזעצט זיך שוין אויף מיין טשעמאָדאַן, וואו עס זיינען געלעגן מיינע מאַנוסקריפּטן, ביכלעך און דאָס ביסל וועש... און אויף אַזאַ אופן האָב איך איבערגעשריבן מיין דערציילונג „דער לערער", אָנגעשריבן אַ נייע דערציילונג „שטילע טריט" און אַ צאָל לידער. דער דאָזיקער „טיש" איז מיר געווען הייסט עס מזלדיק, הגם די דערציילונג „דער לערער" האָב איך אָפּגעדרוקט פּיל שפּעטער, אויך די דערציילונג „שטילע טריט".

אין דעם דאָזיקן צימער פֿלעגט מיך באַזוכן מיין פריינד גרשון שאָפּמאַן, וואָס, ווי איך האָב שוין דערציילט, איז געקומען קיין וואַרשע צוליב אַ ביכעלע סיפּורים, וואָס דער פאַרלאַג „תושיה" האָט געהאַלטן שוין אין אַרויסגעבן. דעם האָנאָראַר האָט ער שוין לאַנג באַקומען, דערפאַר איז ער געווען פּונקט אַזוי רייך ווי איך. אָבער פריינד זיינען מיר געווען ניט בלויז צוליב דער אורזאַך. איך בין געווען אַנטציקט פון זיינע דערציילונגען, וועלכע ער האָט מיר געגעבן לייענען אין מאַנוסקריפּט. כאָטש אין העברעיש און כאָטש אין אַ שווערער ספּעציפישער אייגן-געשאַפענער שפּראַך, וואָס האָט געקענט הייסן מיט רעכט שאָפּמאַנישער העברעיש, האָט זיין סטיל זיך אויסגעצייכנט (און צייכנט זיך נאָך אויס עד-היום) מיט מייסטערהאַפטן צימצום. יעדעס וואָרט — אַ בילד. זיין געפיל פאַר מאָס, בפרט נאָך אין העברעיש, איז געווען צו באַוואונדערן. דערצו דער אינהאַלט, דער טיפער ליריזם, דער איידעלער, קוים באַמערקבאַרער אומעטיקער הומאָר, וואָס האָט געגרייכט ביז עלעגישקייט, די דיינע איידעלע עמפּינדונגען פון זיינע העלדן, די איידלקייט פון טאָן, ווי ער וואָלט זיינע דערציילונגען ניט געשריבן, נאָר איבערגעשפּילט אויף וואונדערלעכע פידלען — דאָס אַלץ האָט מיך געמאַכט פאַר זיינעם אַן איבערגעגעבענעם פאַרערער און חבר צוזאַמען... ער איז נאָך דאַן ניט געווען קיין פולע איין-און-צוואַנציק יאָר אַלט. אויך זיין באַציונג צו מיין שרייבן איז צו מיין דעמאָלסטיקער העכסטער פרייד געווען אַ וואַרעמע, כאָטש מיט קאָמפּלימענטן האָט ער זיך ניט געוואָרפן. עס איז בלויז געווען גענוג זיינס אַ וואָרט און אַ שמייכל, איך זאָל וויסן, אַז עס געפעלט אים.

אַמאָל פלעגט ער אַ מיינונג אַרויסזאָגן אינדירעקט: למשל, וועגן מיין ליד „דער מענטש“, וואו די לעצטע סטראָף ענדיקט זיך:

און דער מענטש — די קרוין, די קרוין
בעטלט אין די הייזער —

האָט ער מיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, פּלוצלונג אַ זאָג געטאָן:

— איר מוזט שטאַרק פיינד האָבן אָרעמקייט און אַ ספּעציפיש שאָפּמאַנישן שמייכל געטאָן.

איבערהויפּט זיינען אים געפעלן געוואָרן מיינע דערציילונגען „פאַרלאָרן דאָס קול“ און „ווייבערשער שרעק“...

— אָט דאָס איז דאָס ריכטיקע... — פלעגט ער זאָגן, מיינענדיק דערביי דעם רעאַליזם, ווייל אין יענער צייט האָט סיי פּרץ, סיי אַש דער אָנפאַנגער און אַפילו נאָמבערג אַליין, מיט וועלכן שאָפּמאַן איז געווען שטאַרק נאָענט — געשאַפן אין דעם ראָמאַנטישן גייסט, פון וואָס שאָפּמאַן איז געווען ניט קיין גרויסער אָנהענגער...

באַזוכט מיך אין מיין אויסטערלישן צימער, האָט ער זיך איינמאָל צערעדט וועגן מיין ביכעלע לידער, נאָכגעפרעגט אויף זיין ערשיינונג. האָב איך אים דערציילט, אַז יעקב לידסקי, וועלכן איך האָב שוין באַזוכט, צוריקקומענדיק פון ביאַליסטאָק, — איז שוין מרוצה אַרויסצונעמען דאָס ביכעלע פון דרוק, נאָר מיט דעם תנאַי, אַז איך זאָל ענדערן דעם נאָמען. ניט לידער זאָל עס הייסן, נאָר „צייט־לידער“.

— גיט אים נאָך! האָט שאָפּמאַן געשמייכלט.

— אַוודאי, שמייכל איך צוריק, — ער וויל אָבער אַ פּאָרוואָרט. אָנפאַנג האָט ער געוואָלט דווקא, אַז פּרץ זאָל שרייבן דאָס פאָרוואָרט. און פּרץ איז שוין מרוצה געוואָרן, פאַרלאַנגט ער אָבער, איך זאָל ענדערן אייניקע „גראַמען“, וואָס קלינגען פאַר אים ניט גוט. לויבן אַ זאַמלונג לידער, וואָס האָבן אייניקע ניט־געלונגענעריימען, קען ער זיך ניט דערלויבן. אָבער דאָס ביכל איז דאָך שוין אָפּגעדרוקט, נו, ווי קען מען ענדערן, סיידן אויף דאָס ניי איבערדרוקן.

הערט שאָפּמאַן אויס, שמייכלט און רופט זיך ענדלעך אָן:

— זאָגט לידסקין, אַז איך וועל אָנשרייבן אַ פּאָ־וואָרט... אָבער אָן מיין נאָמען נאַטירלעך.

לידסקי לאָזט זיך שוין איבעררעדן... ער וויל, הייסט עס, אויס־לייזן די לידער פון דער דרוקעריי און אַרויסלאָזן זיי אויף גאָטס וועלט. ער איז זיכער, אַז לידער וועלן ניט פאַרקויפט ווערן, ניטאָ דערויף קיין בעלנים, סיידן לידער מיט מעלאָדיעס, ווי גאָלדפאַדנס, למשל. אָבער, ווי געזאָגט, ער וויל מיר אַ טובה טאָן, איז ער שוין מרוצה, אַז שאָפּמאַן זאָל אָנשרייבן אַ פאָרוואָרט — אַבי אַ פאָרוואָרט... מיט אַ פאָרוואָרט, האָפט ער, וועט עס האָבן מער ווערט... איך מוז אים אָבער צוגעבן נאָך עטלעכע לידער. עס זאָל הייסן אַ שפּאָגל־ניי ביכל, ווייל הגם די עקזעמפּלאַרן זיינען פאַרמשכּנט געווען, פונ־דעסטוועגן האָב איך עטלעכע ביכלעך באַוויזן צו צעטיילן, וואָלט עס שוין געהייסן אַן אַלט ביכעלע. וויל ער אָפּפרישן מיט עט־לעכע נייע.

אַוודאי האָב איך דערלייגט פיר לידער — הלוואי וואָלט ער נאָך געוואָלט! לידסקי אַליין, כאָטש ער איז זיכער געווען, אַז צום ביכעלע וועט ער דערלייגן, וואָרעם ווער וועט עס קויפן לידער אָן מעלאָדיען צו זינגען! — פונדעסטוועגן גיט ער מיר אַ מתנה — אַ פינפערל... זאָל עס ניט הייסן אומזיסט..

איך בין ניט געווען אויסן דאָס פינפערל — עס איז מיר דאָך שטאַרק צוניץ געקומען — אויסן בין איך געווען צו באַ־פרייען דאָס ביכעלע לידער פון ר' יחיאל־מאיר האַלטערס דרוקעריי, וואו זיי זיינען געלעגן איבער אַ האַלב יאָר פאַרמשכּנטע...

איבערגעדרוקט אַ ניי שער־בלעטל, אַ גרינס, האָט זיך עס גע־לייענט אַזוי:

„ציית־לידער" (מיט אַ פאָרוואָרט) פון
אברהם רייזען, פאַרלאַג „פראָגרעס", תרנב.

און אַזוי איז דאָס ערשטע ביכעלע לידער אַרויס אין אַ מזל־דיקער שעה אויף דער ליכטיקער וועלט...

---

# זעקסאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

מיין נייגעריקייט וועגן ערפאָלג פון מיין ביכעלע. — די מיינונגען שבעל־פה וועגן מיין ערשטן ביכעלע לידער. — בעל מחשבותעס שטרענגקייט. — דוד פרישמאַן איבערראַשט מיך ווידער. — די רעצענזיע אין „דער יודישער פאַמיליע". — די לויבגעזאַנגען אין „פרעמדע" צייטשריפטן. — דאָס בריוועלע פון אַ גרופּע באַרקאָווער סטודענטקעס. — י. וואָלין, מיין קריטיקער־לאַנדסמאַן, אין „בודושטשנאָסטי". — עספיר די בונדיסטקע. — איר ערשטע מיינונג. — איר געענדערטע מיינונג אין טורמע. — דער צווייטער ליטעראַטן־באַל אין שווייצערטאָל. — עספיר גייט מיט מיר אויפן באַל. — דער זיג. — די געהויבענע געסט אפרים ליליען און בערטאָלד פייוועל. — די לעבעדיקע צייטונג. — פּרץ אויף דער בינע. — מיינע אַנטי־ציוניסטישע טעלעגראַמעס. — ד"ר חיים־דוב הורוויץ. — דער באַנקעט פאַר די געסט. — עספיר אויפן באַנקעט. — די שטימונג. — נחום סאָקאָלאָוו. — מזרח און מערב.

די ערשטע פאָר וואָכן, נאָך דעם ערשיינען פון מיין זאַמלונג לידער אין פאַרלאַג „פראָגרעס" אונטערן באַנייטן טיטל „צייט־לידער", האָב איך קיין דירעקטע מיינונג וועגן מיין ביכעלע ניט באַקומען. אָבער אומרויִק וועגן זיין מאָראַלישן גורל בין איך שוין ניט געווען. צייכנס פון ערפאָלג האָבן זיך שוין באַלד באַוויזן. ערשטנס, אַריינגייענדיק כמעט יעדן טאָג אין פאַרלאַג „פראָגרעס", האָט מיך דער פאַרלעגער יעקב לידסקי אויפגענומען פריינדלעכער, ווי געוויינלעך. זיין שמייכל, מיט וועלכן ער האָט מיך אַלעמאָל אויפגענומען, איז ברייטער און ליכטיקער געוואָרן, האָב איך עס אָנגענומען פאַר אַ צייכן, אַז מיין ביכעלע גייט... אַמאָל פלעג איך זיך ניט קענען באַהערשן און אַ פרעג טאָן אים סתם:

— נו, וואָס הערט זיך?

האָט ער שוין פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס פֿרעג איך וועגן מײַן ביכעלע „צייט־לידער“, און ער, אַ צופֿרידענער, פֿלעגט ענטפֿערן:

— בײַ מיר גייט אַלץ...

און אַמאָל פֿלעג איך אַרײַנקוקן אין דעם אָפֿענעם בוך, וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט אויפֿן טיש, אַ בוך, וואו ס'זײַנען געווען פֿאַרשריבן די טעגלעכע באַשטעלונגען פֿון די בוכהענדלער. פֿלעג איך מיט פֿרייד באַמערקן די רשימות: ביאַליסטאָק, אינדיצקי — 15 „צייט־לידער“; ווילנע, יצחק פֿונק — 20 „צייט־לידער“; מינסק, נפֿתּלי משׂכּיל־לאיתן — 10 „צייט־לידער“... האָב איך שוין פֿרעגן ניט גע־דאַרפֿט, איך האָב געזען באַשײַנפּערלעך, אַז דאָס ביכעלע גייט... ביז עס איז דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז לידסקי אַליין, בטבע אַן אויפֿ־ריכטיקער, האָט געמוזט צוגעבן:

— אײַער ביכעלע, רייזען, גייט ווי מצה־וואַסער... און אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט ער זיך שוין פֿאַר מיר גליקלעך געקלאָגט, אַז מען וועט באַלד מוזן דרוקן אַ צווייטע אויפֿלאַגע...

דערד׳ערט אַ צווייטע אויפֿלאַגע, האָב איך זיך שיר ניט פֿאַר־שעמט. אויף אַזאַ ערפֿאָלג האָט איך ניט געהאָפֿט, ווער רעדט לידסקי, וואָס האָט געמיינט, אַז ס'פֿאָלק קויפֿט בלויז לידער, וואָס האָבן מעלאָדיען און מען זינגט זיי, איז גאָר געווען גליקלעך אי־בערראַשט.

פֿאַר דער קריטיק האָב איך נאָך אַלץ זיך געשראָקן... אין מײַנע ליטעראַרישע קרײַזן האָט מען וועגן ביכעלע ווייניק גערעדט, הגם געטיילט האָב איך אים מײַנע חברים קאָלעגן פֿון דער ברײ־טער האַנט. געגעבן אַ ביכעלע אי נאָמבערגן, אי אַשן, אי ליפּמאַן לעווינען, אי די עלטערע — פּרצן און דינעזאָנען. דער איינציקער, וואָס האָט מיך געמוטיקט מיט זײַן מיינונג, איז געווען יעקב דינעזאָן. מיט אַ שײַנענדיקן פּנים און מיט שטראַלנדיקע אויגן פֿלעגט ער אַ צייט נאָכאַנאַנד, יעדעס מאָל ווען איך פֿלעג אַרויפֿקומען צו אים אין זײַן איינזאַם אָפּגעזונדערטן, הגם געמיטלעכן, צימער — אויס־דריקן זײַן התפּעלות פֿון אַ באַזונדער ליד, וואָס ער האָט געפֿונען אין ביכעלע פֿון די עטלעכע צענדליק לידער. אַוודאי איז בײַ מיר זײַן מיינונג געווען שטאַרק אָנגעלייגט. דינעזאָן איז, אמת, אַלס שרײַ־

בער, געווען שוין עטוואָס פאַרעלטערט. אָבער זיין גייסט איז געווען שטענדיק יונג און פריש, ער האָט געלייענט און זיך אינטערעסירט מיט די נייסטע ערשיינונגען אין דער יידישער, העברעישער און אַלגע־מיינער ליטעראַטור, שוין אָפּגעזען פון די גרויסע קלאַסיקער, וואָס ער האָט פיל פון זיי געקענט אויף אויסווייניק. וואָס אָנבאַטרעפט פרצן, האָט ער מיר קיין עקסטרע מיינונג וועגן די „צייט־לידער" ניט גע־זאָגט. אָבער זיין מיינונג האָב איך שוין געוואוסט פון פריער, ווען איך האָב אים דאָס רוב לידער פאָרגעלייענט גלייך נאָכן אָנשרייבן זיי.

נאָמבער איז צום ביכעלע געבליבן קאַלט. גערימט בלויז „אין קישן באַהאַלט איך מיין פנים" און „אָרעמעס לעבן".... ליפמאַן לעווין איז שוין געווען גנעדיקער, איבערהויפּט זיין חברטע, די גוטע גיטעלע... זי האָט אַפילו געפּרוווט מאַנכע לידער זינגען מיט ניגונים פון רו־סישע לידער...

דערפאַר האָב איך געמוזט אויסהערן אַ ניט גאָר גינסטיקע מיינונג פון ד״ר עליאַשעוו — בעל־מחשבות. ס׳איז פאָרגעקומען אין רע־דאַקציע פון „יוד". אויפן שרייב־טיש פון ד״ר יוסף לוריע איז גראָד געלעגן אַן עקזעמפּלאַר פון דעם ביכעלע, וואָס לידסקי האָט אים געשיקט פאַר רעצענזיע, ווייל איך אַליין האָב אים, דאַכט זיך, קיין עקזעמפּלאַר ניט אַרויפגעטראָגן. בעל־מחשבות, וועלכער איז געווען דאַן אין ד״ר לוריעס רעדאַקציאָנס־צימער, האָט דאָס ביכעלע גע־נומען אין דער האַנט.

— געלייענט? — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן.

— יאָ.

— נו, איר וועט שרייבן עפּעס? — האָב איך ווידער געוואַגט צו פרעגן, אָדער יוסף לוריע האָט עס געפרעגט.

— ניין, — האָט ער גרויזאַם געענטפערט און אַ בייזלעכן שמייכל געגעבן.

און באַלד האָט ער דאָס ביכעלע אַ בלעטער געטאָן און זיך געזוכט צו פאַרטיידיקן:

— לידער פון אָרעמקייט!

און איז נאָך אַלץ בייז געווען.

— וועלכע? — האָב איך זיך מיט אים גענומען דינגען און איך בין אַליין שיר ניט בייז געוואָרן פאַר דעם בילבול, וואָס ער מאַכט אויף מיינע לידער.

— אַלע, אַלע! האָט ער זיך אויפגערעגט, — פּילנדיק קענטיק אַליין, אַז ער איז ניט גערעכט — אַלע, אַפילו „הוליעט, הוליעט" איז אויך אַ קבצניש ליד.

האָב איך שוין אינערלעך געשמייכלט.

באַלד האָט ווידער גענומען בלעטערן, געפונען דאָס קליינע לידעלע „אויף וואָס זאָל איך האָפן, אויף וואָס זאָל איך וואַרטן? איך האָב די מלחמה פון לעבן פאַרשפּילט"...

— נו, יאָ„ האָט ער טריומפירנדיק זיך געווענדט — אַוודאי, איר זאָגט אַליין — „איר זייט ניט קיין העלד"...

— עס איז דאָך בלויז אַ שטימונג — האָב איך זיך פאַרענטפערט, און האָב אים אָנגעצייגט אויף אַנדערע מונטערערע לידער:

איך וואַרט אויפן ליכטיקן טאָג, וואָס וועט קומען
מיט גאָלדענע שטראַלן, מיט בליונג און בלומען...

איז ער שוין מילדער געוואָרן. געבלעטערט דאָס ביכעלע און זיך אָפּגעשטעלט אויף דעם ליד „אַ געזינד זאַלבע אַכט". ׳

— דאָס איינציקע ליד, וואָס האָט אָריגענעלע פאָרם!

באַלד אָבער האָט ער מיר „דערלייגט" נאָך אַ פּאָר לידער, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דאָס ליד „אין די פינסטערע אַלעען", און ענדלעך איז ער שוין גאָר מילד געוואָרן און געזאָגט:

— געוויס, אין דעם ביכעלע געפינען זיך זייער שיינע לידער... מיר דאַרפן אָבער איצט האָבן אַ נ ד ע ר ע לידער...

„מיר" האָט ער אַוודאי געמיינט „ציוניסטן"... כאָטש, ווי איך האָב שוין פריער באַמערקט, איז ער געווען אַן אַנדער מין ציוניסט...

זיין אין אַלגעמיין האַרטע מיינונג האָט מיך פונדעסטוועגן ניט באַאומרויקט. אויב ער איז ניט געווען אינגאַנצן אומגערעכט צו מיין ערשטן ביכעלע לידער, האָב איך דאָך געפילט אין זיין טאָן אַן

אומאויפריכטיקייט, אַ קאַפּריזנעקייט און נאָך מער — אַ פאַרביטערט־קייט.

בעל־מחשבות, ווי באַקאַנט, האָט אַליין אויך אָנגעהויבן זיין ליטעראַרישע קאַריערע מיט לידער. אייניקע לידער האָט ער פאַרעפנט־לעכט אין „יוד" אונטערן נאָמען ד״ר אים. על... און שוין שפּע־טער מיט עטלעכע יאָר האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ ליד אינם ערשטן נומער פון מיין וואָכנשריפט „דאָס יודישע וואָרט"...

דערפאַר בין איך באַלוינט געוואָרן מיט גוטע ווערטער פון דוד פרישמאַן. עס איז געווען דאָס צווייטע מאָל, וואָס דער דאָזי־קער „בייזער" קריטיקער האָט מיך איינגענעם איבערראַשט.

עס איז אויך פאָרגעקומען אין רעדאַקציע פון „יוד", אין ד״ר יוסף לוריעס צימער. אַריינקומענדיק, האָב איך אים געטראָפן גראָד בלעטערנדיק, צי לייענענדיק דאָס ביכעלע „צייט־לידער". מיך דער־זען, האָט ער זיך אַזש דערפרייט און מיט צופרידנקייט זיך גע־ווענדט צו מיר:

— וויסן זי... איך האָב דאָס ביכעלע געגצלעך איבערגעלעזן. געוויס, עס פאַרמאָגט נאָך פיל ניט רייפעס, אָבער אין אַלגעמיין — הערלעכע לידער.

און אַ בלעטער טוענדיק דאָס ביכעלע, האָט ער זיך ענדלעך אָפּגעשטעלט אויף אַ קליין לידל „צו אַ געפאַלענער פרוי" און האָט זיך אָנגערופן:

— וואונדערלעך שיין! און ביים צווייטן סטראָף האָבן זיינע בליקן אויפגעלויכטן אונטער זיין גאָלדענעם פענסענע...

„שוין, פאַרוועלקט די שיינע גלידער
און די ליבע גוטע-ברידער
וועלן שוין צו דיר ניט קומען..."

— „די ליבע גוטע־ברידער" — האָט ער אי פּראָטעסטירט קעגן די „גוטע־ברידער" אי זיך באַגייסטערט פון דעם פערז. און ענדלעך צוגעגעבן ערנסט:

— זעען זי, אומזיסט זאָגט מען, אַז איך בין אַלץ מבטל... עכטעס טאַלאַנט אַנערקען איך אימער...

וואָס זאָל איך דאָ לייקענען, איך האָב זיך געפֿילט שטאַרק געשמייכלט און אַפֿילו גליקלעך פֿון דעם בלומרשט בייזן דוד פֿרישמאַנס מיינונג און בין אים דערפֿאַר אין האַרצן שטאַרק דאַנקבאַר געווען. און אפֿשר האָב איך אים מיין דאַנק אויך אויסגעדריקט מיט ווערטער. איך געדענק עס ניט.

פֿונדעסטוועגן האָט ער קיין רעצענזיע אין „הדור", וואָס איז דאַן ערשינען אונטער זיין רעדאַקציע דורכן פֿאַרלאַג „אַחיאָסף", ניט געשריבן.

אָבער אויך אין „יוד" איז קיין שום רעצענזיע ניט געווען.

אין דער מאָנאַטשריפֿט „די יודישע פֿאַמיליע", שוין אונטער ספּעקטאָרס רעדאַקציע, איז יאָ געווען אַ קורצע רעצענזיע פֿון ב״ק (אַ פּסעוודאָנים פֿון י. ח. ראַווניצקי). אַרויסטרעטנדיק קעגן דער צו גוטער מיינונג אין דעם פֿאָרוואָרט צום ביכעלע, האָט ער דאָך צוגעגעבן אַליין אַ פּאָר גוטע ווערטער וועגן ביכעלע און זיך דערהויפּט אָפּגעשטעלט אויף דער האַרציקייט און פּשוטקייט פֿון די לידער...

איבעריקנס איז דאָס געווען די איינציקע רעצענזיע אין יידיש.

דערפֿאַר האָבן זיך שפּעטער אָנגעהויבן שיטן רעצענזיעס וועגן מיין ביכעלע „צייט=לידער" אין די רוסיש=יידישע צייטשריפֿטן און אַפֿילו אין די העברעישע. די ערשטע רעצענזיע איז געווען אין „בודושטשנאָסט", וואו דער רעצענזענט, י. וואָלין, האָט מיך געקרוינט אַלס דעם גרעסטן יידישן דיכטער... אַליין אַ דיכטער אין רוסיש, האָט ער אייניקע מוסטערן געבראַכט אין רוסישער איבערזעצונג. די דאָזיקע רעצענזיע מיט איר איבערגעטריבענעם לויבגעזאַנג האָט מיך דווקא ניט צופֿרידנגעשטעלט. עפּעס איז זי מיר געווען צו פֿריקרע. עס האָט מיך פּשוט דערשראָקן און גלייך נאָכדעם האָב איך אָנגעשריבן אַ ליד, ווי אַן ענטפֿער, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן:

איך וויל ניט זיין גרויס, מיך ציט ניט דערצו
צי האָט פֿאַר דער צייט דען די גרויסקייט אַ ווערט?
איך וויל בלויז אַ ביסל האַרמאָניע און רו
און ווייניקער טרערן צו זען אויף דער ערד...

איך וויל ניט קיין קאַמף, איך וויל ניט קיין שטרייט,
צו ברענגען מיט גוואַלד דעם עקשן, דעם גליק;
איך וויל נאָר, אַז קלוג זאָלן ווערן די לייט,
זאָל יעדער אַליין זיך באַפרייען פון שטריק...

דערצו איז נאָך דער י. וואָלין געווען מיינער אַ פּערזענלעכער באַקאַנטער. באַקאַנט האָב איך זיך מיט אים אין מינסק אין הויז פון רחל ברכות, וועמעס פאַרערער ער איז געווען אין אַלע הינ־זיכטן; ווער רעדט, אַז די הויך־טאַלאַנטירטע שריפטשטעלערין האָט נאָך שפּעטער־צו אָנגעהויבן דרוקן אירע ווירקלעך מייסטערהאַפטע דערציילונגען אין „יוד", איז זיין פאַרערונג צו איר געוואָרן אַזש רירנד.

אויך צו מיר, ווען איך פלעג זיך אַמאָל אין אַ יאָר פון וואַרשע קיין מינסק אַריבערכאַפּן און טרעפן זיך מיט אים ביי רחל ברכות אין הויז, האָט ער זיך באַצויגן מיט גרויס איבערגעבונג. ער האָט געהערט צו אַן אַנדער וועלט, איבערהויפּט לויט זיין קלאַס, ווייל ער האָט געשטאַמט פון זייער רייכע עלטערן, הגם אין יענער צייט איז ער נאָך געווען סאָציאַליסטיש געשטימט און האָט גע־שריבן רעוואָלוציאָנערע רוסישע לידער פאַר אומלעגאַלע רוסישע אויסגאַבן.

אַ מער איינגעהאַלטענע, אָבער אויך אַ זייער וואַרעמע רעצענזיע וועגן מיין ביכעלע „צייט־לידער" האָט שוין געגעבן דער „וואָסכאָד". דער רעצענזענט, ד״ר פרומין, האָט אויך באַוואונדערט דעם אויסגע־שמידטן פערז און דעם „טיפן ליריזם" און דעם אַלמענטשלעכן טאָן.

אַ לויבגעזאַנג אָנשטאָט אַ רעצענזיע האָט אויך באַקומען דאָס ביכעלע „צייט־לידער" אין „המליץ", וואָס דאָס האָט מיך באמת געוואונדערט. צוליב מיין „צוואַנציגסטען יאָרהונדערט" (וועלכער איז אַגב, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, לחלוטין פאַרשוויגן געוואָרן אין דער דעמאָלסטיקער יידישער און העברעישער פרעסע) בין איך שוין געווען באַקאַנט אַלס קעמפער פאַר יידיש. די רעצענזיע אין דעם „המליץ" איז געווען גאָר אַ געהויבענע, ניט מער דער טיטל אי־בער דער רעצענזיע האָט געהייסן: „פנינים ברפש..." דאָס הייסט,

פערלען, אָדער דימענטן, אין בלאָטע... די „פנינים“ זיינען דאָס געווען מיינע לידער. די בלאָטע — די יידישע שפּראַך, ניט היינט געדאַכט... ווען ניט אָט דער אומגעלומפּערטער, באַליידיקנדיקער טיטל, וואָלט די רעצענזיע, נאַטירלעך, ניט געקענט אַריין אין „המליץ“... דער דאָזיקער טיטל איז געווען דער קרבן־חטאת פאַר לויבן אַ ביכל לידער אויף יידיש. און נאָך ווי געלויבט! דער רעצענזענט איז געווען איינער אַ דאַן באַקאַנטער העברעיִשער שרייבער, א. ל. ביס־קאָ, און דווקא אויך מיינער אַ באַקאַנטער פון וואַרשע. ווען ער האָט געשריבן די רעצענזיע, איז ער שוין געווען ניט אין וואַרשע, אָבער איך האָב אַלץ אים חושד געווען, אַז דאָס איז ער אויסן מיר צו טאָן אַ פּערזענלעכע געפעליקייט...

אַן אמתע פרייד האָט מיר פאַרשאַפט אַ פּאָסטקאַרטל, וואָס איך האָב באַקומען פון כאַרקאָוו פון אַ גרופּע סטודענטקעס. די פּאָסטקאַרטל איז געווען געשריבן אין רוסיש. אין די ערשטע פּאָר שורות איז געשטאַנען געשריבן:

„צעלויעם וואַס, מילי, דאָראָגאָי, אברהם רייזען, זאַ וואַשי טשודניאַ סאָווערעמענניאַ סטיכאָטוואָרעניאַ“. די ווייטערדיקע שורות, פול מיט באַגייסטערטע אויסדרוקן און שיר ניט מיט ליבע־דערקלערונ־גען, געדענק איך שוין ניט. און די אונטערשטע העלפט פּאָסטקאַרטל האָט אַנטהאַלטן בײַ אַ פערציק אונטערשריפטן פון די סטודענטקעס מיט אַלערליי נעמען. עס זיינען געווען אַננאַ ראַבינאָוויטשעס מיט ליזאַ גאָלדשטיינס, און בערטאַ זילבערמאַנס און ראָזע סווידלאָווסקי און ווער געדענקט דען די אַלע ליבע נעמען פון די וואונדערלעכע יידי־שע כאַרקאָווער סטודענטקעס, וואָס זיי האָבן מיר זיך פאַרגעשטעלט פאַר די ליבסטע און שענסטע און באַצויבערנדיקסטע...

אַזאַ פּאָסטקאַרטל האָב איך שוין געמוזט ווייזן אויך מיינע נאָענטע חברים. דער ערשטער איז געווען נאָמבערג. ער האָט גוט־מוטיק געשמייכלט אויף זייער נאַיִוויטעט און אָנטיילגענומען אין מיין גרויסער פרייד, ווי אַ חבר, הגם זייערע מיינונגען האָט ער אַוודאי און אַוודאי ניט „געטיילט“....

דערפאַר האָט מיר פאַרשאַפט אַ ביסל צער די מיינונג פון עספּיר, אַ באַרימטע בונדיסטקע, וואָס איז אין יענער צייט, אַרום

1902, נאָר־וואָס געקומען קיין וואַרשע און האָט געמאַכט אַ רושם אין אונזערע קרייזן. דער ערשטער האָט זיך מיט איר באַקענט נאָמבערג — צי דורך ליפּע נאָוואָגרודסקין, צי ביי פּרצן אין הויז, ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז איידער איך האָב זיך מיט איר באַקאַנט האָט מיר נאָמבערג — ער האָט שוין דאַן געוואוינט אַליין אין אַ פיינעם צימער אויף קאַרמעליצקע און געקענט איינלאַדן אַהין אַפילו געהויבענע געסט — האָט מיר נאָמבערג דערציילט פון אַן אינטערעסאַנטער סאָציאַליסטישער טוערין, וואָס פאַרמאָגט פיל אינטעליגענץ און באַזיצט אַפילו אַ ראַפינירטן ליטעראַרישן געשמאַק. פאַרבייגייענדיק האָט ער מיר איבערגעגעבן איר מיינונג וועגן מיין ביכעלע „צייט־לידער“. איך געדענק די מיינונג, ווי איצט:

— אַ סך אמת און ווייניק פּאָעזיע...

האָט עס מיר זייער וויי געטאָן. און אַ לענגערע צייט האָב איך זיך מיט איר אַפילו ניט געוואָלט נעענטער באַקענען, הגם זי איז אויך לויטן אויסזען געווען זייער אַ סימפּאַטישע, פול מיט חן. העכער פון מיטעלן וואוקס, מיט שוואַרצע קלוגע אויגן, אין אַ שוואַרצער זיידענער לאַנגער קלייד. די שוואַרצע האָר, פאָרזיכטיק און גלאַט פאַרקעמט, האָבן איר צוגעגעבן גרויס פאָרנעמקייט. דערצו האָט זי, כאָטש אַ פירערין פון די אָרעמע אַרבעטער־מיידלעך, זיך גע־האַלטן מיט געוויסן איידעלן שטאָלץ...

ערשט שפּעטער־צו, אַ דאַנק ליפּע נאָוואָגרודסקין, האָט זי איר מיינונג געענדערט, און אַז מען האָט זי דאָס ערשטע מאָל אַרעסטירט און זי איז געזעסן אין טורמע אויף דער פּאַוויע־גאַס, האָט זי, אין אירע צעטלעך צו ליפּען, געפאָדערט, ער זאָל איר שיקן בלויז מיינע ביכלעך. אין טורמע זיצנדיק האָט זי, הייסט עס, תשובה געטאָן און זיך איבערצייגט אין מיין טאַלאַנט.

ליפּע נאָוואָגרודסקי פלעגט טאַקע קומען צו מיר און שיר ניט אַ פריילעכער אָנזאָגן:

— רייזען, עספּיר איז גאָר אַנטציקט פון אַייערע לידער און דער־ציילונגען. זי בעט מיך, איך זאָל שיקן איר אין טורמע וואָס מער פון אַייערע...

אוודאי האָט מיר הנאה געטאָן, וואָס מיינע לידער און דער־ציילונגען קענען אַריינטראָגן פרייד און פאַרגעניגן די קעמפער, וואָס זיצן פאַרשפאַרט אין טורמע, אָבער פאַרדראָסן האָט דאָך מיר, וואָס פרייערהייט האָט עספּיר וועגן מיינע לידער ניט געזאָגט די מיינונג, וועלכע איך האָב ערוואַרט פון איר.

ערשט אַז זי איז באַפרייט געוואָרן (אין 1903 איז זי ווידער אַרעסטירט געוואָרן), האָט זי מיר אויסגעדריקט איר אַנטציקונג פון מיינע לידער און דערציילונגען און האָט זיך שיר ניט אַנטשולדיקט פאַר איר פריערדיקער מיינונג, הגם זי האָט באַמערקט, אַז נאָמ־בערג האָט אַפילו איר ערשטע מיינונג וועגן מיר ניט גאָר ריכ־טיק מיר איבערגעגעבן.

האָב איך שוין פאַרגעבן אי איר אי נאָמבערגן, בפרט אַז איך האָב קיינמאָל ניט געשאַצט דעם מענטשן, צי חבר, צי חברטע, לויט זייערע מיינונגען וועגן מיר.

מיט דער צייט בין איך מיט דער הויך־אינטערעסאַנטער עספּ׳רן געוואָרן נעענטער באַקאַנט, כאָטש שטאַרק באַפריינדעט מיט איר בין איך קיינמאָל ניט געווען. צו שטאָלץ און צו באַפּעלעריש, צייטנווייז אַזש מאַיעסטעטיש איז זי געווען פאַר מיר.

פונדעסטוועגן, אַז איך האָב זי איינגעלאַדן גיין מיט מיר צום צווייטן ליטעראַטן־באַל, וואָס איז ווידער פאָרגעקומען אין דעם אַריסטאָקראַטישן שווייצער־טאָל, האָט זי מיין איינלאַדונג מיט פרייד אָנגענומען. איר פרייד האָט זי ניט אויסגעדריקט און געדאַנקט אוודאי ניט; זי האָט סיי־ווי־סיי געמאַנט, אַז פיל פון מיינע חברים און קאָ־לעגן וועלן מיר מקנא זיין, וואָס איך גיי מיט איר, מיט עספּירן, אויפן באַל...

געקומען צו איר, צו נעמען זי אויפן באַל, בין איך אַ זייגער 8 אין אָוונט. זי האָט געוואוינט אין אַ צימער אויף מוראַנאָוו. זי איז שוין געווען גרייט. אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ־זיידענער קלייד, אויבן ביים האַלז אַ ווייסע, געהעפּטע „קרוזשעווע“, ווי די מאָדע איז דאַן געווען, האָט זי בכלל אויסגעזען יום־טובדיקער ווי שטענדיק. ליפּע נאָוואָגרודסקי איז אויך דערביי געווען. צו גיין אויפן באַל האָט ער זיך אָפּגעזאָגט... עס האָט מיר זייער ווי געטאָן, פאַרוואָס

ער וויל ניט גיין; צוליב געוויסע פּרינציפּן און פּערזענלעכע אור=
זאַכן זאָגט ער זיך אָפּ פון פרייד, הגם ער איז געווען דאָס רוב
(און אַוודאי אויך איצט) — אַ לעבעדיקער, אַ פריילעכער, און
צייטנווייז פּלעגט ער גאָר אויפפלאַמען. אָבער מיין אייגענע פרייד,
וואָס איך וועל קומען אויפן באַל מיט עספּירן אַליין, — האָט
איבערגעוואויגן מיין פאַרדראָס, וואָס נאָוואָגרודסקי גייט ניט מיט.

נאָוואָגרודסקי האָט אונז אַרויסבאַגלייט ווי אַ פריינט, ווי אַ
חבר, און שיר ניט ווי אַ פאָטער. מען האָט געדאַרפט האָבן דער=
צו אַ גרויסן כּוח! אָבער נאָוואָגרודסקי האָט דעם כּוח געהאַט! האָט
ער מיר נאָך מיטגעגעבן געלט אויף אַ דראָשקע, ווייל דרויסן האָט
גראָד געדעגנט (און אפשר האָב איך זיך אָנגעגרייט מיט געלט,
ווייסנדיק שוין מיט אַ פּאָר טעג צוריק, אַז עספּיר וועט גיין מיט מיר
אויפן ליטעראַטן=באַל). איך געדענק בלויז, אַז אַרויסגייענדיק שוין
פון צימער, האָב איך און עספּיר אים ווידער פאָרגעלייגט מיטצוגיין,
מיטצופאָרן, אָבער ער, אַ רויק=שמייכלענדיקער, האָט געענטפערט:

— ניין, ניט פאַר מיר.

און צעלאַכנדיק זיך מיט זיין אַיינגענעם קלינגענדיקן געלעכטער,
זיך כּלומרשט פאַרענטפערט:

— איך האָב דאָך קיין פראַק ניט...

אַוודאי האָב איך אָפּגעהיט דעם געזעץ אויך דעם צווייטן
יאָר און בין געווען אָנגעטאָן אין אַ פראַק, וואָס איך האָב גענומען,
ווי צום ערשטן באַל, אויף פּראָקאַט...

געקומען אויפן באַל מיט עספּירן, איז שוין דער אַריסטאָקראַ=
טישער עולם געווען פאַרזאַמלט. אויך די געהויבענע צוויי געסט, וואָס
זיינען דעמאָלסט געקומען קיין וואַרשע פון בערלין, בערטאָלט פיוועל
און דער מאָלער אפרים ליליען, זיינען שוין אויך געווען... צוליב
די צוויי דערמאָנטע בערלינער געסט איז אויך נחום סאָקאָלאָוו מיט
זיין פאַמיליע און כּוויטע געווען אויפן באַל... פריץ, וואָס איז
אויך אויף דעם באַל געווען דער טאָנגעבער, האָט זיך אַ יום=טוב=
דיקער, מיט זיין שטראַלנדיקן שמייכל, אַרומגעטראָגן איבערן זאַל ווי
אַ ווינט. ער איז געווען אין אַ גוואַלדיק=געהויבענער שטימונג און

אַ בימל אויפגערעגט. דאָס האָט ער באַלד געדאַרפט אַרויפגיין אויף דער בינע, וואָס דער זאַל פאַרמעגט, און עפּעס דורכלעזן פורימדיקס (דער ליטעראַטן־באַל האָט אָפיציעל געהייסן „פורים־באַל“ און איז פאָרגעקומען יעדן שושן־פורים אָוונט...). עס האָט געזאָלט פאָרגעלעזן ווערן אַ לעבעדיקע צייטונג, אין פורים־שפּילעוודיקן גייסט...

באַלד איז ער טאַקע אַרויף אויף דער בינע... פאָרגעלעזן, צי גערעדט עפּעס אויסווייניק... איך געדענק ניט. עס איז געווען אַ צו פריילעכע אומאָרדענונג, אַז דער עולם זאָל אויסהערן. איך געדענק, ווי פרץ האָט מיט זיין ניט גאָר שטאַרקער שטים געפּרוווט דערגרייכן צו די ווייטערע רייען. בלויז די ערשטע רייען האָבן אים אויסגעהערט, און אַזוי ווי ער האָט עטוואָס קריטיקירט דעם ציוניזם מיט זיינע אייניקע שאַרפזיניקע וויצן, און גראָד זיינען די ערשטע רייען, וואָס זיינען געזעסן, צי געשטאַנען, באַשטאַנען פון ציוניסטן, איז זיין ערפאָלג ניט געווען צו גרויס...

איך האָב אויך נאָך מיט עטלעכע טעג פריער אָנגעגרייט וויציקע פאַראָדיעס אויף טעלעגראַמען וועגן ציוניזם. האָב איך שוין אַוודאי ניט געוואַגט אַרויסצוטרעטן מיט זיי... ערשט שפּעטער, ביי אַ טישל, אין בופעט־צימער האָב איך די טעלעגראַמען פאָרגעלייענט פאַר אַ פּאָר צענדליג מענטשן. ד״ר חיים־דוב הורוויץ, וואָס איז דאַן געווען אין וואַרשע, פריער אַלס מיטאַרבעטער פון „יוד“ און שפּעטער אַלס מיטרעדאַקטאָר אין תּושיהס „פאָלקסצייטונג“, איז גאָר נשתּומם געוואָרן פון מיין געוואַגטקייט. ער האָט אָנגעקוקט עספּירן, וועלכע איז געזעסן ביי מיין רעכטער זייט, און אויף זיין הומאָריסטישן שטייגער האָט ער באַמערקט:

— דאָס האָט אַייך אָט די שיינע פריילין באַגייסטערט. ווען זי איז ניטאָ דערביי, וואָלט איר ניט געוואַגט אַזוי שטאַרק אַרויסצוטרעטן קעגן ציוניזם אָט דאָ, פאַר אונז...

אפשר איז ער גערעכט געווען.

אַ זייגער צוועלף איז אין אַ קלענערן זאַל פון זעלבן שווייצער־טאָל פאָרגעקומען אַ באַנקעט לכבוד די צוויי גרויסע געסט, בער־טאָלד פייוועל און אפרים ליליען. צום באַנקעט זיינען געווען איינגע־

לאַדן בלויז די אויסדערוויילטע. איך האָב אויך אויפֿן באַנקעט באַקומען נאָך אַ פּאָר טעג פֿריער פֿון פּרצן אַליין, צי פֿון דעם קאָמיטעט צוויי בילעטן. עספֿיר האָט זיך זייער געפֿרייט, וואָס זי וועט בייוואוינען אַזאַ גרויסאַרטיקן באַנקעט. זי האָט אויף מיר דאַן געקוקט, ווי אויף אירן אַ שיצער. ווי אַריסטאָקראַטיש, טראָץ איר צוגעהעריקייט צום „בונד“ און צו די יידישע מאַסן, זי האָט זיך ניט געהאַלטן שטענדיק, האָט זי זיך דאָך געפֿילט פֿרעמד אין דעם דאָזיקן נייעם קרייז, פֿון וועלכע פֿילע זיינען געווען קעגנער פֿון אידעע און אויך מיינע אידעאַלן. אָבער זי האָט באַוויזן גענוג טאַקט. איבעריקנס, לייקענען האָט מען ניט געקענט, אַז צווישן די „הויכגעשטעלטע“ אויפֿן באַנקעט זיינען געווען אויך פֿיל אינטערעסאַנטע און אייגענע. ווער רעדט פּרץ אַליין, מיט וועלכן זי איז אין אַ צייט אַרום באַפֿריינדעט געוואָרן — איז דאָך אי אינטערעסאַנט אי אַן אייגענער מענטש, אַ רעוואָלוציאָנער. און איך און אַפֿילו נאָמבערג זיינען אויך ניט געווען קיין פֿרעמדע.

איך האָב עספֿירן פֿאָרגעשטעלט פֿאַר אייניקע געסט, אַפֿילו פֿאַר נחום סאָקאָלאָוון, וועלכער האָט מיך שוין פּערזענלעך געקענט (איך בין שוין שיר ניט געווען אַ מיטאַרבעטער אין „הצפֿירה“, ווי איך וועל שפּעטער דערציילן). נחום סאָקאָלאָוו, וואָס איז געווען דעמאָלסט אין דעם כּמעט גלאַנץ פֿון זיין ליטעראַרישער און אויך ציוניסטישער קאַריערע, איז געווען דער טאָסטמייסטער. האָט ער זיך דווקא געהאַלטן זייער דעמאָקראַטיש, אַפֿילו מיט מיר זיך איבערגעוואָרפֿן מיט אַ פּאָר פֿריינדלעכע ווערטער... אמת, מיט די געהויבענע געסט האָב איך ניט גערעדט, הגם בערטאָלד פֿייוועל איז, לויטן אויסערלעכן אויסזען, מיר שטאַרק געפֿעלן געוואָרן — אַ שיינער, שלאַנקער ברונעט, מיט אַ דייטשער צירלעך־מאַנירלעכקייט, אַ רויק־שמייכלענדיקער. איך בין געווען צופֿרידן, וואָס איך דאַרף ניט ברעכן מיין צונג אויף דייטש. דאָס האָט שוין געטאָן פֿאַר מיר נחום סאָקאָלאָוו...

די מעניו איז געווען זייער אַ רייכע. אויך דאָס פֿלעשעלע וויין, וואָס איז געשטאַנען פֿאַר יעדן גאַסט, איז געווען פֿון דעם בעסטן סאָרט — איז אַוודאי די שמחה געווען זייער גרויס. די צוויי

יידישע געסט פון דייטשלאַנד האָבן געזאָלט סימבאָליזירן די פאַר־אייניקונג פון דעם מערב־יידן מיט דעם מזרח־יידן, און אַוודאי איז די דאָזיקע פאַראייניקונג אויפן באַנקעט געלונגען אויפן העכסטן אופן. אין דעם זין זיינען געוועזן טאַקע די רעדעס פון סאָקאָלאָוו און אַפילו פון פרץ...

# זיבנאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

איך ווער אַן אַגענט פאַרן „וואָסכאָד". — מיין רייזע צוריק קיין ביאַליסטאָק אַלס אַגענט. — דער ביאַליסטאָקער באַנקיר און זיין זון. — מיין באַזוך אין קאָוונע. — מיין ערשטע איבערזעצטע דערציילונג אין „וואָסכאָד". — מיין איבערזעצער, ד"ר א. מאַרקאָוו. — זיין באַגייסטערטער בריוו צו מיר. — פריילין לעאָנאָוואַ. — מיין ערשטע זומער-וואוינונג אין סווידער. — די שיינע יידיש-פּוילישע פריילין. — מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ. — איך זעץ איבער פון פּויליש „איז אַוועק צום קריג דער מלך". — די אָפּקלאַנגען אין דער פּוילישער פּרעסע.

איינע פון מיינע אינטערעסאַנטסטע און אפשר טיפסטע איבערלעבענישן אין יענער צייט האָב איך געהאַט, ווען איך האָב באַזוכט קאָוונע, שוין אַלס אַגענט פון „וואָסכאָד".

„טויזנט און איין נאַכט" צו דערציילן, ווי אַזוי איך בין בכלל געוואָרן אַן אַגענט פון דער דאָזיקער רוסיש-יידישער צייטשריפט.

פאַרשלייערט פאַר אַן אַגענט האָט מיך טאַקע אברהם קאָטיק, ווען איך בין געווען זיין אַרויסהעלפער אין ביאַליסטאָק און מיין אַרבעט האָט זיך שוין געענדיקט און איך האָב שוין געהאַלטן ביים אָפּפאָרן צוריק קיין וואַרשע. אין יענער צייט האָט באַזוכט ביאַליסטאָק איינער פון די דעמאָלסטיקע (און אויך פון די היינטיקע) ראַדיקאַלערע כלל-טוער, דער יוריסט בראַמסאָן. ער איז אויך געווען איינער פון די אַרויסגעבער אָדער רעדאַקטאָרן פון „וואָסכאָד". דער „וואָסכאָד" האָט זיך דעמאָלסט מאַטעריעל גענייטיקט. עס האָט זיך געפאָדערט אַ גרויסע צאָל נייע אַבאָנענטן צו אויפהאַלטן זיין עקזיסטענץ. אויך איז געווען נייטיק זיין צירקולאַציע צו פאַרגרעסערן צוליב אַגיטאַציע-צוועקן. גענוי וואָס דער „וואָסכאָד" האָט דעמאָלט פּראָפּאַגאַנדירט, איז מיר ניט געווען קלאָר, איך האָב אים

אין יענער צייט ווייניק געלייענט. לויט זיין אינהאַלט איז דער „וואָסכאָד" געווען אַ ליבעראַלע וואָכנשריפט, וואָס איז אַרויסגעטראָטן אָפט מיט שאַרפע אַרטיקלען קעגן דער רעגירונג און געפאָדערט מער רעכט פאַר יידן אין רוסלאַנד... אַ יידישער שרייבער און קעמפער פאַר יידיש, האָב איך טאַקע ניט געהאַלטן פון יידישע צייטונגען אין אַנדערע שפּראַכן, הגם איך האָב געפילט די צייטווייליקע נויטווענדיקייט פון זיי. אויב אָבער די „בודושטשנאָסט", אַלס ציוניסטישע וואָכנשריפט אין רוסיש, איז מיר געווען אין אַ געוויסן זין דערווידער, איז דער „וואָסכאָד" מיט זיין ליבעראַלן און אָפט אויך ראַדיקאַלן טאָן מיר דאַן געווען פיל נעענטער. בפרט אַז די ערשטע רוסישע לידער פון פרוג האָב איך געלייענט נאָך אַלס יינגל אין קאָידענאָוו אין די ביכלעך פון „וואָסכאָד", וואָס האָבן זיך געפונען אין דער שטעטלשער ביבליאָטעק און שפּעטער — אין מינסק, און אַפילו נאָך שפּעטער — אין וואַרשע. אויך איז מיר טייער געווען דער „וואָסכאָד" צוליב די ערינערונגען וועגן די ערשטע רוסישע דערציילונגען, וואָס איך האָב דאָרט געלעזן יינגלוויז, פון בן-עמי. איינס פון יענע בן-עמיס דערציילונגען „דער בעל-תפילה" האָט אויף מיר געמאַכט אַ טיפן איינדרוק, וואָס איז נאָך ניט אָפּגעווישט געוואָרן ביז היינטיקן טאָג.

דערזען מיט מיינע אויגן איינעם פון די פאָרשטייער פון „וואָסכאָד", כאָטש דער „וואָסכאָד" פון בראַמסאָן איז שוין געווען גאָר אַן אַנדערער, ווי דער אַמאָליקער פון לאַנדאַו, איז מיר די באַקאַנטשאַפט מיט אים געווען זייער איינגענעם; בראַמסאָן, אַליין אַ קאָוונער, מיט וועמעס ברודער ד"ר בראַמסאָן איך האָב טאַקע דאָרטן זיך באַקענט, ווען איך בין געווען אַ סאָלדאַט — אַ מאַן, וואָס האָט איינגעזאַפּט דאָס שענסטע פון דער רוסישער קולטור, וואוינענדיק אין פעטערבורג אַ לאַנגע צייט — האָט זיך געהאַלטן מיט מיר דעמאָקראַטיש, הגם מיט אַ געוויסער צוריקגעהאַלטנקייט. ווען אברהם קאָטיק האָט מיך, ביי אים אין הייז, פאָרגעשטעלט אַלס אַ יונגן יידישן שרייבער, האָט בראַמסאָן אַ מורמל געטאָן, ווי ער האָט כלומרשט פון מיר שוין געהערט, כאָטש איך האָב דערין געצווייפלט. נאָך אַ קורצן געשפּרעך וועגן „וואָסכאָדס" שווערער עק-

סיסטעניך, איז אברהם קאָטיקן, וואָס איז שטענדיק פול געווען מיט פלענער, פלוצלונג איינגעפאַלן:

— רייזען, פאַרוואָס זאָלט איר ניט ווערן א פאָרשטייער פון „וואָסכאָד" און פאָרן איבער דער פּראָווינץ מאַכן אַבאָנענטן...

בראַמסאָן האָט אויף מיר געוואָרפן א בליק, ווי ער וואָלט מיך באַטראַכט, צי וועל איך טויגן דערצו... און האָט אויך צו־געגעבן, אין רוסיש נאַטירלעך:

— זיכער, עס וואָלט געווען א וויכטיקע אַרבעט, אי פאַר אייך, אי פאַרן „וואָסכאָד"...

און דאָ האָט ער מיר שוין דערקלערט אי די לאַגע, אי די ריכטונג פון נייעם „וואָסכאָד"... די פראַגע וועגן יידיש דאַרף מיך ניט באַאומרויקן, ווייל דער „וואָסכאָד" אין זיין באַנייטן צוזאַמענ־שטעל איז ניט נאָר ניט קעגן יידיש, נאָר ער רופט זיך אָפּ זייער וואַרעם וועגן דער נייער יידישער ליטעראַטור... א באַווייז — די איבערזעצונגען פון פּרץ און שלום־עליכם אין „וואָסכאָד"...

איך האָב זיך געלאָזט איבערריידן און האָב דעם פאָרשלאָג אָנ־גענומען. דערווייל אָבער בין איך געפאָרן צוריק קיין וואַרשע...

ערשט ווען איך בין שוין געווען אין וואַרשע, זיינען מיר אין א מאָנאַט אַרום אָנגעקומען די פּאַפּירן מיט אַלערליי זיגלען און חתימות, אַזש פון פּעטערבורג, אַז איך ווער באַשטעטיקט אַלס א פאָרשטייער פון „וואָסכאָד" און איך בין באַרעכטיקט צו מאַכן אַבאָנענטן... אין קאָנווערט איז אויך געלעגן פופציק רובל אויף די ערשטע הוצאות...

אויסגעקליידט זיך, ווי עס פּאַסט פאַר אַן אַגענט, האָב איך אויסגעקליבן די ערשטע שטאָט פאַר מיין נייער טעטיקייט — טאַקע ווידער ביאַליסטאָק.

אין ביאַליסטאָק, האָב איך געהאָפט, וועט מיר אברהם קאָ־טיק אַרויסהעלפן.

געקומען ווידער אין ביאַליסטאָק אין אָוונט, בין איך שוין פאַר־פאָרן אין א האָטעל, ווי א ריכטיקער אַגענט, געטרונקען טיי פון א סאַמאָוואַר, וואָס דער משרת האָט מיט גרויס דרך־ארץ מיר אַריינגעטראָגן און אַוועקגעשטעלט אויפן טיש. דערוועגדיק א סאַ־

מאָוואַר פאַר מיר איינעם אַליין, האָב איך זיך אי דערשראָקן, אי געמוטיקט: הייסט עס דאָך, אַז איך זע טאַקע אויס, ווי אַן אַגענט... וועט מיר אפשר געלינגען עפּעס אויפצוטאָן פאַרן „וואָסכאָד" און אין איין וועג — אויך פאַר מיר אַליין. ווייל פאַר יעדן יערלעכן אַבאָנענט, וואָס איך זאָל באַקומען, האָב איך געדאַרפט קריגן פופ־ציק פּראָצענט — זעקס רובל...

דער אַבאָנעמענט־פּרייז פאַר אַ יאָר „וואָסכאָד" איז געווען דע־מאָלסט גאַנצע צוועלף רובל...

אינדערפרי האָב איך ווידער געטרונקען טיי פון אַ סאַמאָוואַר און האָב זיך שוין געהאַלטן ניט ווי אַן אַגענט, נאָר ווי אַן אמתער סוחר, וואָס איז געקומען קיין ביאַליסטאָק מאַכן גרויסע געשעפטן...

אָפּגעגעסן פרישטיק אין האָטעל, בין איך אַוועק צו אברהם קאָטיק.

קאָטיק האָט מיך, ווי זיין שטייגער איז, זייער וואַרעם אויפ־גענומען, האָט מיך געמוטיקט צו מיין נייער טעטיקייט און מיר גע־האָלפן צונויפשטעלן אַ צעטל, וואוהין צו גיין מאַכן אַבאָנענטן.

דער ערשטער קרבן האָט געזאָלט זיין דער באַנקיר ג...., ווייל ערשטנס, איז ער טאַקע אַ גרויסער גביר, צווייטנס—אַ יידישער מענטש, און דריטנס איז ער מיט בראַמסאָנען פערזענלעך באַקאַנט (בראַמ־סאָן איז נאָך געזעסן אין ביאַליסטאָק).

אַריינגעקומען צום באַנקיר אין קאַנטאָר מיטן פּאָרטפעל אונ־טערן אָרעם, אין אַ נייעם מאַנטל און אַ נייעם הוט, האָב איך אויסגעזען, קענטיק, טאַקע ווי אַ ריכטיקער אַגענט. עס איז נאָר געווען אַ שאָד, וואָס איך האָב געדאַרפט דאָך אַליין מעלדן די סחורה, וואָס איך פאַרקויף, און דאָס איז פאַר מיר געווען דאָס שווערסטע...

עס איז געווען אַ זייגער עלף אינדערפרי. אין קאָנטאָר זיינען קיין זייטיקע מענטשן ניט געווען, בלויז דער גביר אַליין, אַ שיינער אַלטער מאַן מיט אַ זילבערנעם קאָפּ האָר און מיט אַן איידעלן פּנים, און זיין זון, אַ הויכער יונגערמאַן, מיט אַ שאַרפן בליק און מוטיקן אויסזען...

— ווינאָוואַט... האָב איך אויסגערופן, ווענדנדיק זיך צום אַלטן — און אויסגעשאָסן, אין רוסיש נאַטירלעך, וועגן דעם ציל פון מיין באַזוך...

— טשטאָ, „וואָסכאָד“... האָט דער אַלטער זיך געמאַכט טאַמעוואַטע און באַלד מיר געהייסן ווענדן זיך מכּוח אַזאַ ענין צום זון...

דער זון האָט מיך אומגעדולדיק אויסגעהערט און זיך טריקן אָנגערופן:

— פאַר מיר איז גענוג די „נאָוואָסטי“... אויך אַ יידישע צייטונג...

האָט זיך שוין אָנגערופן דער פאָטער, ווי פאַרשולדיקט:

— דאַ, דאַ, מי פאָלוטשאַיעם „נאָוואָסטי“, יעזשעדניעוונאָ ...

(דאָס הייסט: יאָ, יאָ, מיר באַקומען די „נאָוואָסטי“ טעגלעך).

דערזען, אַז איך האַלט דאָ שמאָל, אַז זיי זיינען גאָר יוצא מיט דער „נאָוואָסטי“, וואָס דער איינציקער יחוס אירער איז, וואָס נאָטאָוויטש, דער רעדאַקטאָר, איז אַ געוועזענער ייד און זי האָט אַמאָל אַ פאַרעווען אַרטיקל וועגן יידישער רעכטלאָזיקייט — האָב איך באַשלאָסן, אַז אַוועקגיין אַזוי מיט ליידיקע הענט טאָר איך שוין ניט... איך וואָלט דאָס אויסגעלייגט פאַר ניט מזלדיק, און עס וואָלט מיך אַנטמוטיקט צו גיין צו אַנדערע... דערצו האָט מיך שוין אויפגערעגט, וואָס אַ יידישער באַנקיר וויל יוצא זיין פאַר זיין יידישקייט מיט דער „נאָוואָסטי“ אַליין... האָב איך זיך אַ שטעל געטאָן אַנטקעגן מיט אַ כּעס:

— טשטאָ זנאַטשיט „נאָוואָסטי“... — האָב איך מבטל געווען די „נאָוואָסטי“ כּעפרא דאַרעא... אויב די „נאָוואָסטי“ איז אַ יידישע צייטונג, קען מען שוין זאָגן, אַז די „נאָוואָיע ווּרעמיאַ“ איז אויך ניט שלעכט...

דערהערט „נאָוואָיע ווּרעמיאַ“, האָט דער אַלטער באַנקיר אַזש אַ ציטער געטאָן און דער זון איז געוואָרן שטאַרק בייז, זיך גענומען שיר ניט זידלען.

האָב איך באַשלאָסן, אַז „בלוט זאָל זיך גיסן“ און אָן אַן אַבאָנעמענט וועל איך ניט אַוועק...

און איך האָב זיך צעבייזערט:

— די איינציקע צייטונג אין רוסיש, „וואָסכאָד", וואָס פֿאַר־טיידיקט די יידישע אינטערעסן, מיט וועלכע מען רעכנט זיך אין סענאַט אַליין... אַזאַ צייטונג איז אַ פֿליכט, אַז זי זאָל געשטיצט ווערן פֿון אַזוינע יידן, ווי איר...

דערהערט סענאַט, איז דער אַלטער באַנקיר נאָך מילדער גע־וואָרן... דער זון אָבער האָט זיך נאָך געהאַלטן ביי זיינס:

— ער האָט די „נאָוואָסטי"...

איך האָב דערמאָנט דעם נאָמען בראַמסאָן... אויף דעם אַלטן באַנקיר, וואָס איז, קענטיק, אויך געווען אַ שטיקל כלל־טוער, האָט דער נאָמען געווירקט ווי אַ צויבער. ער האָט אַ שושקע געטאָן אין אויער דעם זון עפּעס. דער זון האָט זיך אַזש פֿאַרקרימט און וואַרפֿנדיק אויף מיר אַ בייזלעכן בליק, האָט ער אַרויסגעברומט:

— נו, כאַראַשאָ... נאַ פּאָלגאָדאַ... (נו, גוט, אויף אַ האַלב יאָר).

בין איך אַרויס ווידער מיט לשון — געגעבן אים צו פֿאַר־שטיין, אַז פֿאַר צוועלף רובל באַקומט ער צוויי און פֿופֿציק נומערן און צוועלף ביכלעך אַלס ביילאַגע און אין די ביכלעך גייען ראָמאַ־נען אין פֿאָרזעצונגען... איז ראָט איך אים, ווי אַ פֿריינד, אַז ער זאָל ניט בלייבן אינמיטן ביי אַ פֿאָרזעצונג און דאַרפֿן אויסקוקן די אויגן אויף די איבעריקע ביכלעך...

דער זון האָט אַזש אַ קרעכץ געטאָן און דער פֿאָטער האָט אים אַ וואונק געטאָן.

— נו, כאַראַשאָ, נאַ גאָד, — האָט ער אַזש אַרויסגעקרעכצט... איך האָב אינערלעך געשמייכלט פֿאַר גדולה... — הייסט עס, אַז איך טויג יאָ...

באַקומען צוועלף קנאַקעדיקע רובלס — ווי דער שטייגער פֿון אַ באַנק, זיינען זיי מיר געווען טאָפּל טייער... אַריינגעלייגט אין טאַש, נאָכדעם ווי איך האָב אַרויסגעגעבן אַ קוויטאַנציע מיט אַלע פּליטערלעך, — האָב איך זיך גאַנץ געלאַסן, זאָל דער זון ניט מיינען, אַז איך האָב ניט געזען קיין צוועלף רובל, זיך אָפּגע־זעגנט מיטן אַלטן באַנקיר, וועלכן איך האָב שיר ניט ליב באַ־

קומען פאַר זיין באַהאַלטענער גוטסקייט (איך אים בין קענטיק אויך געפעלן געוואָרן, ווייל ער האָט צו מיר געשמייכלט, ווי ער וואָלט געזאָגט: דו טויגסט!), דעם זון בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, בין איך אַרויס פון קאָנטאָר, ווי נאָך אַ גרויסן נצחון, אָבער דאָך מיט אַן אומאַיינגענעמען געפיל...

מיין גאַנצע ענערגיע און מיין ביסל העזה, וואָס איך האָב ביי אַ געוויסער איבערגעגונג געקענט באַקומען, האָט זיך אין דעם באַנקירס קאָנטאָר איינגאַנצן אויסגעשעפּט. פונדעסטוועגן האָט מיר נאָך אין פאַרלויף פון צוויי טעג זיין אין ביאַליסטאָק געלונגען צו „אַבאָנירן“ אייניקע, וויניקער רייכע, אָבער ווייכערע יידן, אמת, צו האַלב און צו פערטל יאָר... דער פערטליאָריקער אַבאָנענט איז געווען אַ ייד אַ קרעמער, וואָס האָט געהאַלטן אַ קראָם פון שניט, ניט ווייט פון קאָטיקס וואוינונג. ער איז געווען אַ שטיקל באַקאַנטער מיינער, נאָך פון פריער, און, דאַכט זיך, אויך מיינער אַ לעזער. געוואָלט אַבאָנירן האָט ער דווקא אויף אַ האַלב יאָר, אָבער אין קראָם זיינען אין דער צייט קיין קונים ניט געווען, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די געשעפטן זיינע זיינען זייער שלעכט, און אַ ייד איז ער געווען אַ וואוילער, אַ לעזער פון „יוד“, און מיינער אַ שטיקל פאַרערער, האָב איך אים קוים איינגערעדט, אַז ער זאָל אַבאָנירן בלויז אויף דריי מאָנאַט...

מיט אים האָב איך שוין גערעדט אויף יידיש און ער האָט מיר פאָטערלעך געמוסרט:

— זייט איך דאָך גאָר קיין מוחר ניט...

„געלייזט“ אַרום און אַרום ביי אַ פופציק רובל, האָב איך, מורא האָבנדיק דאָס געלט צו האַלטן ביי זיך, עס גלייך אַוועקגעשיקט אין דער אַדמיניסטראַציע פון „וואָסכאָד“. געוויזן דעם קוויטל פון פּאָסט בראַמסאָנען און קאָטיקן, זיינען זיי ביידע געווען העכסט צופרידן פון מיין טעטיקייט און געהאָפט אויף גרויסע ערפאָלגן.

אָבער דערמיט האָט זיך אין ביאַליסטאָק מיין ערפאָלג געענדיקט, און איך האָב באַשלאָסן פאָרן קיין קאָוונע, זוכן דאָרטן מיין גליק און דאָס גליק פאַרן „וואָסכאָד“...

קומענדיק קיין קאָוונע — עס איז געווען אָנהייב ווינטער — בין איך פאַרפאָרן אין אַ האָטעל אויף דער לאַנגער גאַס. עס איז שוין געווען אָוונט. בין איך גלייך אַרויס אויפן גאַס, זוכן מיינע אַמאָליקע באַקאַנטע... סאָלדאַטן און ציווילע... דער 111טער דאָנער פּאָלק, אין וועלכן איך האָב געדינט אַלס סאָלדאַט, איז שוין אין קאָוונע מער ניט געווען, ער איז שוין געווען אַרויסגעצויגן אין מאַריאַמפּאָל... פון מיינע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געטראָגן די היטלען מיט די ווייסע „אָקאָלאָשקעס“, זיינען, הייסט עס, שוין אין קאָוונע קיין זכר ניט געווען, האָט דאָס מיך דווקא געאַרט. איך האָב זיך געלאָזט העכער צום „פּלאַץ־פּאַראַד“, וואו אונזער מוזיקאַנטישע קאָמאַנדע איז אַמאָל געווען. דאָס הויז, וואו מיר זיינען „געשטאַנען“, איז שוין געווען באַוואוינט פון ציווילע. איך בין אַריין אין הויף און געזוכט דאָרטן זיך אַליין... אַ געוואַלדיקע בענקשאַפט האָט מיך אַרומגענומען...

אויך פון מיינע ציווילע פריינד האָב איך שוין קיינעם ניט געטראָפן, ניט דמיטרי צענזאָרן, ניט פּראָפּוסן (א. מ. דעוויינישסקי — האָב איך געוואוסט — איז שוין געווען אין ווילנע), האָט דאָס נאָך מיין בענקשאַפט פאַרגרעסערט.

איך האָב זיך געלאָזט צוריק. איך בין אַריין אין שטאָט־גאָרטן, וואו דאָס טעאַטער האָט זיך געפונען... דער גאָרטן איז געווען ליידיק פון מענטשן, די ביימער אָן בלעטער האָבן מרה־שחורה־דיק געגלאָצט אין פאַרוואָלקנטן הימל אַריין... די עסטראַדע, אויף וועלכער איך פלעג אַמאָל זיצן אין דעם אָרקעסטער און קנאַקן מיינע סאָלאָס אויף דעם מעשענעם באַריטאָן, — די עסטראַדע איז געווען ליידיק און געקוקט סומנע. אויך אין טעאַטער, וואָס האָט זיך געפונען אין שטאָטגאָרטן, האָט מען אין יענעם אָוונט ניט געשפּילט, און דאָס האָט מיין אומעט נאָך פאַרגרעסערט. איך האָב ניט געפונען קיין שפּור, קיין אָפּקלאַנג פון מיינע אָפּגעלעבטע דריי יאָר מיט אַכט מאָנאַטן... אומזיסט האָב איך זיי געזוכט...

ערשט אויף מאָרגן, אַז איך בין אַרויס אין גאַס, האָב איך באַגעגנט אַ פּאָר ניט גאָר נאָענטע באַקאַנטע, וואָס איך האָב געקענט אין די „סלוזשבע“־יאָרן. זיי האָבן מיך אין די ציווילע קליי־

דער ניט גלייך דערקענט, האָבן זיך ווי געוואונדערט, וואָס איך בין ווידער דאָ, און האָבן זיך ענדלעך קאַלט געזעגנט...

פאַרנאַכט זיינען דאָך מיך אין האָטעל געקומען באַזוכן אַ פאָר אַנדערע, שוין נעענטערע באַקאַנטע, וועלכע האָבן פון די פרידיקע זיך דערוואוסט, פון מיין קומען קיין קאָוונע. די זיינען שוין געווען מיינע לעזער, און אַפילו פאַרערער, הגם רוסיש־ריידנדיקע אינטעליגענטן. איינער פון זיי, גאָר אַ פריינדלעכער, האָט געוואָלט דערגיין דעם ציל פון מיין קומען. האָב איך אים אַלס פאַרערער ניט געוואָלט אַנטטוישן, אַז איך בין געקומען בלויז ווי אַן אַגענט פון רוסישן „וואָסכאָד“, און האָב אים דערציילט, אַז פשוט — איך האָב זיך פאַרבענקט נאָך קאָוונע און בין אַהער געקומען בלויז אויף אַ טאָג... צוועלף אַ זייגער ביינאַכט פאָר איך צוריק קיין וואַרשע.

און צוועלף אַ זייגער בין איך טאַקע אַוועקגעפאָרן צוריק, ניט אויסזאָגנדיק אַפילו דעם ציל פון מיין קומען. איך האָב זיך בלויז געוואונדערט, ווי אַזוי האָב איך מיט אַ וואָך צוריק געהאַט דעם מוט צו מאַכן גאַנצע זעקס אַבאָנענטן פאַר אַ צייטשריפט, וואָס איז מיר אין גרונד גענומען דאַן זייער ווייניק אָנגעגאַנגען.

קומענדיק צוריק אין וואַרשע, האָב איך זיך אַ לענגערע צייט געפילט זינדיק קעגן „וואָסכאָד“. איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז דאָרט אין פעטערבורג אין רעדאַקציע פון „וואָסכאָד“ רעדט מען נאָכאַנאַנד וועגן מיר און וועגן מיין לייכטזיניקייט... האָב געקראָגן פאָר אויס פופציק רובל מיט באַשטעטיקונגען, אַז איך בין באַפולמעכטיקט צו מאַכן אַבאָנענטן, און אויסער די זעקס אַבאָנענטן, וועמעס געלט, אמת, איך האָב זיי פון ביאַליסטאָק אַרויסגעשיקט — אויסער דעם האָב איך זיי גאָרנישט געשיקט און אַפילו ניט געשריבן... מיר האָט זיך געדאַכט, אַז פעטערבורג זוכט מיך אַרום... הגם איך האָב אויסגערעכנט, אַז צוגעלייגט צו מיר האָבן זיי ניט. זיי האָבן מיר געשיקט פופציק רובל, האָב איך זיי אָפגעשיקט צוריק אַזוי פיל. דאָך האָט מיין פאַרטיידיקן זיך אַליין — מיר ניט גרינגער געמאַכט מיין זינד און האָב יעדן טאָג דערוואַרט צו באַשטראָפט ווערן, אויב ניט יורידיש, איז מאָראַליש...

אָבער אָנשטאָט צו באַשטראָפט ווערן בין איך גאָר באַלוינט געוואָרן, אויב ניט מאַטעריעל, איז מאָראַליש. דאָס ערשטע מאָל — מיט דער שוין דערמאָנטער פריינדלעכער רעצענזיע אין „וואָסכאָד“ פון ד״ר פרומין, און דאָס צווייטע מאָל — מיט פאַרעפנטלעכן אַ דערציילונג פון מיר, איבערזעצט פון ד״ר א. מאַרקאָוו...

דער דאָזיקער ד״ר א. מאַרקאָוו האָט מיך אַמאָל באַזוכט אין וואַרשע און נאָכדעם אויך אין ביאַליסטאָק. נאָכן באַקענען זיך מיט אים, האָט ער ביי מיר גענומען עטלעכע דערציילונגען, וואָס זיינען געווען געדרוקט נאָך פריער אין „יוד“ און „יודישער פאַמיליע“, וועלכע ער האָט געזאָלט איבערזעצן אין רוסיש, טאַקע פאַרן „וואָסכאָד“. מיר האָט זיך דעמאָלסט אַזאַ גליק ניט געגלויבט. איבערזעצט צו ווערן אין רוסיש האָבן דאַן בלויז זוכה געווען פרץ און שלום-עליכם... דאָס רוב טאַקע — פון זעלבן ד״ר א. מאַרקאָוו. און גראָד איז מיין דערציילונג געווען אָפּגעדרוקט אין „וואָסכאָד“, אין דער זעלבער צייט, ווען איך האָב פאַרן „וואָסכאָד“ אַזוי מורא געהאַט און יעדן טאָג געוואַרט אויף אַ שטראָף...

איז די שמחה געווען אַ טאָפּלטע. ערשטנס — באַווייזט עס, אַז דער „וואָסכאָד“ האָט מיר שוין פאַרגעסן מיין ניט-פּינקטלעכקייט אַלס זיין אַגענט, און צווייטנס די זכיה אַליין צו ווערן איבערזעצט אין רוסיש...

איך בין דאַן געווען אין האַרצן טיף דאַנקבאַר דעם ד״ר א. מאַרקאָוו, איז שוין כדאַי געווען צו זאָגן אייניקע ווערטער וועגן אים, כאָטש ווערט איז ער אַ גאַנצן קאַפּיטל...

ווען איך האָב זיך מיט אים דאָס ערשטע מאָל באַקענט, איז ער געקומען קיין וואַרשע פון פּעטערבורג, וואו ער האָט שטענדיק געוואוינט. ער איז געווען אַ העכסט אינטערעסאַנטער מענטש, אַ גרויסער פאַרערער פון טאָלסטאָי און ניט נאָר פון דעם קינסטלער טאָלסטאָי, נאָר אויך, און אפשר נאָך מער — פון טאָלסטאָי דעם מאָראַליסט. ער איז געווען טאַקע אַליין אַ טאָלסטאָיאַנער, ניט געגעסן קיין פלייש און בכלל געלעבט לויט טאָלסטאָיס לערן, הגם ער איז געווען אַ פריילעכער און לעבנסלוסטיקער מענטש און מיט אַ שטאַרקן חוש פאַר הומאָר.

די ערשטע דערציילונג מײַנע, וואָס ער האָט איבערזעצט, איז געווען „דער שמעק טאַבאַק“. דאָס איז בכלל געווען די ערשטע דערציילונג, וואָס איך האָב פֿאַרעפֿנטלעכט אין „יוד“, און באַקאַנט געוואָרן דורך איר אַלס דערציילער... די צווייטע דערציילונג, וואָס האָט נאָכגעפֿאָלגט אין „וואָסכאָד“, איז שוין געווען פֿון אַ העכערן מין — „פֿאַרלוירן דאָס קול“. נאָכדעם איז געקומען „אויס בלאַטע“ און אַנדערע. דאָס איז געווען פֿאַר מיר אַ טריומף. דערצו נאָך האָט דער אידעאַלער ד״ר א. מאַרקאָוו מיר געשריבן אַ באַגײַסטערטן בריוו וועגן מײַן דערציילונג „דער פֿאַרביטערטער“, וואָס איך האָב אים, שוין אויף זײַן ביטע פֿון פּעטערבורג, אַליין אַרויסגעשיקט. זײַן ענטפֿער האָט אַנטהאַלטן 12 בייגעלעך פּאָסט־פּאַפּיר. „ניט נאָר פֿאַר אײַך — האָט ער צווישן אַנדערן געשריבן, אין רוסיש נאַטירלעך — נאָר אַפֿילו פֿאַר טאָלסטאָיען וואָלט עס געווען פֿאַררעכנט פֿאַר אַ שעדעווער. און ער האָט זיך אַוועקגעלאָזט אין ליב־ווערטער, וואָס ווען איך וואָלט ניט געקענט אים, אַלס אַן אויפֿריכטיקן און שוין צו פֿיל ערלעכן — וואָלט איך זיך געפֿילט אַזש אומבאַקוועם.

דעם בריוו האָט זיך מיר געוואָלט, עס זאָל לייענען אויך פֿריץ. ווײַל פֿון אַ גרוס, וואָס איך האָב געהערט פֿון איינעם פֿון פֿריצעס דעמאָלסטיקע באַזוכער, דווקא אַ העברעיִשן שרײַבער, הגם ער האָט אויך געשריבן אין ייִדיש (ייִדיש בכלל האָט ער שטאַרק ליב געהאַט), מיטן נאָמען ישׂראל שאַף — לויט אַ גרוס, וואָס ער האָט מיר איבערגעגעבן, ווען די דערציילונג „דער פֿאַרביטערטער“ האָט זיך אָפּגעדרוקט אינעם „יוד“, האָט פֿריץ ניט געוואָלט הערן זי פֿאַרלעזן טאַקע פֿון זעלבן ישׂראל שאַף... אויסגעהערט בלויז עטלעכע אָפּזאַצן און גלײַך, לויט שאַף האָט מיר איבערגעגעבן, האָט פֿריץ געזאָגט:

— גענוג...

און איך בין געווען זיכער, אַז שאַף זאָגט ניט קיין ליגן, הגם קיין גרויסער חסיד מײַנער איז ער אַליין אויך ניט געווען...

האָט מיר דעמאָלסט פּרצעס באַציִונג שטאַרק פאַרדראָסן, הגם פון אַנדערע לעזער און אַפילו פון שרייבער־לעזער האָב איך, ווען די דערציילונג האָט זיך אָפּגעדרוקט, געהערט גענוג גוטע מיינונגען, וואָס זאָלן מיך טרייסטן.

אָבער פּרצן האָב איך ד״ר מאַרקאָווס בריוו ניט געוויזן און בכלל, אויסער נאָמבערגן, אים קיינעם ניט פאָרגעלייענט. עס איז מיר געווען גענוג, וואָס די דערציילונג האָט נאָכדעם זוכה געווען געדרוקט צו ווערן אין רוסיש אין אַ ספּעציעלער זאַמלונג פון איבערזעצטע יידישע דערציילונגען. די דאָזיקע זאַמלונג האָט געהייסן: „יעווריסקאַיאַ זשיזן״ און דער „וואָסכאָד״ האָט עס געגעבן אַלס פּרעמיע צו זיינע אַבאָנענטן.

האָב איך שוין לחלוטין פאַרגעסן אין די עטלעכע טעג, וואָס איך בין געווען בלויז ניט קיין געלונגענער אַגענט פאַרן „וואָסכאָד״ און בין דערפאַר דערהויבן געוואָרן שיר ניט ביז אַ באַצאָלטן מיטאַרבעטער אין „וואָסכאָד״, ווייל דער איידעלער ד״ר א. מאַרקאָוו האָט זיך מיט דעם קליינעם האָנאָראַר, וואָס ער האָט באַקומען פאַר מיינע איבערזעצטע דערציילונגען, זיך געטיילט מיט מיר שיר ניט מיט אַ גלייכן טייל. דעם דאָזיקן טייל פלעגט ער איבערשיקן צו אַ פריילין לעאָנאָוואַ, אַ קורסיסטקע אין וואַרשע, וועלכע איז געווען זיינע אַ כלה. אַזוי האָט ער זי טאַקע, ווען ער איז געווען אין וואַרשע, זי אָנגערופן פאַר מיר. די דאָזיקע לעאָנאָוואַ האָט אַליין יידיש ניט געקאָנט לייענען, איך צווייפל, צי האָט זי געקענט ריידן, דערפאַר איז איר געווען נאָך מער אינטערעסאַנט מיין קומען צו איר אין צימער, וואו זי, אַ רוסיש־דערצויגענע, האָט געקאָנט זיך באַקענען מיט אַ יידישן שרייבער, וואָס דאָס איז געווען קענטיק פאַר איר זייער טשיקאַווע. זי האָט זיך צו מיר באַצויגן מיט דער גרעסטער אויפמערקזאַמקייט און העפלעכקייט און זייער שטאַרק געלויבט מיינע דערציילונגען אין „וואָסכאָד״, וואָס דער ד״ר מאַרקאָוו שיקט איר צו פון פּעטערבורג.

דאָך בין איך ניט געוואָרן צו־שטאָלץ, חלילה. גראָד אין דער זעלבער צייט האָב איך איבערזעצט אַ ליד פון פויליש פון דער דיכטערין מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ און דווקא אַלס איבערזעצער בין

איך שיר ניט באַרימט געוואָרן אין דער פּוילישער פּרעסע. ס'איז געווען אין זומער 1902. עס איז שוין דעמאָלסט ערשינען די פרייער דערמאָנטע „יודישע פאָלקסצייטונג“. אויך „די יודישע פאַמיליע“ איז נאָך מאָנאַטלעך ערשינען. געדרוקט זיך האָב איך זיך אין די אַלע צייטשריפטן און אויף אַזאַ אופן זיך שוין געקענט דערלויבן צו וואוינען אויף אַ זומער-וואוינונג אין סווידער, ביי אַ צוואַנציק ווערסט פון וואַרשע און צוויי ווערסט פון אָטוואָצק, וואו פּרץ האָט דאַן געוואוינט זומער.

געדונגען אַ צימער צוזאַמען מיט נאָמבערגן ביי אַ ליטווישער פאַמיליע גאָרדאָן, וואָס זיי אַליין האָבן די וואוינונג געהאַלטן בשותּפות מיט אַ יידיש-פּוילישער פאַמיליע, אָבער אויך שוין די פּוילישע פאַמיליע זיינען געווען שטיקלעך דייטשן — האָבן מיר זיך געפילט אין דער וואוינונג גאַניץ געמיטלעך. דער צימער איז געווען גענוג גראַם, דערצו איז אויך געווען אַ טיש אונטער אַ בוים, ניט ווייט פון דער וואוינונג, אונטערן פרייען הימל... אַזוי אַז נאָר שטימונג — פלאַץ צו שרייבן איז שוין געווען איבערגענוג. אין דער דאָזיקער זומער-וואוינונג האָב איך טאַקע געשריבן בערך פּאָר יענער צייט זייער פיל און איבערהויפּט זאַכן, וואָס האָבן געמאַכט אין יענער צייט אַ רושם ניט נאָר צווישן די לעזער, נאָר אַפילו צווישן מיינע קאָלעגן... אַזוי האָב איך אין די ערשטע פּאָר מאָנאַט אין סווידער אָנגעשריבן מיינע דערציילונגען: „דער בוים“, „יאַזעפּ אין דער יידישער גאַס“, „די פאַבריק“ און אַ ריי לידער. און עס איז נאָך געבליבן גענוג צייט צו „פלירטעווען“ מיט די שיינע טעכטער פון דעם ליטווישן באַלעבאָס, די גאָרדאָנס, און מיט אַ שוועגערין פון דעם פּוילישן באַלעבאָס, אַ וואונדערלעכע שיינהייט, אַ בלאָנדע, וואָס מיט אירע האָר אויפן קאָפּ, פאַרפלאָכטן אין צעפּ און אַרומגעדרייט זיי אַרום און אַרום אויפן קאָפּ, האָט זי אויסגעזען ווי אַ יונגע קיניגין אין אַ קרוין. די דאָזיקע „פּויליש-יידישע שיינהייט“ איז געווען אַ גרויסע פאַרערערין פון דער פּוילישער ליטעראַטור. יידיש האָט זי ניט נאָר ניט געלייענט, נאָר אַפילו שוואַך גערעדט. האָב איך איר געוואָלט מאַכן פאַר אַ יידישער לעזערין און זי מיך פאַר אַ פּוילישן. זעענדיק זי איינמאָל, זיצנדיק ביים טיש, אונטערן בוים,

מיט אַ ביכעלע לידער אין אַ שיינעם באַנד, מיט אַ גאָלדשניט, האָב איך זיך פאַראינטערעסירט. עס איז געווען אַ בענדל פון מאַריאַ קאָנאָפּניצקעס לידער. דער נאָמען פון דער דיכטערין איז מיר שוין געווען באַקאַנט פון אירע אייניקע דערציילונגען אין רוסיש און אויך אין יידיש, וואָס פרץ האָט פאַרעפנטלעכט אין זיינע פריערדיקע אויסגאַבן. איר דערציילונג „רויך“, טאַקע אין פרצעס איבערזעצונג, איז אויך געווען געדרוקט אין מיין זאַמלבוך „דאָס צוואַנציגסטע יאָרהונדערט“, ווי איך האָב, דאַכט זיך, שוין פריער דערציילט.

האָב איך אויסגעדריקט פאַר דער פריילין מיין באַדויערן, וואָס איך פאַרשטיי ווייניק פויליש... „ווייניק“ איז בלויז געזאָגט פון איידלקייט וועגן, ניט צופיל צו מצער זיין די יידישע מיידל, וואָס איז געווען אַ גרויסע פאַטריאָטקע פון פויליש בכלל און פון דער פוילישער ליטעראַטור בפרט.

האָט זי גענומען אָנטייל אין מיין „לאַגע“ און האָט מיר געפרוווט פאַרלעזן אַ פאָר לידער. דער קלאַנג אַליין האָט מיך אַנטציקט. די וואונדערלעכע פערזן פון דער גרויסער פוילישער דיכטערין האָבן מיך אַוועקגעטראָגן אין אַ וועלט פון שיינקייט און מוזיק, הגם די מאָטיוון, ווי ווייט איך האָב געקענט אויפכאַפּן, זיינען געווען דווקא ערדישע, פון לעבן פון די אָרעמע פוילישע פויערים און שטאָטישע אַרבעטער.

אָבער פון איין ליד בין איך אַזוי מיטגעריסן געוואָרן פון קלאַנג אַליין (אייניקע שטעלן האָב איך אויך פאַרשטאַנען), אַז איך האָב אַרויסגענומען דאָס ביכעלע פון דער פריילינס האַנט און זיך אָפּגערופן:

— דאָס ליד וועל איך פרווון איבערזעצן.

איר ליכטיק פנים איז פאַר צופרידנהייט, וואָס איך נעם זיך אונטער איבערצוזעצן פון פויליש אין יידיש, נאָך ליכטיקער געוואָרן, אירע שיינע בלויע אויגן האָבן זיך נאָך מער צעשטראַלט...

— פעוונאָ... ניעך פאַן טלאָמאַטשי... יאַ פאַנו פאָמאָגען.

די ערשטע שורה, האָב איך איר געטרייסט, פאַרשטיי איך אַליין:

אַ יאַק פּאָשעד קרול נאַ וואָינען... הייסט עס: איז אַוועק צום קריג דער מלך...

אָבער די צווייטע — כּורני בראָינען... וואָס באַטייט עס?... האָט שוין איר שוואָגער מיר דערקלערט...

אַ פּאָר ציילן האָט מיר דערקלערט די חנעוודיקע פריילין גאָרדאָן, וואָס האָט אין וואַרשעווער גימנאַזיע אויך פּויליש געלערנט... מיט איין וואָרט, עס האָבן זיך געפונען גוטע מענטשן, וואָס האָבן מיך אַרויסגעהאָלפן. און אַ ביסל איז מיר שוין די פּוילישע שפּראַך גע־ווען באַקאַנט, פון הערן אַליין. קורץ, דאָס ליד האָב איך איבער־זעצט, איבערגעשריבן אויף ריין און עס גלייך פאַר די צוויי פאַמיליעס, די ליטווישע און פּוילישע און איבערהויפּט פאַר דער יידיש־פּוי־לישער שיינהייט — פאָרגעלייענט:

איז אַוועק צום קריג דער מלך,
בלאָזן אַלע שופרות פריילעך...
שופרות בלאָזן, רוישן, ברומען,
אַז ער זאָל בשלום קומען...

דאָס שיינע, בלאָנדע מיידל איז געוואָרן שטאַרק פאַרוואונדערט, ווי אַ נס וואָלט געשען. זי האָט ניט געקאָנט גלויבן, אַז אין יידיש זאָל אַרויסקומען דער זעלבער קלאַנג ווי אין פּויליש.

דער שוואָגער, דער פּויליש־יידישער יונגערמאַן, וואָס האָט באַ־זעסן אַ געוויסע מאָס אינטעליגענץ און איז געווען שוין יידיש־נאַציאָנאַל געשטימט, האָט אַפילו געוואָלט האָבן, אַז אין יידיש קלינגט עס נאָך שענער ווי אין פּויליש.

נאָר דאָס האָב איך שוין, אויס באַשיידנקייט, אַליין ניט צוגע־געבן...

אַזוי צי אַזוי — די שיינע פריילין איז גאָר געווען באַגייס־טערט, אַ גאַנצן טאָג איז זי אומגעגאַנגען ווי אַ יום־טובדיקע, ווער רעדט, אַז איך האָב איר נאָך צוגעזאָגט דאָס „ליד" אָפּדרוקן אין „יוד", האָט זי מיר מיט דאַנקבאַרע בליקן אויסגעדריקט איר אָנער־קענונג.

צום גליק האָט ד"ר יוסף לוריע, דער רעדאַקטאָר פון „יוד", דאָס ליד גלייך אַוועקגעשיקט אין קראָקע, וואו „דער יוד" האָט זיך

געדרוקט, און אין אַ וואָך אַרום איז דער נומער „יוד" מיט דעם ליד שוין געווען אין סווידער... די שיינע, בלאָנדע פריילין האָט עס געפּרוווט מיט אַ פרומער מינע לייענען און זיך שוין „דערשלאָגן" צו איבערלייענען אַ פּאָר ווערטער... „איז אַוועק צום קריג"... דאָס וואָרט דער מלך איז שוין פאַר איר צו שווער געווען און דער שוואָגער האָט איר שוין געמוזט קומען צו הילף.

זי האָט מיר אָבער צוגעזאָגט, אַז זי וועט זיך לערנען לייענען יידיש...

צי האָט זי איר וואָרט געהאַלטן, ווייס איך עד־היום ניט...

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט מען מיר אָנגעזאָגט די שמחה, אַז דער „קורייער פּאָראַנני", אַ פּוילישע טעגלעכע צייטונג, האָט אָנגעזאָגט מיט שטאָלץ אירע לעזער, אַז דער באַוואוסטער „זשאַרגאָנאָווי" פּאָעט אברהם רייזען האָט איבערזעצט און פאַרעפנטלעכט אין „יוד" קאָנאָפּניצקעס באַרימטע ליד „איז אַוועק צום קריג דער מלך". די דאָזיקע ליטעראַרישע נאָטיץ איז, ווי מען האָט מיר נאָכדעם דערציילט, געווען אין נאָך אַ פּוילישער צייטונג.

אין אַמאָליקע יאָרן אַ נאָטיץ אין אַ פּוילישער צייטונג וועגן אַ יידישן שרייבער איז געווען אַ זעלטענע געשעעניש, און עס האָט מיר אין יענער צייט געגעבן פּרעסטיזש בײַ די פּאָר אַסימילירטע „פּוילישע יידן, מיט וועלכע איך פלעג זיך, צוליב פּרנסה, ניט זעלטן טרעפן. איינער פון זיי איז געווען שלמה גראָסגליק, דער שעף פון דער יידישער גמינע , פּרעזעס אוממיטלבאַר „נאַטשאַלניק", און דער צווייטער, אַדוואָקאַט קאָן, וועלכער איז געווען דער קאַסיר פון דעם יידישן ליטעראַרישן פאָנד, וואָס איז דעמאָלט געגרינדעט געוואָרן פון די הכנסות פון די שרייבער־בעלער, וואָס דאָס איז אויך געווען ניט קיין קליינער אמת אין יענער צייט...

---

# אַכטאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

אַמעריקאַנער טריומפן. — יעקב דינעזאָן און זעווין פון „די יידישע גאַזעטען". — מיין ערשטער אינדירעקטער האָנאָראַר פון אַמעריקע. — די ערשטע קריטיק וועגן מיין דערציילונג „שטילע טריט" פון אַב. קאַהאַן. — דער שטאַרקער איינדרוק. — איך ווער אַ קאָרעספּאָנדענט פאַר „די יידישע גאַזעטען". — די ערשטע פינפאונצוואַנציק דאָלאַר. — מיין פרייד. — איך פאָר קיין מינסק אויף פסח ווי אַ פּראַנט. — יוסף בריל (איו"ב ממינסק). — מיין פאָטער אַלס סוחר אין מינסק. — מיינע דריי דערציילונגען אין איין טאָג. — פּרץ אַלס רעדאַקטאָר פון „יוד" אויף איין וואָך. — די געענדערטע דערציילונג. — „אַ זומער-מאַנטל". — „דער הונט". — פּרצעס מיינונג וועגן דער דערציילונג.

נאָך די אַלע ערפּאָלגן, וואָס איך האָב געהאַט, ווערנדיק איבערזעצט אין „וואָסכאָד" און אַפילו אין „בודושטשנאָסט" און נאָך דעם באַגייסטערטן בריוו פון ד"ר א. מאַרקאָוו, דעם הויפּט-איבערזעצער פון מיינע דערציילונגען אויף רוסיש, — איז צוגעקומען נאָך אַ דערמוטיקונג און אַזש פון אַמעריקע. אין אַ בריוו פון אַמעריקע, וואָס איך האָב באַקומען אין זעלבן זומער, 1902 — און אפשר מיט אַ זומער פריער האָט עס פּאַסירט — פון מיין קאָוונער „מעצענאַט" קלעבאַנאָוו, וועלכער איז שוין געווען אין אַמעריקע פון 1897, און וועמען איך האָב שטענדיק דערמאָנט צו גוטן פאַר מיינע נאָענטע און אַפילו אַ צייט אָפּגעהיט זיינע ערשטע בריוו, וואָס ער האָט מיר געשיקט פון אַמעריקע, אַגב-אורחא זייער אינטערעסאַנטע — אין אַן אינטערעסאַנטן בריוו פון אים קיין וואַרשע האָט ער מיר געשריבן, אַז עס פרייט אים זייער, וואָס די האָפענונגען, וואָס ער האָט אויף מיר געלייגט, נאָך זייענדיק אין קאָוונע, ווען איך בין געווען אַ סאָלדאַט, און נאָכדעם אַ מוזיקאַנט אין 111טן דאָנער פּאָלק — האָבן זיך פאַרווירקלעכט. ער לייענט, הייסט עס, אַלץ, וואָס איך שרייב אין אַן אַמעריקאַנער יידישער צייטונג, וועלכע דרוקט

איבער מיינע דערציילונגען און לידער. און ער זאָגט מיר לסוף צו צו מאַכן מיר אַ סורפריז....

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָב איך באַקומען אין אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט צוויי אויסשניטן פון אַן אַמעריקאַנער יידישער צייטונג. דאָס זיינען געווען צוויי „קריטיקן" וועגן מיינע צוויי דערציילונגען: די ערשטע — אַ קריטיק וועגן מיין דערציילונג „שטילע מרים" און די צווייטע — וועגן „גמילת חסד". דער נאָמען פון קריטיקער איז געווען אב. קאַהאַן.

אב. קאַהאַן איז נאָך פאַר מיר אַלס שרייבער דאַן געווען אַן אומבאַקאַנטער נאָמען. עפּעס האָב איך יאָ געהערט פון אַ סאָציאַליסט א. קאַהאַן. מען האָט דערציילט וועגן אים, אַז ער איז אַ גרויסער רעדנער און ריידן רעדט ער נאָר אויפן גאַס. שטעלט זיך אַרויף אויף אַ וואָגן — אַזוי איז געגאַנגען די לעגענדע — און הייבט אָן ריידן. און באַלד פאַרזאַמלען זיך שוין אַרום אים די אַרבעטער, די גרינע יידן, יונג און אַלט, און אויף אַזאַן אופן באַקערט ער זיי, מיט זיינע פּשוטע רייד, צום סאָציאַליזם... און אַזוי ווי אַמעריקע איז אַ פריי לאַנד, מעג ער עס טאָן פראַנק און פריי. וואו האָב איך די דאָזיקע לעגענדע געהערט — און אפשר איז דאָס ניט קיין לעגענדע געווען — געדענק איך ניט. מעגלעך, אַז ביי יעקב דינעזאָן אין צימערל, וואוהין איך פלעג זיך אַריינכאַפּן זייער אָפט, און דער ליבער דינעזאָן פלעגט פאַר אונז דערציילן אַלערליי מעשיות, וואָס עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו הערן.

אָבער פון דעם טאָן פון די קריטיקן, כאָטש זיי זיינען געווען גע־שריבן זייער פּאָפּולער, אַז יעדער זאָל פאַרשטיין, האָב איך גע־מערקט, אַז דער אב. קאַהאַן איז דווקא אַ ליטעראַריש־דערצויגע־נער מענטש, און אויב דער סטיל פון די אַרטיקלען איז ניט אומע־טום געווען צו שטאַרק ליטעראַריש, זיינען אָבער די מיינונגען גע־ווען גאַנץ ניי אין דער יידישער ליטעראַטור, וואָס האָט פון „רע־אַליזם" נאָך דעמאָלסט ווייניק וואָס געוואוסט. אפילו בעל־מחשבות האָט נאָך דאַן מער געשריבן סתם אַרטיקלען ווי קריטיק, און אויב קריטיק, איז דאָס געווען מער וועגן פּאָעזיע, ווי למשל, אַ רעצענזיע וועגן מ. וואַרשאַווסקיס לידער, וועגן מאָריס ראָזענפעלדן, און אפילו

אין זיינע אַרטיקלען וועגן מענדעלע מוכר־ספרים, וואָס אין זיי האָט ער זיך שוין אַנטפּלעקט אַלס דער צוקונפטיקער גרויסער קריטי־קער, האָט ער נאָך אַלין מער גערעדט וועגן יידישן לעבן, ווי וועגן מענדעלעס רעאַליזם און קונסט בכלל, הגם די דאָזיקע ערשטע גרויסע אָפּהאַנדלונג פון בעל־מחשבות וועגן מענדעלע מוכר־ספרים איז אין און פאַר זיך אַ וויכטיקע ליטעראַרישע דערגרייכונג.

די מעלה פון אב. קאַהאַנס קריטיק איז אָבער באַשטאַנען אין דעם, וואָס באַטראַכט מיינע דערציילונגען האָט ער ניט פון יידישן, נאָר פון מענטשלעכן שטאַנדפּונקט. דאָס האָט מיך גליק־לעך איבערראַשט. דערמיט האָט ער מיר שטאַרק צוגעטראָפן... „ריי־זען — האָט ער צווישן אַנדערן געשריבן — ווייזט אין דער דער־ציילונג „גמילת חסד", אַז ער איז אַ מבין אויף מענטשן... בכלל האָט ער די דערציילונג זייער שטאַרק געלויבט. וועגן דער דערציילונג „שטילע טריט", וועלכע ער האָט אין יענער צייט שטאַרק באַרימט געמאַכט צווישן די יידישע לעזער אין אַמעריקע — ווי איך האָב שוין דערפאַרן מיט יאָרן שפּעטער — וועגן „שטילע טריט" האָט ער שוין געשריבן מיט הויכער באַגייסטערונג. איבערהויפּט האָט ער באַוואונדערט דעם איינפאַל אַליין. „אַזוינע טעמען — האָט ער געקנעלט מיט זיינע דעמאָלטיקע גרינע און אפשר שוין אויך געלע לעזער — אַזוינע טעמען קענען אפי וועמען ניט איינפאַלן. מען מוז האָבן אַ גרויסע „איינבילדונגס־קראַפט" (אַ באַגריף, וואָס קאַהאַן נוצט נאָך עד־היום — אָנשטאָט פאַנטאַזיע...). אמת, אין דער דער־ציילונג „שטילע טריט" האָט ער געפונען אויך פעלערן. איבערהויפּט איז אים ניט געפעלן געוואָרן, וואָס איך לאָז צופיל פון דעם העלד, אַזוי אַז אָנשטאָט הומאָר באַקומט זיך דער איינדרוק פון חוזק מאַכן, פון אויסלאַכן... די באַמערקונג קאַהאַנס האָט מיר שוין אַ ביסעלע ווי געטאָן און נאָך מער דערפאַר, וואָס איך האָב גע־פילט, אַז זי איז געווען ניט גאָר אומגערעכט. די דערציילונג „שטי־לע טריט", ניט געקוקט וואָס די טעמע איז ווירקלעך מיר אַליין שטאַרק געפעלן געווען און האָט מיר ביים שרייבן שטאַרק פאַר־פירט — איז געווען אָנגעשריבן און פאַרעפנטלעכט צו בחיפזונדיק, הגם אַ רושם האָט זי געמאַכט גאָר אַ שטאַרקן...

שפּעטער בין איך שוין ניט געווען קיין בן־יחיד, וועגן וועמען מען שרייבט קריטיק אין אַמעריקאַנער צייטונגען. אויך שלום אַש׳ם דערציילונגען און נאָמבערגס האָט דער „פאָרווערטס" איבערגעדרוקט און אַב. קאַהאַן האָט געשריבן וועגן זיי באַגייסטערטע אַרטיקלען. ווער רעדט אַש האָט שוין די לאַגע אויסגענוצט און אַליין גענומען שרייבן פאַרן „פאָרווערטס" און באַקומען אַפילו האָנאָראַר.

אָבער איך בין געווען דאַן דער ערשטער, וואָס האָט זוכה געווען צו דעם כבוד, ווייל ניט זייענדיק באַקאַנט, קיינער פון אונז, מיט דעם אינהאַלט פון יענעם „פאָרווערטס", האָבן מיר אַלע, לויט די פּאָר „קריטיקן" פון אַב. קאַהאַן, זיך פאָרגעשטעלט, אַז די אַמעריקאַנער צייטונג — מיר האָבן אַפילו ניט רעכט געוואוסט איר נאָמען — איז אַוודאי איינע פון די שענסטע ערשיינונגען אין דער נייער יידישער ליטעראַטור און הלוואי וואָלטן מיר דאָ — אין וואַרשע הייסט עס — קענען זיך פאַרגינען צו גרינדן אַזאַ מין צייטונג, וואו מען שרייבט קריטיקן ניט נאָר וועגן ביכער, נאָר וועגן אַן איינצלנער דערציילונג פון אַ יונגן שרייבער...

קיין האָנאָראַר, נאַטירלעך, האָב איך פאַר די דערציילונגען, וואָס דער „פאָרווערטס" האָט פון מיר שוין נאָכאַנאַנד איבערגעדרוקט, ניט באַקומען. אַליין שיקן מיינע דערציילונגען האָב איך ערשט אָנגעהויבן מיט יאָרן שפּעטער, פון קראָקע. אָבער ווער האָט דאַן פאַרלאַנגט האָנאָראַר? מיט די פּאָר „קריטיקן", וואָס אַב. קאַהאַן האָט געשריבן וועגן מיר, האָט ער מיך שוין דאַן גענוג באַלוינט. אין יידיש זיינען זיי דאַן געווען די ערשטע קריטיקן וועגן מיר בכלל...

איבעריקנס, האָנאָראַר פון אַמעריקע האָב איך יאָ אין יענער צייט באַקומען. דאָס איז נאָך געווען פון „די יידישע גאַזעטן". אויך „זיי" האָבן נאָך מיט אַ יאָר פריער איבערגעדרוקט אייניקע לידער פון מיר, פון זאַמלבוך „דאָס צוואַנציגסטע יאָרהונדערט", און האָבן מיר אַריינגעשיקט אויף יעקב דינעזאָנס אַדרעס גאַנצע פינף דאָלער... עס זאָל ניט הייסן, אַז זיי פאַרלאַנגען, חלילה, אומזיסט. בין איך אַוודאי געווען צופרידן. די אַמעריקאַנער צייטונגען זיינען געווען פאַרבאָטן אין רוסלאַנד, אַפילו אַזאַ כשרע צייטונג, ווי „די

יידישע גאַזעטען" פון סאַראַזאָן, האָב איך מיינע לידער איבערגע־
דרוקטערהייט קיינמאָל ניט אָנגעזען, כאָטש איך האָב דאַן שטאַרק
געוואָלט זען, ווי זעען זיי אויס. יעקב דינעזאָן האָט מיר אָבער
דערקלערט, אַז „די יידישע גאַזעטען" איז אַן אָנשטענדיקע צייטונג
און מיט איר הויפּט־מיטאַרבעטער, ישראל זעווין, שרייבט ער זיך אָפּט
דורך מיט בריוו... איז ביי מיר געווען נאָך מער אָנגעלייגט. און
איינמאָל האָט מיר יעקב דינעזאָן געוויזן אַ בריוו פון „די יידישע
גאַזעטען", וואו מען לייגט מיר פאָר, אַז איך זאָל ווערן זייער קאָ־
רעספּאָנדענט פון וואַרשע, איך זאָל שיקן צוויי „בריוו" אַ מאָ־
נאַט, און מיין האָנאָראַר וועט זיין צען דאָלער... אַוודאי האָב איך
זיך אונטערגענומען. איך האָב נאָר פאַרלאַנגט אַן אַוואַנס פון פינף
און צוואַנציק דאָלער. דער „בריוו פון וואַרשע" איז זיי, קענטיק,
געפעלן געוואָרן, ווייל „זיי" האָבן מיר גלייך, אויף יעקב דינע־
זאָנס אַדרעס אַרויסגעשיקט די פאַרלאַנגטע סומע און האָבן גע־
פאָדערט נאָך מאַטעריאַל. האָב איך געשריבן נאָך אַ „קאָרעספּאָנ־
דענץ", וואָס האָט מיר שוין באמת געלונגען... דינעזאָן אַליין, וועל־
כער האָט זי איבערגעלייענט ביים אַוועקשיקן זי — ער אַליין האָט
עס טאַקע אַוועקגעשיקט, שוין מיט זיינע מאַרקעס — האָט טאַקע
עס געלויבט. אין יענער „קאָרעספּאָנדענץ" האָב איך אין בעלע־
טריסטישער פאָרם געשילדערט די שווערע לאַגע פון די יונגע בחורים,
וואָס ציען זיך פון דער פּראָווינץ אין וואַרשע, זוכנדיק דאָרט גליקן,
און ווערן אַנטוישט נאָך די ערשטע עטלעכע מאָנאַטן.

מיט די צוויי בריוו האָט זיך געענדיקט מיין מיטאַרבעטערשאַפט
אין „די יידישע גאַזעטען". קיין קאָרעספּאָנדענט ווערן אויף אַן
אמת האָב איך ניט געהאַט קיין חשק און דערצו איז דער אויס־
וואַל פון די טעמעס פאַר די „וואַרשעווער בריוו" געווען אַ באַגרע־
נעצטער. „די יידישע גאַזעטען" האָבן געפאָדערט צו יידישלעכן שטאָף
און איך האָב אַזוינס אי ניט געפונען, אי ניט געזוכט. נאָר אָנ־
שטאָט „בריוו" האָב איך זיי אַרויסגעשיקט אַ פּאָר דערציילונגען...

די פופציק רובל, וואָס דינעזאָן האָט מיר איבערגעגעבן, איז
מיר שטאַרק צונוץ געקומען. עס איז געווען אַרום ערב־פּסח... עס
האָט געצויגן צו פאָרן אַהיים, קיין מינסק. האָב איך פון דעם געלט

זיך געקויפט אַ נייעם אָנצוג, אַ הוט און אַ זומער־מאַנטל און ווען כ'בין געקומען צו דינעזאָנען, האָט ער פון מיר גאָר אָנגע־קוואָלן:

— אַ שיינער יונגערמאַן, — האָט ער מיך באַוואונדערט און גענומען באַטראַכטן דעם הוט, דעם מאַנטל און דעם אָנצוג, גע־פרעגט אויפן פרייז פון יעדער זאַך באַזונדער, געטאַפּט די „וואַרע" פון אָנצוג, פון מאַנטל, פון הוט, געוואָלט אויסגעפינען, צי האָבן מיך, חלילה, די וואַרשעווער קרעמער ניט אָפּגענאַרט...

געקומען קיין מינסק, האָב איך דעם פּסח פאַרבראַכט גאָר פריילעך. פון מיינע אייגענע ערפאָלגן האָט שוין מיין פאָטער גע־וואוסט און ער האָט געקוקט אויף מיר אויסער מיט גרויסער פאָ־טערלעכער ליבע, אויך מיט דרך־ארץ. האָט מיר דערציילט, אַז איז"ב ממינסק, אַ דעמאָלסט באַוואוסטער העברעישער שרייבער, מיט וועלכן ער איז שטאַרק באַפריינדעט, וויל זיך מיט מיר באַקענען, אָפּגעלויבט איז"ב ממינסק אַלס גוטן מענטשן. האָב איך דעם טאַטן אַוודאי ניט אָפּגעזאָגט צו גיין מיט אים צו איז"בן. איז"בס שירים און איבערהויפּט די סאַטירישע פּאַראָדיען אויפן מדרש האָב איך נאָך יינגל־ווייז געלייענט מיט גרויס אַנטציקונג, בפרט זיין באַרימט ווערק „מדרש סופרים", וואו ער האָט געשילדערט די טרויעריקע לאַגע פון די אַמאָליקע אָרעמע העברעישע שרייבער...

איז"ב ממינסק — מיטן אמתן נאָמען יוסף בריל — אַ ציכטי־קער אַלטער מאַן, פון נידעריקן וואוקס, מיט אַ שטענדיקן ליבלעכן שמייכל, וואָס האָט געגרענעצט זיך מיט איראָניע, האָט שיר ניט געהאַלטן פאַר אַ זכיה, וואָס איך אַ יונגער און אַ יידישער שרייבער בין געקומען אים באַזוכן... דאָס האָט מיך טיף גערירט און איך האָב, פאַרקערט, אים אויסגעדריקט מיין פרייד, וואָס איך האָב דעם כבוד צו זען איינעם פון די באַרימטסטע העברעישע שרייבער. און ווירקלעך האָט דער דאָזיקער שוין דאַן באַלד פאַרגעסענער יוסף בריל געמאַכט אַ וואונדערלעכן איינדרוק מיט זיין באַהאַלטענער דער־שלאָגנקייט און אמתער עניוות. זיין קאָנקורענט בײַ אַלס העברע־ישער לערער און די גבירישע הייזער, בײַ אַלס שריפטשטעלער איז שוין דאַן געווען יכנה"ז, וועלכער האָט זיך געדרוקט בײַ אין

„המליץ" און סיי אין „יוד" און ברלין, אַ מענטש מיט מער בילדונג און קולטור, הגם ניט אַזאַ טאַלאַנט ווי יכּנה"ז, האָט עס אַוודאי געאַרט...

די וואוינונג, וואָס בריל האָט פאַרנומען, איז געווען אַ ריין-צוגעקליבענע, אָבער זייער אַן אָרעמע... די אָרעמקייט האָט געוואונקען פון אַלע ווינקעלעך. עס האָט ניט געהאָלפן, וואָס זיין פרוי, אַ גוטמוטיקע אַלטיטשקע, אַן איינפאַכע יידענע, האָט נאָכאַנאַנד גערוימט, אַפילו ווען געסט זיינען געווען דערביי. דער איינציקער ליכטיקער ווינקל איז געווען — ביי אַ וואַנט דער אַלמער מיט די ספרים און ביכער. דורך די גלעזערנע טירלעך האָבן אַרויסגעקוקט די אַלע יאָרגאַנגען „כּנסת ישראל", „האָסיף", „כּרם", וואו יוסף בריל — איו"ב ממינסק — איז אַמאָל אַ חשובער מיטאַרבעטער געווען...

אַ וויימוט האָט מיך אַרומגענומען, ווען כ'בין אַרויס פון ברילס וואוינונג. איך האָב מיר נאָך אַלץ ניט געקענט גלויבן, אַז אַזאַ באַרימטער שריפטשטעלער זאָל אויף זיינע עלטערע יאָרן ניט האָבן קיין טרייסט און פילן שוין ביי זיין לעבן די פאַרגעסנקייט, וואָס רוקט זיך אָן אויף אים...

בין איך אין פאַרלויף פון די עטלעכע וואָכן, וואָס איך האָב דאַן פאַרבראַכט אין מינסק, אָפט אַרויפגעקומען צו ברילן, און מיט מיין באַזוך געוואָלט פאַרטרייבן זיינע קענטיק שווערע געדאַנקען, וואָס ער האָט געטראַכט, רויכערנדיק נאָכאַנאַנד זיין קליינע משכּילישע ליולקע...

* * *

פאַרבראַכט אין מינסק עטלעכע וואָכן, איז שוין צייט געווען צו פאָרן צוריק קיין וואַרשע. איז אָבער שוין ניט געווען אויף הוצאות. אויך ביי מיינע נאָענטע איז די לאַגע געווען ניט איבעריק גלענצנד. מיין פאָטער, וואָס האָט זיך שוין באַזעצט אין מינסק, האָט געפּרוווט זיין מזל ווידער אין האַנדלען מיט תּבואה, אָבער אין פרילינג איז פאַר דעם תּבואה-האַנדל די ערגסטע צייט, בפרט אַז קיין קאַפּיטאַל האָט ער ניט געהאַט און געהאַנדלט מיט אַ שותּף, וועלכער האָט געהאַלטן אַ שפּייכלער אויפן מינסקער

„נייעם“ מאַרק, וואו די פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער פֿלעגן זיך צונויפֿקומען מיט זייערע תּבֿואות און אַלערליי אַנדערע סחורות, ווי פֿלאַקס, חזיר־האָר, וואָל, און אַפֿילו טרוקענע שוועמלעך. מיין פֿאָטער, ניט קוקנדיק, וואָס ער איז געווען אַ פּאָעט אין אַלע היני־זיכטן, איז אָבער געווען אַ מבֿין אויף די אַלערליי סחורות און פֿאַרן שותּף איז ער געווען זייער געוואונטשן. אָבער אַזוי ווי דער שותּף האָט געגעבן דאָס געלט צום האַנדל און דער טאַטע בלויז זיינע פֿעיִקייטן, זיין געניטקייט, האָט דער שותּף, אַ פּראָסטער מענטשל, אים סיי ווי סיי שטאַרק עקספּלואַטירט, אויסגענוצט... אויך מיין שוועסטער, שרה־בתיה, האָט, לערנענדיק זיך אַליין, ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט דאַן צו פֿאַרדינען צו פֿיל פֿון די „אוראָקן“, וואָס זי האָט געגעבן... וועלנדיק פֿאַרריכטן מיין לאַגע און די לאַגע פֿון מיינע נאָענטע, האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אין אַ שיינעם פֿרימאָרגן, ווען מיין פֿאָטער איז אַוועק, קענטיק, אויפֿן מאַרק, אָדער אפֿשר מיט אַ באַזוך צו יוסף ברילן — אַמאָל פֿלעגט ער אויך באָרגן ביי אים אַ גמילות־חסד און פֿלעגט ניט שלאָפֿן קיין נעכט, ביז ער האָט דעם אָרעמען מענטשנפֿריינדלעכן ברילן ניט אומגעקערט מיט דאַנק די געליענע פּאָר רובל, און אַמאָל איז עס געווען בלויז אַ רובל, — האָב איך זיך אַוועקגעזעצט שרייבן. מיין קאָפּ איז געווען פֿול מיט אידעען, טעמען און מאָטיוון...

איך האָב געשריבן — צו מיין אייגענעם וואונדער — אַ דערציילונג נאָך אַ דערציילונג און אין זעקס שעה האָב איך אָנגעשריבן דריי דערציילונגען — איינע אַ גרעסערע „דער הונט“ און צוויי עטוואָס קלענערע — „אין אַ זומער־מאַנטל“ און „אַ בעל־חובֿ“... איך האָב זיי געשריבן מיט אַזאַ האַסטיקייט, אַז כ׳בין נאָכן שרייבן געבליבן אויסגעשעפּט...

מיין שוועסטער שרה־בתיה איז די ערשטע אָנגעקומען.

— דריי דערציילונגען אָנגעשריבן, האָב איך איר געמאָלדן...

— ניט מעגלעך! האָט זי זיך פֿאַרחידושט...

— נאַ, זע...

זי האָט זיך גענומען לייענען... אָבער איך האָב זיך געאיילט. איך מוז זיי גלייך אַוועקשיקן קיין וואַרשע, אין „יוד“...

דער פּאַטער, ווען ער איז אַ ביסל שפּעטער אָנגעקומען, איז געווען גאָר איבערראַשט, ווען ער האָט דערהערט פון דער דאָזיקער פּרוכטבאַרקייט... ער האָט אויף מיר געקוקט אי מיט באַוואונדערונג אי מיט רחמנות...

איך האָב געפילט, אַז ער צווייפלט אין די מעלות פון די דערציילונגען, וועלכע איך האָב אַפילו, קעגן מיין שטייגער, דאָסמאָל נים איבערגעשריבן...

איך האָב זיי גלייך אַוועקגעשיקט אין „יוד"... געפאָדערט, מען זאָל מיר גלייך (דעם „גלייך" האָב איך מיט דריי דיגע פּאַסעקלעך אונטערגעשטראָכן, אַז זיי זאָלן וויסן...), מען זאָל מיר גלייך אַרויסשיקן פינף־און־צוואַנציק רובל...

אין פיר טעג אַרום האָב איך צו מיין גרויס פאַרוואונדערונג באַקומען דאָס געלט פון דער אַדמיניסטראַציע, מיט אַ פּאָר פריינדלעכע ווערטער פון ד"ר יוסף לוריע...

איך בין ביים טאַטן נאָך געהויבענער געוואָרן... פונדעסטוועגן האָב איך זיך פאַר דעם גורל פון די דערציילונגען געשראָקן. ווער ווייס, וואָס איך האָב דאָרט אָנגעשריבן...

קומענדיק אין וואַרשע, האָב איך שוין געטראָפן די קלענערע דערציילונג אָפּגעדרוקט, נאָר מיט אַ געענדערטן טיטל... אָנשטאָט „אַ בעל־חוב" — הייסט עס נאָר מיטן משונהדיקן נאָמען „במקום ווינט"... איך האָב זיך אַזש דערשראָקן. איך האָב געמיינט, אַז אימעצער איז אין רעדאַקציע משוגע געוואָרן. איך געדענק זיכער, אַז די דערציילונג האָט געטראָגן דעם נאָמען „אַ בעל־חוב"... ערשט אין רעדאַקציע בין איך געוואויר געוואָרן, אַז יוסף לוריע איז אַוועקגעפאָרן אויף אַ וואָך ערגעץ, איז פרץ געבליבן אויף דער וואָך דער רעדאַקטאָר... אויב אַזוי, האָב איך שוין פאַרשטאַנען. פרץ אַלס רעדאַקטאָר האָט געמוזט ענדערן... ער האָט זיך פּשוט נים געקענט באַהערשן. אַמאָל פלעגט ער טאַקע שטאַרק פאַרבעסערן אַ זאַך, אָבער נים זעלטן — זי אַזוי פאַרענדערן, אַז דער אויטאָר האָט זיך אַליין אין איר נים דערקענט. דער דערציילונג האָט ער, צום גליק, בלויז געענדערט ביים סוף... איך האָב שיר נים גע־

ווינט... אָבער איך האָב פּרצן, ביים זעען זיך מיט אים, נאָרניט באַמערקט... דערפאַר זיינען שוין די אַנדערע צוויי דערציילונגען געווען אָפּגעדרוקט ווי געשריבן, אַפילו מיט די פּאָר פעלערן... אַ שטאַרקן איינדרוק האָט געמאַכט די דערציילונג „דער הונט“. פּרץ האָט זי שטאַרק געלויבט, פאַרגליכן זי צו גאָרקים אַ דערציילונג, נאָר מיט אַ שמייכל באַמערקט, אַז קיין אמתער „באָסיאַק“ איז מיין העלד דאָך ניט... האָט עס מיך ווייניק געאַרט, ווייל איך בין ניט אויסן געווען צו „געבן“ אַ באָסיאַק...

אויך דער מאָנאָלאָג „אַ זומער-מאַנטל“ האָט דאַן שטאַרק אויסגענומען, אמת, שוין מער ביי די לעזער... און נאָך עד-היום ווערט ער פון פאַרשיידענע פּראָפעסיאָנעלע דעקלאַמאַטאָרם פאָרגעלייענט אויף ליטעראַרישע אָוונטן, הגם איך אַליין בין דערפון ניט שטאַרק צופרידן און איך נעם עס אָן אַלס שטראָף פאַר מיין דעמאָלסטיקן צוגעאיילטן שריט. ניט נאָר די דערציילונג „דער הונט“ איז שפּעטער געווען איבערזעצט אין עטלעכע שפּראַכן — צווישן זיי אויך אין ענגליש, נאָר אַפילו „דער זומער-מאַנטל“ האָט זוכה געווען דערצו. די דערציילונג אָבער „דער בעל-חוב“ איז אַזוי געבליבן ניט באַמערקט. אפשר בין איך שולדיק, און אפשר פּרצעס ענדערונג ביים סוף... און איך מוז צוגעבן, אַז די ענדערונג, כאָטש פּרץ האָט בכלל יאָ פאַרמאָגט געשמאַק צו ענדערן אַמאָל עפּעס ניט נאָר אין אַ ליד, נאָר אויך אין אַ דערציילונג — אַז די ענדערונג אין „בעל-חוב“ איז געווען ווירקלעך ניט קיין געלונגענע. פּרצן איז קענטיק געווען פרעמד די פּסיכאָלאָגישע זייט פון דער דערציילונג, און אָנשטאָט דער פּסיכאָלאָגישער זייט האָט ער זיך גערעכנט מיט דער עטישער זייט, האָט אַריינגעוואָרפן דאָרט דאָס וואָרט רחמנות, וואָס גראָד אין דער דערציילונג בין איך ניט רחמנות אויסן געווען, און איבערהויפּט ניט געמיינט עפּעס אונטערצושטרייכן, נאָר ווייזן... אויב די העלדין פון דער קליינער דערציילונג האָט יאָ געקאָנט אַרויסרופן רחמנות, האָט עס אָבער ניט געדאַרפט אונטערשטראָכן ווערן, ווי פּרץ האָט עס געטאָן מיט זיין ענדערונג.

לײדער האָב איך נאָכדעם ניט געקענט זיך דערמאָנען, ווי אַזוי איך האָב די געענדערטע שטעלע, און אפשר איינינקע שטעלן, אַליין

געשריבן — און די דערציילונג איז שפּעטער אַריין אין מיינע גע־זאַמלטע שריפטן, ווי זי איז געווען אָפּגעדרוקט אין „יוד“...

איז מיר די דערציילונג, — סיי ווי סיי ניט קיין זייער געלונגענע,— איצט אַ ביסל פרעמדלעך, דאָך רופט זי ביי מיר אַרויס איינע פון די אַיינגענעמסטע ערינערונגען פון יענער צייט.

און טאַקע צוליב דעם באַמי איך זיך ניט די געענדערטע שטעלן איבערבייטן אויף מיין שטייגער...

עפּעס זיינען מיר איצט שוין ליב געוואָרן פּרצעס שורות אין מיינער אַ (און שפּעטער אין אַ צווייטער...) דערציילונג.

---

# ניינאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

שלום אַש. — זיין ערשטע רייפע ערציילונג „די משוגענע מוטער״. — שיין אין זיין הונגער. — שלום אַש אַלס חתן. — אַש אַלס פאַמיליע־מאַן. — שלום אַש אַלס העברעער. — זיין ערפאָלג אין „הצפירה״. — איך טו אים נאָך. — מיינע העברעישע איבערזעצער: ישראל שאַף און וו. ל. יאַקובאָוויטש. — נחום סאָקאָלאָוו. — דער בוכהאַלטער פון „הצפירה״ בערמאַן. — די גוטהאַרציקע און איידעלע מאַדאַם סאָקאָלאָוו. — די יונגע רעוואָלוציאָנערע קורסיסטקע. — מיין צעטעלע צו מאַדאַם סאָקאָלאָוו. — די צען־רובלדיקע. — די געווינסנבּיסע.

שלום אַש איז מיר ליב געוואָרן גלייך נאָך זיין אָנקומען פון קוטנע קיין וואַרשע. אין זיינע ערשטע אומרייפע און כּמעט קינדערשע שרייבונגען, וואָס איך, דעמאָלסט שוין שיר ניט רייפער שרייבער, האָב זיי אויסגעהערט ניט אָן אַ שמייכל, האָב איך שוין געמערקט די צייכנס פון גרויסן דיכטערישן טאַלאַנט. אָט לייענט ער מיר פאָר אַ זאַכעלע, אַ שטימונג, ווי עס האָט דאָן געהייסן. עס הייבט זיך אָן: „די נאַכט איז געווען זייער אַ פינסטערע״, און שפּעטער, מיט עטלעכע צייל ווייטער: — „די לבנה, אַ קיילעכדיקע ווי אַ יאַרמולקע״ (אָדער ווי עפּעס אַן אַנדער מין זאַך), האָט זיך גערוקט הינטערווייַלעכץ (אָדער געשוואומען אַפיר)״...

— סטייטש, אַש, — שטעל איך אים אָפּ, איר זאָגט דאָך (די ערשטע יאָרן האָבן מיר זיך געאירצט), איר זאָגט דאָך ביים אָנהייב, אַז עס איז געווען אַ פינסטערע נאַכט, ווי קומט אַהער די לבנה?...

אַש בלייבט פאַרווירט, צעשמייכלט זיך באַלד מיט זיין ליבן אָפענעם שמייכל, פון וואָס זיין דעמאָלסט־מילדער אויסדרוק אויפן פּנים ווערט נאָך תּמימותדיקער, און ענטפערט:

— דאָס איז אַ קליניקייט — דאָס קען מען פאַרריכטן... די לבנה, הייסט עס, קען מען אַרויסוואַרפן...

אַמאָל אָבער פלעגט ער פאַרגעסן אַרויסצוּוואַרפן, און די לבנה האָט זיך אומגעשפּאַצירט איבערן הימל אין אַ שטאָק־פינסטערער נאַכט, כאָטש נעם און קלייב פערל פאַר איר שיין...

דערפאַר אָבער האָט ער שוין עטוואָס שפּעטער פאַרגעלעזן מיר אַ דערציילונג, וועלכע האָט מיך שוין אַנטציקט און כ'האָב אים באַטראַכט, ווי אַ מייסטער. דאָס איז פאָרגעקומען אויף דזיעלנע־גאַס, אין דער וואוינונג פון די ביעליענקים, אַ ליטווישע פאַמילע, וואָס האָט געהאַלטן אַ פּריוואַטן רעסטאָראַן, און דאָרט, אויב ס'איז נאָר געלט געווען, האָבן מיר אַמאָל אַ גוטן פרישן מיטאָג געגעסן. אין דער זעלבער וואוינונג פלעגט אויך אַרויפקומען ה. ד. נאָמבערג, א. ש. זאַקס, וואָס האָט זיך שוין דאַן, נאָך גאָר אַ יונגער בחור, געשניטן אויף אַן עקאָנאָמיסט און געלערנט, האָט אָבער אויך ניט גרינג געשעצט די באַקאַנטשאַפט פון פּאָעטן און ליטעראַטן. די ביעליענקים זיינען בכלל געווען גאַסטפריינדלעכע מענטשן, איבער־הויפּט די שיינע טעכטער, פון וועלכע איינע, וויערא, אַ הויכע, אַ שלאַנקע, אַ שטאַרק טונקעלע, מיט שוואַרצע פייערדיקע, אָבער גוטמ־קייט אָפּשפּיגלענדיקע אויגן — האָט אונז באַהאַנדלט, ווי אַ ליבע שוועסטער. פלעגן מיר זיך אָפט, אַפילו אין די אָוונטן — ניט אין צייט פון עסן — אַריינכאַפּן אין דער דאָזיקער וואוינונג ווי אייגענע מענטשן. צימערן האָט די וואוינונג פאַרמאָגט פיל, איז אין איין צימער האָט דעמאָלט אַש, נאָך האַלב לאַנג־געקליידט, פאַר מיר און פאַר נאָמבערגן געמאָלדן, אַז ער האָט אָנגעשריבן אַ דערציי־לונג. איך בין דאַן שטאַרק נייגעריק געוואָרן. איבערהויפּט דער טיטל פון דער דערציילונג האָט מיך פאַראינטערעסירט — „די משוגענע מאַמע“.

אַש האָט די דאָזיקע דערציילונג געלייענט מיט מער ענערגיע, ווי די אַנדערע, די פריערדיקע, די פליטער־פלאַטערלעך־שטימונגען... הגם אויך די דערציילונג האָט פאַרמעגט געוויסע סענטימענטאַלע שטעלן, איז דער איינדרוק, וואָס די דערציילונג האָט אויף מיר געמאַכט, געווען זייער אַ שטאַרקער. איך האָב מיינע אויערן ניט

געגלויבט. אויב אַזוי, איז דאָך שלום אַש ניט נאָר אַ נאַיִוועד שרייבער, וואָס שפּילט זיך מיט וואָלקנדלעך אויפן הימל, נאָר זעט און פאַרשטייט מענטשן אין זייערע טיפסטע לײדן... און כאָטש דער אינהאַלט פון דער דערציילונג איז געווען זייער אַ טרויעריקער, בין איך אָבער פון דער דאָזיקער התגלות פון אַשן געוואָרן אַנטציקט.

איבעראַשט האָט מיך בלויז נאָמבערגס פאַרקערטע מיינונג. אים, נאָמבערגן, איז די דערציילונג זייער שטאַרק ניט געפעלן געוואָרן, און ער האָט זיין פאַרניכטנדיקע מיינונג פריי אַרויסגעזאָגט. אַש, דערמוטיקט פון מיין אַנטציקונג, און סתם אַ „יונגל”, וואָס האָט זיך ניט געלאָזט אַזוי לייכט פאַרניכטן, האָט זיך געשטעלט אַנטקעגן. עס איז אַרויסגעקומען אַ קריגעריי, אַ זידלעריי. מיר האָט עס שטאַרק וויי געטאָן, בין איך שוין אַרויס מיט דעם באַליידיקטן יונגן אַשן, איבערלאָזנדיק נאָמבערגן אַן אויפגערעגטן אַליין.

דערפאַר איז נאָמבערג געוואָרן אַשס גרויסער פאַרערער אין אַ קורצער צייט, ווען אַש האָט אָנגעהויבן שרייבן זיינע דערציילונגען און בילדער, וואָס ער האָט אין ענדע פון יאָר 1902 אַרויסגעגעבן אונטער איין טיטל „אין אַ שלעכטער צייט”. און אַזוי איז נאָמבערגס פאַרהערלעכונג פון אַשס שאַפן געשטיגן אַלץ מער.

אויך פערזענלעך האָב איך אין יענער צייט אַשן שטאַרק ליב געהאַט, טראָץ זיינע געוויסע קאַפּריזן און העזהדיקייט, וואָס ער האָט שוין אין יענער צייט פאַרמאָגט. און אפשר האָב איך אים טאַקע ליב געהאַט פאַר זיינע קאַפּריזן, וואָס האָבן אים צוגעגעבן דאָן פיל חן. זיין חן איז באַשטאַנען דווקא אין זיינע „פעלערן”. די נעגאַטיווע זייטן פון זיין כאַראַקטער זיינען אייגנטלעך געווען ביי מיר דעמאָלסט פּאָזיטיווע. דערצו האָט זיך שוין געמערקט אין זיין אָנהייב, אַז ער גייט צו גרויסע זיגן און טריומפן. זיינע דורכפאַלן, וואָס ער האָט לכתחילה דורכגעמאַכט, האָבן אים קיינמאָל ניט געראַובט זיין מוט. אַ פייער פלעגט זיך דאַן אין זיינע ברוינע אויגן אָנצינדן, אַ פייער פון מוט און גלויבן אין זיך און אין זיין צוקונפט.

— רייזען, איך שרייב אַ דראַמע! האָט ער מיר איינמאָל, אין יענער צייט פון זיין אָנהייב, אַ זאָג געטאָן.

איך האָב געמיינט, אַז ער באַרימט זיך, ווי זיין שטייגער איז געווען. ערשט דעם נאָענטסטן שבת ברענגט ער צו פּרצן אַ פאַר־טיקע דראַמע — אין דריי צי אין פיר אַקטן...

פּרץ, וואָס האָט נאָך דעמאָלסט אַליין ניט געוואָגט צו נע־מען זיך צו דראַמען — און צו וואָס — אַז פון קיין יידיש טעאַטער איז שוין קיין זכר ניט געווען ניט אין רוסלאַנד, ניט אין פּוילן? — פּרץ איז נשתומם געוואָרן. יעקב דינעזאָן האָט ווי אַ פּאַטער, פון דער זייט, זיצנדיק ביים טיש און שטאָפּנדיק די גילזן־פּאַפּיראָסן פאַר פּרצן — יעקב דינעזאָן האָט טאַקע פּאָטערלעך געשמייכלט:

— דאָס קינד פלאַפּלט.

און אַש נעמט אַרויס אַ העפט, געשריבן לויט אַלע געזעצן פון דראַמענשרייבעריי: „די פּערזאָנען: זרח — אַ ייד אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע", אאַז"וו און הייבט אָן לייענען... פּרץ הערט צו און שמייכלט...

מאָלט איך, אַז די ערשטע דראַמע פון שלום אַש איז ניט געווען קיין שטאַרק געראָטענע, זי האָט בלויז אַרויסגערופן גוטמו־טיקן שפּאָס ביי פּרצן און ביי די איבעריקע צוהערער, וואָס האָבן געהאַט געגוג געדולד זי אויסצוהערן ביזן סוף. וואָס אָנבאַטרעפט מיך אַליין, בין איך זיך מודה, האָב איך ניט געהערט מער ווי די ערשטע צוויי דריי דיאַלאָגן...

אָבער אַ געוואַגטקייט איז עס געווען. און אַש האָט, אַפילו נאָך פּרצעס מבטל זיין די דראַמע, זיך אַליין געהאַלטן ביי זיינס, אַז די דראַמע איז יאָ גוט און מען וועט זי נאָך שפּילן אין טעאַטער אַמאָל...

— איך פאַרשטאַיט ניש... — האָט ער זיך געדונגען שוין מיט יצחק גרינבוימען, וועלכער איז נאָך דעמאָלסט קיין דעפּוטאַט ניט געווען, בלויז אַ סטודענט פון וואַרשעווער אוניווערסיטעט, און זיין צווייטער יחוס איז דאָן געווען, וואָס ער האָט געוואוינט אויף צעגליאַנאַ נומער 1 — און פלעגט אַריינקומען צו פּרצן אי ווי אַ חסיד, אי ווי אַ שכן.

אַשס דינגען זיך מיט אַלע, וואָס האָבן אָנפאַנגס אים באַ־

וויזן פעלערן אין זיין שרייבן, האָט מיר שטאַרק געפעלן. עס איז געווען הערין פיל „יונגע" חוצפּה.

שיין איז אויך אַש דעמאָלט געווען אין זיין נויט, אין זיין מאַנגלען.

פון ליטעראַטור האָט ער די ערשטע צייט נאָך ווייניקער פאַרדינט, ווי מיר, האָט ער אויך ווי מיר, געדענק איך, געהאַט די ערשטע צייט — אַ פּאָר „לעקציעס". וואָס ער האָט געלערנט מיט זיינע תּלמידים דעמאָלט — איז ביי מיר עד־היום אַ רעטעניש, אפשר בלויז אַ ביסל לשון־קודש, וואָס, זייענדיק אַ שטיקל געוועזענער ישיבה־בּחור, האָט ער ממתּמא יאָ געקענט, ווי ער האָט זיך באַרימט... אין אַנדערע געגנשטאַנדן איז ער דעמאָלט, אַ קוים צוואַנציקיעריקער, געווען כּמעט אומוויסנד. אָבער ער איז שוין אין יענער צייט געווען דאָרשטיק נאָך וויסן, געריבן זיך צווישן געבילדעטע, אַפילו מיך האָט ער געהאַלטן פאַר אַזאַ מין... ווער רעדט נאָמבערגן האָט ער געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן פּראָפעסאָר... ביסלעכוויז האָט ער זיך אַנטוויקלט, ביז ער האָט דערגרייכט די שטופע פון בילדונג, אויף וועלכער ער שטייט איצט. און זאָל עס, אַגבֿ־אורחא, ניט זיין קיין סוד, אַז שלום אַש איז איצט איינער פון די געבילדעטסטע יידן, איבערהויפּט אין יידישער וויסנשאַפט, אין „חכמת ישראל". אָן זיין „יידישער" בילדונג — און טיילוויז אויך וועלטלעכער — וואָלט ער ניט באַוויזן אָנצושרייבן אַזוינע ווערק, ווי „שבתי־צבי", „קידוש־השם", „אין אַ קאַרנאַוואַל־נאַכט" און „די פישופמאַכערין פון קאַסטיליען".

האָט ער אין יענער צייט, שוין מיט די פאַרדינסטן פון ליטעראַטור און לעקציעס, שטאַרק געמאַנגלט. אָבער געמאַנגלט און אַפילו געהונגערט האָט ער מיט חן. אַמאָל פלעגט ער אַריינפאַלן צו דינעזאָנען און אויסשרייען, בליצנדיק מיט פונקען פון זיינע אויגן, דעם נאַקעטן אמת.

— דינעזאָן, איך האָב ניט קיין איין גראָשן, איך בין זייער הונגעריק...

דינעזאָן פלעגט עס אויף מאָרגן מיר דערציילן מיט ליבע צו אַשן, ווי אַ מוטער קלאָגט זיך וועגן איר קינד: „געהערט אַ

בימל, דאָס קינד האָט שוין צוויי טעג קיין געקעכטס ניט פאַרזוכט"...

אַוודאי פלעגט אים דינעזאָן אַזוי שוין ניט אָוועקשיקן. דינעזאָן, אויסער זיין גרויסער גוטסקייט — איך פערזענלעך האָב זי בלויז איינמאָל אין אַ גרויסער נויט עקספּלואַטירט, באָרגנדיק ביי אים צוויי רובל — האָט ער שלום אַשן זייער ליב געהאַט, געדעדט וועגן אים ווי וועגן אַן אייגן קינד און באַוואונדערט אַפילו אַשס דעמאָלסטיקע אומרייפע שרייבונגען.

באַגעגן איך אַשן אַזוי איינמאָל, אין יענער ערשטער צייט, ווען ער האָט שטאַרק געמאַנגלט, אויף די נאַלעווקעס... און אים באַמערקן האָט מען שוין דעמאָלסט, אַדאַנק זיין הויכער פיגור, געקענט אַפילו אין אַזאַ מענגע מענטשן, ווי די נאַלעווקעס האָבן פאַרמאָגט. עס איז געווען אַ זייגער צוועלף בייטאָג...

— אַש!

— רייזען!

און באַלד:

— איך בין הונגעריק, ווי אַ וואָלף...

אָבער אויסגעזען האָט ער, ווי אַ יונגער לייב, וואָס זוכט איבערן וואַלד עפּעס שפּייז... זיינע בליקן, קיניגלעך צערייצטע, האָט ער געוואָרפן צו די שויפענסטער פון די דעליקאַטעסן-רעסטאָראַנדלעך. אויף איינעם האָט זיך זיין בליק לענגער אָפּגעשטעלט. גענומען גראַבלען זיך אין די וועסט-טאַשן, אַרויסגענומען קליינגעלט, געציילט, געחשבונט און די סומע איז געווען 12 קאָפּיקעס.

— קומט, רייזען, איך וועל עפּעס איבערכאַפּן...

איך בין אים נאָכגעגאַנגען. איך אַליין האָב דעמאָלסט קיין געלט ביי זיך אויך ניט געהאַט, הגם הונגעריק בין איך ניט געווען. איך האָב שוין געהאַט געגעסן אין מיין צימער.

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט לעבן בופעט, וואו עס זיינען געלעגן אַלערליי ווורשטן, טאַקע פון כל-המינים, די באַרמטע וואַרשעווער ווורשט... ביי אַשן האָט זיך דער אַפּעטיט צעפּלאַקערט, די ברעגן פון די נאָזלעכער האָבן זיך נערוועז באַוועגט...

— אַז איך ווייס גאָרניט, וואָס אויסצוקלייבן... — האָט ער זיך שוין צעלאַכט, ווענדנדיק זיך צו מיר.

די פּאַרקויפערין, אַ זאַטע, צופרידענע פרוי, פרעגט איר בחרם ווער עס איז אַנטקעגן איר געשטאַנענע דאַן, — איז שוין געוואָרן אומגעדולדיק:

— גו, פּאַני, וואָס נעמען זי?...

— כ'וואַי... — האָט אַש אַרויסגעברומט... און ער האָט גע־פרעגט דעם פרייז פון די סאַלאַמי, וואָס האָט אַרויסגעקוקט מיט אַ באַזונדערן רייץ פון די אַנדערע מינים ווורשטן...

צום גליק האָט ער געקראָגן אַ פערטל סאַלאַמי, מיט צוויי רייפּטעלעך ברויט פאַר צוועלף קאָפּיקעס... האָט זיך אים אָבער שטאַרק פאַרגלוסט אַ זויער אוגערקל, וואָס האָט חנעוודיק און אַפּעטיטלעך אַרויסגעקוקט פון אַ גאַנצן טאָפּ.

— צו אַלדי שוואַרץ־יאָר! — האָט ער כלומרשט אין שפּאַס אויסגערופן, — עס איז דאָ אַזוי טייער!

דער סוף איז געווען, אַז ער האָט באַקומען אַן אוגערקל אַ הוספה...

צוגעטראָגן אַליין דעם מאַלצייט צו אַ טישעלע, וואָס האָט זיך אין וואורשט־געשעפט געפונען, האָט ער זיך מיט גאָפּל און מעסער אַוועקגעזעצט צו דער סעודה...

און ווער עס האָט ניט געזען, ווי אַזוי אַש האָט דעמאָלסט מיט זיינע יונגע שטאַרקע ציין געביסן די טרוקענע סאַלאַמי, געקנאַקט מיט זיי די האַרטע זייט פון דעם ברויט און הילכיק געגעסן דאָס אוגערקל אַלס צוביים, האָט ניט געזען אַשן אין זיין שיינקייט, גרויסקייט און חן. דאָס האָט אַ יונגער, הונגעריקער לייב געפּראַוועט די סעודה, ערגעץ אין אַ ווינקל פון וואַלד, וואו ער וועט באַלד ווערן אַליין דער קיניג...

אַלנפאַלס האָב איך אַזאַ מין איינדרוק דעמאָלסט באַקו־מען.

פונדעסטוועגן האָט ער אויך ביים אָנהייבן די סעודה ניט פאַרגעסן צו פרעגן מיך, און געגוג אויפריכטיק, צי בין איך אויך ניט

הונגעריק. איך האָב אים פאַרזיכערט, אַז ניט, הגם זיין גרויסער אַפּעטיט האָט שיר ביי מיר אַפּעטיט אַרויסגערופן.

מיט דער צייט איז אַשם לאַגע בעסער געוואָרן, אַלנפאַלס איז ער שוין ניט געווען אַזוי עלנט, כאָטש ער האָט זיך אויף עלנטקייט קיינמאָל ניט באַקלאָגט. אַשם טאַלאַנט האָט דאַן באַמערקט מנחם־מענדל שפּיראָ, אַ פּוילישער ייד, אַ משכּיל, הגם ניט אַן אַסימילאַטאָרישע נייגונגען... פון פּראָפעסיע אַ העברעישער לערער, איז שפּיראָ אָבער געווען אַ גרויסער פריינד פון דער פּוילישער שפּראַך און איבערהויפּט פון דער פּוילישער ליטעראַטור. מיצקע־וויטש, סלאָוואַצקי זיינען געווען זיינע דיכטער. פונדעסטוועגן האָט ער אויך געלעזן „דעם יוד“ און שפּעטער אויך „די פאָלקסצייטונג“. ווי אַזוי ער האָט אַשן באַגעגנט, איז מיר אומבאַקאַנט. איך ווייס נאָר, אַז ער איז ניט נאָר געוואָרן זיין פאַרערער, נאָר אויך, אין געוויסן זין, זיין הערציער. אַש איז געוואָרן אַן איינגייער אין זיין וואוינונג. שפּעטער־צו האָב איך שוין אַשן ניט אַזוי אָפט באַ־געגנט, און אויב יאָ, איז ער שוין ניט געגאַנגען אַליין, נאָר מיט אַ זייער שיינער, ליכטיקער, האַלב־שטאָלצער, האַלב־צוריקגעהאַלטע־נער מיידל, וואָס האָט אויסגעזען אַ ביסל פּוילישדיק. דאָס איז גע־ווען מאַטילדע, די טאָכטער פון מנחם־מענדל שפּיראָ....

איז אַש דאַן געווען דער איינציקער, צווישן אונז, יונגע קאָ־לעגן, וואָס האָט „אָפיציעל“, הייסט עס, אַרומגעשפּאַצירט מיט אַ שיין מיידל, וועלכע ער האָט אין אַ גאָר קורצער צייט אַרום פאַר־געשטעלט, אַ ביסל שעמעוודיקערהייט, אַלס זיין כלה...

האָב איך זיך אַוודאי שטאַרק געפרייט מיט אַשם גליק, כאָטש געדאַכט האָט זיך מיר, אַז ער איז נאָך צו יונג אַ חתן צו ווערן.

אָבער אַש איז געווען אַ גוטער חבר. האָט ער מיך און נאָמ־בערגן איינגעלאַדן צו שפּיראָן אין הויז, וואו ער איז שוין געווען אַ בן־בית; האָבן מיר דאָרטן פאַרבראַכט אַ שיינעם אָוונט מיט דער ליבער פאַמיליע, און זיך באַקענט מיט דער יינגערער טאָכטער, בתיה, וואָס האָט דעמאָלסט אויסגעזען, ניט קוקנדיק אויף אירע זעכצן יאָר, ווי אַ בליענדער בוים. דער אָוונט איז געווען איינער פון די שענסטע אָוונטן, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין יענער צייט אין

וואַרשע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער מנחם־מענדל שפּיראָ, אַליין אויך אַ ליטעראַט, אַ מיטאַרבעטער אין „הצפירה" און אויך אין דער פּוילישער „איזראַעליטאַ", האָט אויך מיינע דערציילונגען און לידער געלייענט און האָט געפונען פאַר מיר אַ גוט וואָרט, ניט קוקנדיק, וואָס די הויפּט־פאַרערונג האָט ער אַוועקגעגעבן צו אַש און טיילווייז אויך צו נאָמבערגן...

אַוועקגעגאַנגען בין איך פון דער דאָזיקער פאַמיליע מיט אַ זייער וואַרעמען געפיל, וואָס איז אַ לאַנגע צייט ניט פאַרווישט געוואָרן, אַזוי אַז אין יאָרן אַרום איז נאָך דאָס געפיל, וואָס איך האָב אַרויסגעטראָגן פון יענעם אָוונט, פריש געבליבן און ער האָט ביי מיר אַרויסגערופן די דערציילונג „ביים פרעמדן פייער"...

און אָט איז אַש געוואָרן אַ פאַמיליענמאַן...

האָט ער געמוזט זוכן נייע קוואַלן פאַר חיונה, און אין אַ העלן פרימאָרגן איז אַש געוואָרן אַ העברעיִשער שרייבער...

זיינע זאַכעלעך, מעשהלעך, וואָס „דער יוד" און אַפילו „די פאָלקסצייטונג" האָבן ניט געוואָלט דרוקן, — האָט ער איבערזעצט, צי געלאָזט איבערזעצן אין העברעיִש, און די „הצפירה" האָט עס פאַר־צוקערט און די העברעער האָבן שוין אויף אים געוואָרפן אַן אויג...

אויף אים קוקנדיק, האָב איך שוין אויך אַמאָל אין אַ נויט געלאָזט איבערזעצן אַ דערציילונג מיינע, וואָס איז געווען געדרוקט אין „יוד", און אַוועקגעשיקט עס, צי אַליין אַוועקגעטראָגן, אין „הצפירה", ווי אַן אָריגינעל העברעיִשע. אַנדערש וואָלט עס ניט געקענט געדרוקט ווערן. אַן אָפיציעל איבערזעצטע דערציילונג פון יידיש אין העברעיִש וואָלט די „האַרינטע" ניט דערלויבט. איז דאָס פון מיין זייט געווען דעמאָלסט טאַקע אַ גרויסע זינד, ניט אַזוי וואָס כ'האָב אָפּגענאַרט די רעדאַקציע פון „הצפירה", וויל די רע־דאַקציע האָט יאָ געוואוסט, אַז עס איז שוין געווען געדרוקט אין יידיש, האָט זיך בלויז געמאַכט דאָס רוב ניט וויסנדיק — ניט אַזוי דאָס אָפּנאַרן, ווי דער פאַקט אַליין, וואָס איך דרוק זיך אין „הצפירה" — אי העברעיִש, אי ציוניסטיש. אמת, די „הצפירה" איז נאָך דאַן שטאַרק ציוניסטיש ניט געווען. סאָקאָלאָוו איז נאָך דאַן אפשר געווען נעענטער מיט זיין געמיט — אויב ניט

מיט זיין געדאַנק — צו דער „איזראַעליטאַ“ אין וואַרשע, ווי צו „דער וועלט“ אין ווין....

די ערשטע דערציילונג, וואָס איך האָב געגעבן אין „הצפירה“, איז געווען „איוב“... די דערציילונג האָט זיך זייער לייכט גע־לאָזט איבערזעצן. איבערזעצט האָט זי דער שפּין פריער דערמאָנטער ישראל שאַף, דער הויפּט־איבערזעצער פון פּרצעס ווערק אין העב־רעיִש (פּרץ האָט אויך אַליין געשריבן אין אַ פּליסיקן העברעיִש). די דערציילונג איז אָפּגעלעגן אַ דריי טעג און אין קול ואין עונה. און געלט איז נייטיק געווען... בין איך אַריבער אין רעדאַקציע, אויף מאַריאַנסקע 20 (אָדער 2).

פאַרבלאָנדזשעט האָב איך גלייך צו נחום סאָקאָלאָוון אין זיין פּריוואַטן קאַבינעט. איך בין געבליבן אַ פּאַרציטערטער. איך האָב שוין סאָקאָלאָוון געזען אַמאָל ביי פּרצן און אַמאָל אין אַ ליטעראַרי־שער אינטימער פאַרזאַמלונג ערגעץ־וואו, אָבער קיין גרויסער מחותּן בין איך אין די פּאָר צופעליקע מאָל זען זיך מיט אים ניט גע־וואָרן.

סאָקאָלאָוו, דערזעענדיק מיך אַזוי אומדערוואַרט אַריינקומען, האָט זיך קענטיק אויך דערשראָקן. ער איז געבליבן פאַרווירט, ווי איך. עס איז באמת געווען אַ קאָמישע סצענע.

איך האָב דאָך ווי עס איז אַרויסגעזאָגט דעם ציל פון מיין קומען...

— אָ, יאַ, „איוב“, — האָט ער דערוואַכט און פריינדלעך צו־געשמייכלט — יאַ, איך געדענק עטוואָס... וועגן אַ מלמד... אַן אָרעמער מלמד... יאַ... עס וועט זיין געדרוקט...

אָבער דאָס דרוקן זיך אין „הצפירה“ איז ביי מיר דעמאָלסט געווען לאַוו־דווקא. אויסן בין איך געווען דעם האָנאָראַר. אַן „ענגע“ צייט געווען און עס איז געווען אַ שיינער זומערדיקער טאָג און דאָס לעבן האָט געוואונקען פון אַלע וואַרשעווער רייכע און אַפילו אָרעמע גאַסן.

— אָ, — רוף איך זיך אָן, אויך אַ ביסל אין דייטש, — זייער גוט... איך וואָלט אָבער ווינשן דעם האָנאָראַר שאָן צו באַ־קומען...

האָט ער מיך אָנגעקוקט שוין גאָר פאַרוואונדערט, ווי איי־נער זאָגט: אַזוינס פּאַסירט אים דאָס ערשטע מאָל... מען זאָגט אים צו דרוקן און ער וויל געלט...

— אָבער יאָ, — רופט ער זיך אָן זייער איידל, — זיכער, אַז עס וועט זיך אָפּדרוקן, וועט מען איהן באַצאָלן... דאָס איז שוין די זאַך פון דער אַדמיניסטראַציע...

איך אָבער האָב שוין פעסט באַשלאָסן בּיי זיך אָן געלט ניט אַוועקצוגיין...

האָט שוין סאָקאָלאָוו ענדלעך געפרעגט — אַ ברירה האָט ער געהאַט:

— וויפיל קען עס דען אָנטרעפן?

— דאָס וועט מען זען נאָכן אָפּדרוקן (די „הצפירה" האָט געצאָלט פער צייל).

— וועט זיין גענוג דערוויל פינף רובל? — האָט ער תמימות־דיק געפרעגט.

— אָ, יאָ... — האָב איך געענטפערט, צופרידן שוין פון דער סומע.

און סאָקאָלאָוו האָט אַרויסגענומען פון טאַש פינף איינציקע זילבערנע רובל — אַוודאי זיין טאַשן־געלט געווען...

און עד־היום וואונדער איך זיך אויף מיין דעמאָלסטיקער ניט העפלעכקייט און מער ווי איך וואונדער זיך, פאַרדריסט עס מיך... אָבער סאָקאָלאָוו, בטבע אַ גוטמוטיקער מענטש, האָט קיין פאַריבל ניט געהאַט און דערנאָך זיך אַפילו פריינדלעך מיט מיר צע־רעדט, אָבער נאָך פריינדלעכער זיך אָפּגעזעגנט...

דערפאַר איז די דערציילונג „איוב" שוין געווען אָפּגעדרוקט גלייך אין אַ טאָג אַרום... און די דערציילונג האָט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויף די העברעישע לעזער... אַזוי אַז די „הצפירה" האָט זיך שוין געיאָגט נאָך מיינע דערציילונגען און אין פאַרלויף פון אַ געוויסן זומער פון יענע יאָרן — איך געדענק ניט גענוי, צי 1902, צי שוין 1903 — האָב איך מיט די האָנאָראַרן פון „הצפירה" מיין מאַטעריעלע לאַגע פיל פאַרבעסערט. אמת, דערפאַר „געזינדיקט" מיט העברעיש.

שפּעטער האָב איך זיך שוין נאָך געלט געווענדט אין אַדמי־ניסטראַציע צו דעם בוכהאַלטער בערמאַן, און ער, מיינער אַ פּאַר־ערער, נאָך אַלם לעזער פון „יוד“, האָט געצאָלט מיט דער ברייטער האַנט. אין יענעם יאָר האָט די „הצפירה“ געפייערט אירן אַ יובילייִ און האָט צוליב דעם אַרויסגעלאָזט אַ „מאַסף“ און בערמאַן האָט שוין פאַרלאַנגט פון מיר אַ גרעסערע „זאַך“. האָט דער דאַן נאָך גאָר יונגער העברעיִשער און שפּעטער אויך יידישער טאַ־לענטפולער דיכטער יעקב שטיינבערג, מיט וועלכן איך האָב זיך אין יענער צייט שטאַרק געחברט, איבערזעצט מיין פּאָעמע „מיין צוריקקער אַהיים“, אמת, בלויז אין ווייסע פערזן, אָבער טאַלענטפול איבערזעצט — און האָב די דאָזיקע פּאָעמע אַוועקגעגעבן פאַרן יובילייִ־„מאַסף“. באַקומען פאַר איר האָב איך, ווי פאַר פּאָעזיע, אַ גרעסערן פּרייז, אַזוי, אַז בערמאַן האָט זיך שוין איינמאָל מיט אַ שמייכל געקלאָגט:

— די „הצפירה“ וועט צוליב אייך מוזן באַנקראָטירן...

האָב איך שוין רחמנות באַקומען אויף דער „הצפירה“ און האָב זעלטענער אָנגעהויבן צו דרוקן זיך אין איר, סיידן אין אַ גרויסער נויט.

פאַר די לעצטע עטלעכע דערציילונגען האָט שוין געצאָלט מאַ־דאַם סאָקאָלאָוו אַליין. האָט זי שוין ניט נאָר גוט באַצאָלט און אויך אַוואַנסירט, נאָר סתם זייער פריינדלעך מיך שטענדיק אויפגע־נומען. זי פלעגט שוין אַן אַוואַנס וויינקער ווי צען רובל ניט געבן. און דערלאַנגען די סומע פלעגט זי מיט אַזאַ ליכטיקן שמייכל אויף איר איידעלן אַריסטאָקראַטישן פּנים, אַז עס פלעגט ווערן אי אַיינ־גענעם, אי אומאַיינגענעם. אומאַיינגענעם, וואָס דו דאַרפסט באַלעסטיקן אַזאַ דערהויבענע פרוי מיט נישטיקע געלט־אָנגעלעגנהייטן.

איבערהויפּט איז די מאַדאַם סאָקאָלאָוו, אַלס פּערזענלעכקייט, געווען איינע פון די לעבנסווערדיקסטע פרויען, וואָס איך האָב אין וואַר־שע, צווישן דער גייסטיקער אַריסטאָקראַטיע, ווען באַגעגנט. אַ פּאָר־נעמע, מיט אויסדרוקספולע יונגע, שוואַרצע אויגן און מיט איר באַ־זילבערטן קאָפּ, וואָס האָט איר צוגעגעבן אַ מאַיעסטעטישקייט, האָט זי שטענדיק אַ שמייכלענדיקע, מיט אַ געמיט פון איידעלער אומ־

באַשטימטער פּאַרזאָרגטקייט, באַצויבערט און דערהויבן. איר גרייטקייט צו קומען צו הילף שרייבער אין אַ מאַטעריעלער נויט איז געווען ניט אָפּצושאַצן. אָט ווי איצט געדענק איך, ווי אַ צייט נאָכדעם ווי איך האָב שוין אין „הצפירה" גאָרניט אָפּגעדרוקט, האָב שוין אינגאַנצן „תשובה" געטאָן, האָט זיך צו מיר גראָד געווענדט אַ יונגע קורסיסטקע, וועלכע איז געווען באַקאַנט אין די רעוואָלוציאָנערע קרייזן און אויך צווישן אונזערע קאָלעגן, אַלס פּאַרזאָרגערין פון אירע אייגענע חברטעס, וואָס זיינען דאָס רוב געווען מאַטעריעל אין אַ נויט — האָט זי זיך צו מיר געווענדט נאָך הילף:

— רייזען, איך מוז האָבן צען רובל, עס גייט אין לעבן...

— איך האָב ניט...

— קריגט ערגעץ! האָט זי באַפוילן.

— ניטאָ וואו צו קריגן...

איך האָב דערפילט, אַז זי דאַרף דאָס געלט נייטיק. אָפּזאָגן איר, אַזאַ פאַרצווייפלטער, איז געווען אוממעגלעך. אירע בלייע אויגן האָבן זיך אַזוי פאַרוואָלקנט און איר שפּילעוודיק פּנים איז אַזוי ערנסט געוואָרן.

— איך האָב נאָך איין וועג... האָב איך זיך מודה געווען. איך וועל אייך געבן אַ צעטעלע צו מאַדאַם סאָקאָלאָוו.

איך האָב געמיינט, אַז זי וועט ניט וועלן גיין... אָבער יאָ, זי וועט גיין...

אָנגעשריבן דאָס צעטעלע, וואו איך האָב זיך שטאַרק אַנטשולדיקט פאַר מיין באַלעסטיקן, בעט איך אין פּאָראויס צען רובל, וואָס זיינען מיר איצט זייער נייטיק, און זאָג צו די טעג צו ברענגען אַ דערציילונג.

איך האָב די קורסיסטקע צוגעפירט צום הויף מאַריאַנסקע 2. געשטעלט זיך וואַרטן ביים טויער און האָב שוין חרטה געהאַט אויף מיין טאַט. איך בין געווען זיכער, אַז זי וועט די סומע ניט באַקומען. מיר איז שוין מאַדאַם סאָקאָלאָוו געווען מער אַ שאָד צו באַלעסטיקן, בפרט אַז איך האָב שוין געוואוסט, אַז די לאַגע אין „הצפירה" איז שוין אַ שווערע — איידער קומען צו הילף דער קורסיסטקע פאַר אירע אָרעמע חברטעס...

אָבער אָט איז אין אַ פּאָר מינוט אַרום אַרויס פון קאָרידאָר פון „הצפירה“ די קורסיסטקע, געלאָזט זיך מיט געלאַסענע טריט צו מיר. בין איך שוין געווען זיכער, אַז זי האָט ניט געקראָגן, און געדאַנקט אין האַרצן גאָט...

— ניט געקראָגן?... בין איך איר אַנטקעגן געגאַנגען.

— יאָ, געקראָגן — האָט זי אויסגעזונגען. — זי האָט גלייך מיט אַ פריינטלעכן שמייכל מיר געגעבן צען רובל...

אמת, איך האָב אין אַ וואָך אַרום געלאָזט איבערזעצן אַ דער־ציילונג און עס אַוועקגעשיקט אין „הצפירה“ פאַרן חוב און מער קיין האָנאָראַר ניט פאַרלאַנגט, אָבער עפּעס האָט מיר אַ לאַנגע צייט געריסן דאָס האַרץ.

דערמיט אָבער האָט זיך געענדיקט מיין „העברעישע“ ליטעראַ־רישע טעטיקייט, וואָס אויסער אין אַ פּאָר יאָר אַרום, אין „הצופה“, וואו נאָמבערג איז געווען דער הויפּט־מיטאַרבעטער, האָב איך, אויף זיין בקשה, אָנגעשריבן אָריגינעל אין העברעיש אַ קליין בילדל „הבעל־שמחה“, און אַ צווייטס איבערזעצט פון יידישן מאַנוסקריפּט „הרוכל“— דער גייער.

---

# דרייסיקסטער קאַפּיטל

יעקב לידסקי און פֿאַרלאַג „פּראָגרעס“. — זיין „וואָד“ און זיין „יום־טוב“. — מיין ערשטע „פֿאָטאָגראַפֿיע“. — מיין אָנזיכטס־קאַרטע אין שוי־פֿענסטער. — מיין ערשטע זאַמלונג „ערציילונגען און בילדער“. — דר. מ. ערנפּרייז באַגייסטערטע קריטיק. — וו. קאָראָלניקס עטלעכע שורות אין דייטש. — פּרצעס האַלבע קריטיק אין „פֿריינד“. — די רעטעניש.

דער פֿאַרלאַג „פּראָגרעס“ פֿון יעקב לידסקי האָט זיך אין פֿאַרלויף פֿון די ערשטע פּאָר יאָר, 1900—1902, שטאַרק צעוואַקסן. האַנט אין האַנט מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג איז געגאַנגען די נייע יידישע ליטעראַטור. יעקב לידסקי, אַליין אַ סימפּאַטיזירער פֿון דעם אַרבעטער־קלאַס, מיט אַ געוויסן סאָציאַלן חוש בכלל, האָט דערפֿילט און אויך פֿאַרשטאַנען די פֿאָדערונגען פֿון דער נייער צייט און איז זיי געגאַנגען אַנטקעגן מיט גרויס פֿרייד און איבערגעגעבנקייט. אַרויסגעבן אַ ביכל פֿון וויסנשאַפֿטלעכן, צי אַפֿילו פֿון בעלעטריסטישן אינהאַלט איז געווען ביי אים אַ מין הייליקע אַרבעט. אַליין אַ מענטש מיט אַ חוש פֿאַר הומאָר, פֿלעגט ער אָבער וועגן אַרויסגעבן יעדעס וויכטיק ביכל אין יידיש ריידן מיט גרויס פּאַטאָס. דערצו איז ער אין יענער צייט געווען דער איינציקער פֿאַרלעגער, וואָס דער ציוניזם האָט אים ניט נאָר ניט פֿאַרכאַפּט, נאָר האָט זיך צום ציוניזם באַצויגן ווי אַ קעגנער. אַ מענטש אַ פֿאָלקסטימלעכער, זיינען אים די ציוניסטישע „פּאָליטישע“ טענדענצן געווען פֿרעמד און שיר ניט דערווידער. און אין יענער צייט, ווען „דער יוד“ איז געווען גאַנץ ציוניסטיש און „די יודישע פֿאָלקסצייטונג“ — הגם אַ קאָנקורענץ־צייטונג צום „יוד“, איז אויך געווען ציוניסטיש געפֿאַרבט — אין יענער צייט איז אַזאַ פֿאַרלאַג, ווי „פּראָגרעס“, געווען מער ווי אַ נויטווענדיקייט.

אמת, איך לייקן ניט, אַז „די פאָלקסצייטונג“ האָט מיט דער צייט אויף אירע שפּאַלטן אויך געגעבן וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען און אַפילו אייניקע קאַפּיטלען פּאָפּולער-פּאָליטישע עקאָנאָמיע פון א. ש. זאַקס — אָבער איר אַלגעמיינער טאָן איז געווען ענג-נאַציאָנאַליסטיש און טאַקע ציוניסטיש. פאָרט איז דער פאַרלאַג „תושיה“ געווען אַ העברעיִשער פאַרלאַג און האָט אפשר ניט ווילנדיק געמוזט שטיצן דעם ציוניזם, וואָס איז שוין דעמאָלסט געווען ענג פאַרבונדן מיט העברעיִזם. דאָס אַרויסגעבן אַ צייטונג אויף יידיש איז בכלל געווען ווי אַ דיסאָנאַנס אין דער גאַנצער טעטיקייט פון פאַרלאַג „תושיה“. שמואל-לייב גאָרדאָן, דער רעדאַקטאָר פון העברעיִשן קינדער-זשורנאַל „עולם קטן“, וואָס דער פאַרלאַג „תושיה“ האָט אין יענע צייטן אַרויסגעגעבן, אַ העברעיִשער דיכטער און שפּעטער אַ צוזאַמענשטעלער פון העברעיִשע לערנביכער פאַר קינדער, האָט טאַקע שטאַרק געבייזערט זיך אויף דער יידיש-פאַרלעגערישער טעטיקייט פון פאַרלאַג „תושיה“. עס איז געווען טאַקע אַ רעטעניש, וואָס בן-אַביגדור, דער הויפּט פון פאַרלאַג „תושיה“ און אין יענע צייטן אַליין אַ באַדייטנדיקער העברעיִשער שריפטשטעלער, האָט זיך אַזוי פעסט געהאַלטן אין יידיש און האָט ניט נאָר טאָלעראַנץ אַרויסגעוויזן, נאָר, פשוט — ליבע צו דער יידישער שפּראַך און צו איר ליטעראַטור, אמת, אויף זיין אייגנאַרטיקן, אפשר אויך האַלב-קאָמערציעלן אופן. ער איז געגאַנגען מיט דעם וועג, אַז יידיש (אָדער, ווי ער האָט עס דעמאָלט אפשר גערופן — זשאַרגאָן) שטערט ניט העברעיִש. שמואל-לייב גאָרדאָן האָט, פאַרקערט, אין יידיש געזען אַ סכּנה פאַר העברעיִש און וואָס עס איז נאָר געווען אין זיין מאַכט, האָט ער געטאָן, יידיש צו פאַרשעמען און צו דערנידעריקן, הגם ניט אַזוי ברוטאַל, ווי עס האָט געטאָן זיין אידעען-חבר, י. ח. טביוב; אַזוי ווייט אין זיין קאַמף קעגן יידיש ווי י. ח. טביוב איז ער ניט געגאַנגען. דערצו איז ער פערזענלעך, אַ מילדער און איידעלער מענטש, ניט געווען פעיִק. פאָרט איז ער אַ דיכטער געווען, בשעת י. ח. טביוב איז בלויז געווען אַ טאַלאַנטפולער פעליעטאָניסט מיט אַ שפּיציקן סאַרקאַזם.

נאָר צו טביובן און צו זיין כמעט קרענקלעכער שנאה צו יידיש וועל איך זיך נאָך אומקערן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען.

איז ווי געזאָגט — דער איינציקער פאַרלאַג, וואָס איז געווען לויטער אין יידיש און פאַר יידיש און סאָציאַליסטיש געפאַרבט — ווי ווייט די אומשטענדן האָבן דאַן דערלויבט — איז געווען דער פאַרלאַג „פּראָגרעס" פון יעקב לידסקי. דער מאָראַלישער פירער פון דעם פאַרלאַג, אין אַ געוויסן זין, בין איך געווען טאַקע אַליין. לידסקי האָט געהאַט צו מיר פיל צוטרוי. סיידן אַז האָב אים פאָרגעשלאָגן אַרויסצוגעבן אַ יידישע כרעסטאָמאַטיע, האָט ער שוין איבער מיר איראָניזירט און מיך אָנגערופן פאַנטאַזיאָר... אַזוי ווייט האָט ער נאָך דעמאָלסט אין יידיש אַליין ניט געגלויבט. נאָר וועגן דער ערשטער יידישער כרעסטאָמאַטיע, צוזאַמענגעשטעלט פון מיר, וואָס ער האָט ענדלעך יאָ אַרויסגעגעבן, און מיט גרויס ערפאָלג, וועל איך נאָך באַריכות דערציילן.

אויסער די פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכע ביכער און אייניקע, אמת־געציילטע, בעלעטריסטישע ביכער, וואָס יעקב לידסקי האָט מיט ליבע אַרויסגעגעבן פאַרן פאָלק, האָט ער אויך דאַן אַרויסגעגעבן פון צייט צו צייט מאַנכע ביכער, וואָס זיינען געשטאַנען אויף אַ נידעריקערער מדרגה, שוין מיט אַן אויסקוק אויף פּראָפיט, און דווקא אויף די אויסגאַבן האָט ער ניט באַנוצט די פירמע „פּראָגרעס", נאָר אַוועקגעשטעלט זיין אייגענעם נאָמען — פאַרלאַג יעקב לידסקי... אויפן פאַרלאַג „פּראָגרעס" האָט ניט געטאָרט פאַלן קיין שטויב; דער פאַרלאַג „פּראָגרעס" איז געווען זיין יום־טוב, זיין נשמה־יתירה. אָבער ער אַליין, יעקב לידסקי, איז אַ ייד אַ סוחר, וואָס דאַרף אויך פּראָפיטירן און דערצו איז ער שוין געצוואונגען אַרויסצוגעבן אַנדערע ביכער, אָבער דער נאָמען „פּראָגרעס" טאָר דערפון ניט ליידן. אויב ליידן, זאָל ליידן יעקב לידסקי אַליין...

עס הייסט אָבער ניט, אַז אונטער זיין אייגענעם נאָמען האָט ער אַרויסגעגעבן, חלילה, שונד־ביכער, דערפון האָט יעקב לידסקי שוין געוויכט. אים איז געווען גענוג די פאָר יאָר, וואָס ער, נאָך אַלס גאָר יונגער מאַן, איז געווען אין אַמעריקע און אַרויסגעגעבן,

צי געהאָלפֿן אַרויסגעבן, די פּיל־טייליקע ראָמאַנען, וואָס דער עולם האָט זיי „געשלונגען“ ניט נאָר אין אַמעריקע, נאָר אַפֿילו אין רוסלאַנד און פּוילן, וואו זיי האָבן זיך פֿאַרשפּרייט אין די טויזנטער. דאָס זיינען געווען די ראָמאַנען פֿון א. טאַנענבוים, פֿון יצחק ראַבינאָוויטש און אַנדערע ראָמאַנען־שרייבער פֿון יענער צייט. צווישן זיי האָבן זיך, אמת, אויך געפֿונען איבערזעצונגען אָדער באַאַרבעטונגען פֿון זשול ווערן, קופּער און אַנדערע, וואָס האָבן דאָך פֿאַרמאָגט אין זיך אַ קערנדל פֿון נוצלעכקייט און אויך ליטעראַרישקייט.

האָט לידסקי געזען, אַז מיין ערשט בוכעלע „צייט־לידער“ האָט געהאַט אַזאַ ערפֿאָלג און ער מוז אַלע דריי מאָנאַטן דרוקן אַ נייע אויפֿלאַגע, האָט ער מיר שוין אַליין פֿאָרגעשלאָגן, איך זאָל אים געבן אַ ביכעלע דערציילונגען, אַן אויסוואַל פֿון די, וואָס זיינען געווען געדרוקט אין „יוד“ און אין „דער יודישער פֿאַמיליע“. אמת, דאָס ביכעלע האָט נאָך ניט געטאָרט האַלטן מער ווי אַכציק זייטן. אָבער פֿאַר יענער צייט איבערדרוקן דערציילונגען, וואָס זיינען געווען געדרוקט ניט לאַנג אין די זשורנאַלן, איז געווען אַ נייס. דערצו האָט בלויז זוכה געווען דאָן פֿריץ, ווען ס׳איז אַרויס זיין באַנד שריפֿטן צו זיין פֿופֿציקיעריקן יובילײ. איז דאָס אויך געווען אַדאַנק פֿאַרערער און מעצענאַטן, וואָס האָבן דורך אַ קאָמיטעט דעם דאָזיקן גרויסן באַנד — אין זיבן הונדערט זייטן — אַרויסגעגעבן. פֿון אַן אָנפֿאַנגער אָבער, וואָס די זעלבע דערציילונגען האָט דער לעזער ערשט געלייענט אין „יוד“, אַרויסגעבן אויף דאָס ניי אַ ביכעלע, איז געווען שיר ניט אַ זכיה, שוין אָפּגערעדט פֿון דער מאַטעריעלער ריזיקע... אַוודאי האָב איך אויסגעקליבן פֿון מיינע פֿערציק דערציילונגען, וואָס איך האָב שוין דאַן געהאַט פֿאַרעפֿנטלעכט, — צען, לויט מיין מיינונג, בעסטע דערציילונגען און זיי איבערגעשריבן. און איבערגעשריבן זיי האָב איך ניט אַזוי צוליב פֿאַרריכטן זיי — נאָך מיין מיינונג זיינען די דערציילונגען געווען די פֿולקומהייט אַליין — אַגב האָב איך זיי פֿאַרן ערשטן מאָל דרוקן אין „יוד“ גענוג מאָל איבערגעשריבן, — נאָר כּדי אין דרוקעריי זיי צו געבן אין דער פֿאָרם פֿון אַ מאַנוסקריפּט. וואָס איך בין דערמיט אויסן געווען, איז מיר

ניט קלאָר עד־היום. אפשר האָט עס געדאַרפט הייסן פאַר די „זע־צער“, אַז זיי דאַרפן „זעצן“ אַ שפּאָגל־ניי בוך.

אַז איך האָב איבערגעגעבן די צען דערציילונגען און אַ דיקן העפט, האָט לידסקי מיר אַליין באַשטימט דעם האָנאָראַר — פופצן אונצוואַנציק רובל. דאָס איז אויך געווען מער בתורת מתּנה, ווי האָנאָראַר, ווייל וואָס איז שייך האָנאָראַר פאַר זאַכן, וואָס זיינען שוין געווען געדרוקט אין צייטשריפטן און איך האָב שוין פאַר זיי באַקומען האָנאָראַר אין רעדאַקציע... בפרט אַז יעקב לידסקי האָט ניט געגלייבט, אַז אַ ביכעלע מיט איבערגעדרוקטע דערציילונגען זאָל גוט פאַרקויפט ווערן. „די לעזער, האָט ער מיר דערקלערט, וואָס האָבן ליב אייערע דערציילונגען, האָבן דאָך שוין געלעזן זיי אין „יוד“, אין „דער יודישער פאַמיליע“ און אין „פאָלקסצייטונג“.

— נאָר גאָרנישט... — האָט ער געשמייכלט, — פּרווון דאַרף מען... זאָל זיין אין פאַרלאַג „פּראָגרעס“ אויך אייערס אַ ביכעלע דערציילונגען.

און איך בין געווען באמת דאַנקבאַר דאַן לידסקין, וואָס ער גייט צוליב מיר אַרויסוואַרפן געלט אומזיסט, און מיין אָנערקענונג צו אים איז נאָך דעמאָלט גרעסער געוואָרן. איך האָב געזען באַ־שיינפּערלעך, אַז דער ייד לידסקי איז אויסן צו מאַכן פון מיר אַ ריכטיקן מחבּר.

אין יענער צייט, אַגב־אורחא, האָט אים שוין איך געהערט מיין זאַמלבוך „דאָס צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט“, פון וועלכן ער האָט אָפּ־קויפט די פּלאַטן פון אַרויסגעבער יוסף קאַפּלאַן; צי יוסף קאַפּ־לאַן, אַלס רייכער יונגערמאַן, האָט די פּלאַטן מיר אַוועקגעשענקט און דאָס ביסל געלט פאַר זיי האָב איך שוין פון לידסקין אַליין באַקומען — געניי געדענק איך עס ניט. אָבער אויף אַזאַ אופן האָט שוין לידסקי אויף די לעצטע זייטן פון זיינע אויסגאַבן אַנאָנ־סירט פון מיר פאָלגנדיקע ביכלעך:

„צייט־לידער“ (מיט אַ פאָרוואָרט) פון אברהם רייזען; פּרייז 20 קאָפּ.

„דאָס צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט“ (זאַמלבוך) רעדאַגירט פון אברהם רייזען, פּרייז 50 קאָפּ.

„דונער און בליץ“ פון לונקעוויטש, איבערזעצט פון אַ. ר.,
פּרייז 20 קאָפּ.

מיט איין וואָרט, אַ גאַנצע רשימה פון ביכער... איך האָב זיך שוין טאַקע דערפילט ווי אַן אמתער מחבר...

קום איך אַזוי איינמאָל אַריין צו יעקב לידסקין גלאַט אַזוי, זען וואָס הערט זיך — און יעקב לידסקי נעמט מיך אויף מיט זיין פריינדלעכן שמייכל... פאַרשטיי איך שוין, אַז דאָס געשעפט גייט גוט. און ער אַליין זאָגט מיר אויך אויס, אַז „די צייט-לידער“ גייט ער שוין דרוקן אַ פינפטע אויפלאַגע... אויפן „צוואַנציגסטן יאָהרהונדערט“ האָט ער אַ באַשטעלונג פון מאָהליעוו (און מאָהליעוו איז דאַן געווען אַן אָפּגעשטאַנענע שטאָט אין קיפּן צו לייענען יידישע ביכער — אַזוי האָט מיר שוין לידסקי פריער דערציילט) אויף גאַנצע פינף עקזעמפּלאַרן... „דונער און בליץ“ פאָדערט מען אין ביאַליסטאָק פאַר אַן אַרבעטער-קרייז גאַנצע צען שטיק... מיט איין וואָרט, איך פיל זיך געהויבן. עס איז בלויז אַ שאָד, וואָס שולדיק איז מיר לידסקי גאָרנישט — פאַר אַלץ באַצאָלט: פאַר „דונער און בליץ“ די פופצן רובל שוין לאַנג אָפּגענומען, די פינף רובל פאַר „די צייט-לידער“ אַוודאי, די פינפאונצוואַנציק פאַר דער זאַמלונג „דערציילונגען און בילדער“ — כאָטש זיי האָבן זיך נאָך ערשט געהאַלטן אין זעצן — שוין אויך אָפּגענומען. נאָר אַז עס איז באַשערט געווען צו קריגן האָנאָראַר, צי כמו האָנאָראַר, — קומט עס גאָר פון אַנדערע וועגן.

רופט זיך צו מיר איינמאָל אין יענע טעג לידסקי אָן:

— רייזען, אפשר האָט איר פאַר מיר עפּעס אַ שיינע פאָטאָגראַפיע אייערע?...

— אַ פאָטאָגראַפיע? — ענטפער איך און בין גאָרניט חושד — צו וואָס דאַרפט איר מיינע אַ פאָטאָגראַפיע?

— אָט אַזוי, איך קען אייך שוין אַ פּאָר יאָר און האָב נאָך ניט אייער פאָטאָגראַפיע. איך האָב ליב צו זאַמלען פאָטאָגראַפיעס פון שרייבער...

וואָלט איך אים אַוודאי געגעבן, אָבער קיין פאָטאָגראַפיע האָב איך נאָך ניט געהאַט. ס'איז מיר גאָרניט איינגעפאַלן, אַז איך זאָל

זיך דאַרפֿן אַמאָל פֿאָטאָגראַפֿירן. ס'וואָלט געווען ניט אַזוי אַן אי־בעריקע הוצאה, ווי אַן איבעריקע אָנשטרענגונג. אמת, אין קאָוונע, אַלס סאָלדאַט, האָט א. דעווינישסקי דעם לעצטן זומער פֿון מיין „דינען" פֿאָרגעשלאָגן צו פֿאָטאָגראַפֿירן זיך צוזאַמען אין אַ גרופּע. אין אַ געוויסן שבת, ווען איך בין שוין אַלס מוזיקאַנט געווען פֿריי פֿון מיליטערישע פֿליכטן און פֿלעג קענען קומען צו דער „פֿרייער" חברה, האָבן מיר זיך געדאַרפֿט טרעפֿן לעבן דעם „טערק" — איך, הייסט עס, און דמיטרי צענזאָר, פּראָפּוס, א. דעווינישסקי און סאַ־דאָווסקי — אַ בונדיסט, און גיין נאָכדעם צוזאַמען פֿאָטאָגראַפֿירן זיך. אָבער, קענטיק, צוליב מאַטעריעלע סיבות איז די אידעע ניט פֿאַרווירקלעכט געוואָרן, הגם צום באַשטימטן אָרט, צום „טערק", זיינען מיר יאָ געקומען. האָבן מיר יוצא געווען, וואָס מיר האָבן ביים „טערק" אין קאָנדיטעריי געקויפֿט די טייערע „פּיראָזשנעס", וואָס זיינען אַזש צעגאַנגען אין מויל, און, קענטיק, אויף אַזאַ אופֿן האָבן מיר פֿאַרשוווענדט דעם אויפֿגאָב, וואָס מיר האָבן געדאַרפֿט געבן דעם פֿאָטאָגראַף...

קורץ, יעקב לידסקי האָט מיר פֿאָרגעשלאָגן — און עפּעס מיט אַ פֿאַרדעכטיקן שמייכל דערביי — אַז איך זאָל לאָזן מיך פֿאָטאָ־גראַפֿירן, און דווקא ביי אַ ריכטיקן פֿאָטאָגראַף. ער וויל פֿון מיר האָבן אַ ריכטיקן בילד... איי, געלט? — האָט ער נאָך פֿריינדלעכער געשמייכלט — איז ער גרייט זיך לאָזן קאָסטן ביז אַ פֿינפֿערל...

און דערביי האָט ער אַרויסגענומען טאַקע פֿינף רובל און מיר דערלאַנגט...

אַוועק בין איך טאַקע צו אַ גוטן פֿאָטאָגראַף ערגעץ אויף דער קרולעווסקאַ־גאַס — אָבער געקאָסט האָט מיר אַ האַלב טוץ — אויף פּאָסטקאַרטלעך — בלויז דריי רובל. איך געדענק עס, ווי היינט, און דערציייל עס, ווייל די צוויי רובל זיינען מיר געווען דעמאָלסט זייער וויכטיק. פֿון לידסקין האָב איך עס ניט פֿאַר־לייקנט און געהייסן אים אַריינרעכענען אַלס אַוואַנס אויף ווייטער־דיקער אַרבעט, וואָס ער האָט, נאַטירלעך, קיינמאָל ניט געטאָן...

אַז דאָס בילד איז פֿאַרטיק געוואָרן, איז ביי מיר יענעם טאָג געווען אַ יום־טוב; מיר האָט זיך געדאַכט, אַז איך בין אַ צווייטן

מאָל געבאָרן געוואָרן. צו וואָס זאָל איך דאָ לייקענען, עס איז
טאַקע געווען דאָס ערשטע בילד פון מיר. אין מיין שטעטל, קאָ=
דענאָוו, איז אַפילו יאָ געווען אַ שטיקל „פאָטאָגראַפשטשיק”, און
דווקא מיינער אַ פריינד, הגם אַן עלטערער פון מיר — יונה לאַפּ=
טשעווער האָט ער געהייסן, — אָבער ס'זאָל מיר דעמאָלט איינפאַלן,
אַז ער זאָל מיך פאָטאָגראַפירן, איז מיר ניט איינגעפאַלן. פאָטאָ=
גראַפירן פלעגט ער בלויז ווייבלעך, וואָס זייערע מענער זיינען שוין
געווען אין אַמעריקע און אויך אַמאָל די טאַטעס און מאַמעס פון
די מענער אין אַמעריקע. אָבער צו וואָס האָב איך געדאַרפט האָבן
אַ בילד?...

אויף אַזאַן אופן איז דאָס געווען מיין ערשט „בילד”...

לידסקי האָט פון דעם בילד גאָר אָנגעקוואָלן:

— אַ שיינער יונגערמאַן! — האָט ער זיך אַזש אַנטציקט און
שוין אויך אַריינגערופן מאַדאַם לידסקי פון אַ צימער, וויל זיין
וואוינונג האָט זיך שוין געפונען אינאיינעם מיטן גרויסן בוכגע=
שעפט און פאַרלאַג.

צוגענומען דאָס בילד, האָט ער ווידער אַ שמייכל געטאָן און
שטאַרק פאַרדעכטיק, הגם איך האָב גאָרנישט פאַרדעכטיקט — און
געבעטן, איך זאָל אויפשרייבן מיין נאָמען מיט אַ כטראָף פון מיינס
אַ ליד — צום אָנדענקען. דער כטראָף דאַרף אָבער זיין פון אַ
סאָציאַליסטישן אינהאַלט.

האָב איך אים אויך די געפעליקייט געטאָן און בין אַפילו
געווען גערירט פון זיין פאַרלאַנג. פון די איבעריקע „בילדער” האָב
איך אַ פאָר אַוועקגעשיקט אין מינסק, צו מיין פאָטער און שוועס=
טער, אַ פאָר צעטיילט צווישן מיינע קאָלעגן, איינס אַוועקגעשענקט
אַן אַרבעטער=מיידל, וואָס איז געווען מיינע אַ אומזיסטע שילערין,
און ווען איך האָב איר געצייגט דאָס בילד, איז זי אַזש בלייך
געוואָרן פאַר פאַרלאַנג צו באַזיצן עס. איך האָב איר דאָס בילד —
עס איז שוין געווען דאָס לעצטע — אַוועקגעשענקט, אַפילו מיט
אַן אויפשריפט. דאָס מיידל איז געווען אַ שיינהייט, אָבער אַ שע=
מעוודיקע, אַ צוריקגעהאַלטענע און האָט אויסגעזען צייטנווייז ווי אַ
הייליקע, ווי אַ נאָנע. ערשט מיט יאָרן שפּעטער האָב איך דורך

אירער אַ באַקאַנטער געוואָר געוואָרן, אַז דאָס מיידל איז געווען צו מיר ניט גלייכגילטיק און איך האָב עס קיינמאָל ניט געוואוסט און אַפילו ניט חושד געווען.

נאָכדעם ווי איך האָב מיין לעצטע פאָטאָגראַפיע אַוועקגעשענקט, האָב איך אָן זיי אינגאַנצן פאַרגעסן.

גיי איך אַזוי איינמאָל פאַרביי א. צוקערמאַנס בוכהאַנדלונג אויף די נאַלעווקעס און שטעל זיך אָפּ, ווי מיין שטייגער איז געווען, ביים שויפענסטער — און דעמאָלסט איז שוין געוואָרן מאָדע די שויפענסטער אין די יידישע בוכהאַנדלונגען אויסצופּוצן מיט אַלערליי ניי-ערשינענע ביכער און איבערהויפּט מיט נייע בילדער — עס איז פלומרשט געווען דער רענעסאַנס פון דער יידישער קונסט — אויך אָנזיכטסקאַרטן פון די יידישע גדולים, ווי פּרץ, מענדעלע, שלום-עליכם, און אויך פון די ציוניסטישע פירער, ווי מאַקס נאָרדוי, ד"ר הערצל און, דאַכט זיך, עס איז שוין געווען אויך די „באַרימטע" אָנזיכטסקאַרטע פון אוסישקינען מיט זיין גוואַלדיק נייעם אַפאָריזם: „אין לך דבר שאינו עומד בפני הרצון"... וואָס דאָס מיינט אויף פּשוט יידיש: „דו קענסט אַלץ דערגרייכן ווען דו ווילסט נאָר"... — פּלוצים פאַלט מיין בליק אויף אַן אָנזיכטסקאַרטע מיט אַ נאָמען אונטן און אַפילו מיט אַ סטראָף פון אַ ליד אויף יידיש, וואָס סיי דאָס פּנים, סיי די אונטערשריפט, סיי די סטראָף איז מיר שטאַרק באַקאַנט... איך קען אָבער זיך ניט דערמאָנען און דער עיקר איך קען עס ניט גלויבן, אַז דאָס זאָל זיין דער און פון דעם, וועמען איך זע און וואָס איך לייען איבער...

„איך וואַרט אויפן ליכטיקן טאָג, וואָס וועט קומען..."

ווער האָט עס געשריבן?

און די אונטערשריפט? האַ? אברהם רייזען. און דאָס פּנים — אויך זייער ענלעך... ביז איך האָב זיך איבערציינגט, אַז דאָס איז טאַקע פון מיר אַליין די „אָנזיכטסקאַרטע"...

נאָכן באַטראַכטן די שויפענסטער איז מיין שטייגער געווען אַריינצוגיין אינעווייניק אין בוכהאַנדלונג אום צו קויפן עפּעס אַ קלייניקייט, ווי אַ נומער „וואָסכאָד", אַמאָל אַפילו אַ „הדור", אויב איך האָב אין אַדמיניסטראַציע פון „אַחיאָסף" זיך נעפּוילט צו גיין נע-

מען אָן געלט, אויך וואָס אַלס מיטאַרבעטער פון „יוד“ איך האָב געהאַט די פּריווילעגיע... און אויב כ'האָב גאָרניט געקויפט, פלעג איך סתם פאַרברענגען אַ ביסל מיטן בוכהענדלער צוקערמאַן, וואָס איז געווען אַ פריינדלעכער אַ געבילדעטער און בכלל ליטעראַריש־וועלטלעכער יונגערמאַן, און מיך, דאַן נאָך אַן אָנפאַנגער, האָט ער אויפגענומען מיט אמתער גאַסטפריינדלעכקייט. דערצו איז ער אויך געווען אַ פאַרלעגער פון מאַנכע יידישע ביכלעך און אונטער זיין פאַרלאַג, „צוקערמאַנס פאָלקסביבליאָטעק“, איז אין יענער צייט ערשינען איניקע וויכטיקע יידישע ביכלעך פון ד״ר גאָטליב וועגן היגיענע, וועלכע איך האָב רעצענזירט און צו גוטן דערמאָנט אין זאַמלבוך „דאָס צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט“ — איז ער אַוודאי געווען צופרידן מיט מיינע באַזוכן אין זיין בוכהאַנדלונג, וואָס זיינען געווען זייער אָפט.

אָבער איבערצייגנדיק זיך, אַז די אָנזיכטסקאַרטע איז טאַקע פון מיר אַליין, האָב איך זיך עפּעס מאָדנע פאַרשעמט, זיך בגנבה אָפּגערוקט פון שויפענסטער און בין אַוועק מיט שנעלע טריט צו יעקב לידסקין...

אַריינקומענדיק צו יעקב לידסקין האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט אַ מין טראַציקן שמייכל, ווי איינער זאָגט: אַהאַ, איך האָב אייך אָפּגעטאָן. ער האָט שוין קענטיק פאַרשטאַנען, אַז איך ווייס שוין...

— צו־וואָס אַזוי פרי? — האָב איך אים געמוסרט, איך בין נאָך ניט ווערט....

— וועט איר ווערט זיין — האָט ער זיך געוויצלט...

— אַך, צו פרי! — האָב איך זיך שיר ניט געבייזערט. מיך אין האַרצן האָט מיר אפשר הנאה געטאָן אַזאַ גרויסע אָנערקענונג, כאָטש די אָנערקענונג האָט מיר געגעבן בלויז דער פאַרלעגער, וואָס איז, ערשטנס, מאַטעריעל פאַראינטערעסירט צו מאַכן מיך באַרימט און צווייטנס, וועט אים די „אָנזיכטסקאַרטע“ אַליין ברענגען פּראָפּיט...

ביז איך האָב זיך צוגעוווינט צו דער דאָזיקער „באַרימטהייט“, האָב איך זיך געפילט עפּעס ווי ניט אין מיין ראָלע... די דאָזיקע אָנזיכטסקאַרטע האָט אויך מיר אַרויפגעלייגט פליכטן: עס איז עפּעס

געווען, ווי אַ צווייטן מאָל בר־מצווה געוואָרן... פון היינט אָן טאָר מען שוין קיין „נאַרישקייט", קיין עבירות ניט באַגיין, דו האָסט שוין אַ גרויסע אַחריות...

ווער רעדט, אַז איך בין געוואָר געוואָרן, אַז מיין אָנזיכטס־קאַרטע ווערט זייער גערן געקויפט, האָב איך זיך שוין שטאַרק פאַרטראַכט איבער זיך. אַמאָל פלעגט אַ פריינד מיינער פון ערגעץ שיקן מיר אַליין מיין אייגענע אָנזיכטסקאַרטע מיט אַ פּאָר ווער־טער... אַפילו שלום אַש האָט מיך איבערראַשט מיט אַזאַ סיור־פּריז און דווקא פון וואַרשע גופא... דערפאַר האָט ער זוכה געווען, אַז מיט צוויי יאָר שפּעטער זאָל זיין בילד זיין געדרוקט אין מיין יאָרבוך „פּראָגרעס" און גלייך נאָכדעם, טאַקע פון דעם זעלבן בילד — אַן אָנזיכטסקאַרטע, וואָס דער פאַרלעגער יעקב לידסקי האָט פון דער ברייטער האַנט אַרויסגעגעבן.

און אויך אַשס אָנזיכטסקאַרטע האָט דער עולם, איבערהויפּט די נאַציאָנאַל־געשטימטע יוגנט, פיל געקויפט און געשריבן אויף זיי זייערע באַגריסונגען און ברכות איינע צו די אַנדערע, ווי עס איז דעמאָלט געווען אין דער מאָדע...

* * *

מיין ערשטע זאַמלונג דערציילונגען אונטערן טיטל „ערצעהלונ־גען און בילדער" איז שוין אַרויס אָן אַ פאָרוואָרט. לידסקי האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז אַ פאָרוואָרט איז ניט באַזונדערס נייטיק. זע־ענדיק, אַז אַפילו מיינע לידער זיינען אַ גאַנגבאַרער „אַרטיקל", האָט ער שוין דערפון געמאַכט אַ קל־וחומר: מה־דאָך לידער, וואָס מען זינגט ניט (אמת, איינעקע לידער פון מיין ערשטן ביכעלע „ציים־לידער" האָט מען שוין גענומען זינגען, בפרט „הוליעט, הוליעט", „אָרעמעס לעבן" און „לעבן ווילט זיך" — דאָס לעצטע פון צוואַנ־ציגסטען יאָרהונדערט") — היינט אַ פשיטא־שוין דערציילונגען. און ער האָט טאַקע געטראָפן, כאָטש ווי גרויס דער ערפאָלג פון די דערציילונגען איז ניט געווען, האָט ער זיך ניט געקענט גלייכן צום ערפאָלג פון די „ציים־לידער"... דער ערפאָלג פון די „ציים־לידער" איז געווען, אויב איך קען זיך אַזוי אויסדריקן, מער אין דער ברייט,

בשעת ווען דער ערפאָלג פון דעם ערשטן ביכל דערציילונגען איז געווען מער אין דער טיף... אויך וועגן די דערציילונגען זיינען די רעצענזיעס און קריטיקן געווען ניט אין יידיש, נאָר אין העברעיש, רוסיש און אַפילו אין דייטש... עס האָט מיך אי געפרייט אי פאַרדראָסן... ניט „דער יוד“, ניט „די יודישע פאָלקסצייטונג“ האָבן מיט קיין איין וואָרט ניט דערמאָנט די ערשיינונג פון מיין ערשטן ביכעלע דערציילונגען. דערפאַר האָט ד״ר מ. ערנפרייז אין „השלוח“ געווידמעט מיינע דערציילונגען אַ הויך־באַגייסטערטן אַרטיקל. און וואָס מיך האָט מער ווי אַלץ געוואונדערט, וואָס ד״ר ערנפרייז האָט מיר צוגעטראָפן. ניט ווייל ער האָט מיך גערימט, נאָר ווייל ער האָט מיך פאַרשטאַנען. ער איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט ניט גערעדט בלויז וועגן מיין סאָציאַלע, נאָר אויך וועגן מיין פילאָסאָפישער אָנשויונג, כאָטש אויך די סאָציאַלע זייט האָט ער — מיט רעכט — שטאַרק אונטערגעשטראָכן. איך בין זיך מודה, אַז ד״ר מ. ערנפרייזס קריטיק אין „השלוח“ האָט מיר דעמאָלסט פאַרשאַפט פיל פרייד און מיך געמוטיקט צום ווייטערדיקן שאַפן. דער אַרטיקל בכלל איז געווען זייער שיין געשריבן, מיט אַ סך קולטור און ליטעראַטור־פאַרשטענדעניש און אין אַ געהויבענעם טאָן, צו וואָס די קריטיק אין יידיש, וואָס האָט זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען, האָט נאָך ניט געוואַגט, ניט רעכענענדיק די שוין דערמאָנטע גרויסע אָפּהאַנדלונג פון בעל־מחשבות איבער „מענדעלע“, וואו ער האָט שוין זיך פאַרמאָסטן ווי אַ גרויסער קריטיקער.

אויך אַ זייער גינסטיקע רעצענזיע האָט פאַרעפנטלעכט אין רוסיש אין איינעם פון די ליטעראַרישע מאָנאַטסהעפטן פון „וואָסכאָד“ ד״ר צינבערג. זיין רעצענזיע איז שוין געווען אין מער אַיינגעהאַלטענעם טאָן, אָבער אויך ער האָט ניט געזשאַלעוועט קיין לויבווערטער פאַר מיין ערשטן ביכעלע דערציילונגען. און ווי ניט אַיינגעהאַלטן זיין טאָן איז געווען, האָט ער זיך דאָך ניט געקענט באַהערשן און אינצווישן פון אַרטיקל אויסגערופן: „טשטאָ־טאָ טשעכאָווסקים וועיעט אָט עטאָוואָ טשודנאַוואָ ראַזסקאַזאַ“. אויך איז געווען אַ גאַנץ קורצע אָבער זייער וואַרעמע ביבליאָגראַפישע נאָטיץ וועגן מיין ערשטן ביכעלע דערציילונגען אין דער ווינער דייטשער ציוניסטישער „וועלט“.

די נאָטיץ האָט געהערט צו דער פּען פון א. קאָראַלניק, וואָס איז שוין דעמאָלט, הגם נאָך ניט קיין דאָקטאָר און נאָך ניט באַרימט, געווען ניט קיין אומבאַקאַנטער נאָמען אין די ליטעראַרישע קרייזן. אויך די נאָטיץ, וואָס האָט פאַרמאָגט בײַ אַ 60 צײַלן, האָט אין לויטער פּאָזיטיוון טאָן באַהאַנדלט דעם כאַראַקטער פון מײַנע ערשטע דערציילונגען און איין צייל איז מיר נאָך געבליבן ביז איצט אין זכרון: „דיזע שליכטע געשיכטן פּאַקן אונז“... טאָמער האָב איך אין דער ציטאַט אַ טעות געמאַכט, זאָל מיר דער איצט באַרימטער ד״ר א. קאָראַלניק פאַרגעבן.

אין יידיש האָבן מײַנע דערציילונגען זוכה געווען צו האָבן בלויז אַ האַלבע קריטיק און ערשט שפּעטער אין דער טעגלעכער צייטונג „דער פרײַנד“, וואָס איר גרינדונג וועל איך ווידמען אַ באַזונדער קאַפּיטל.

די מעשה דערפון איז אַזוי געווען:

קומענדיק איינמאָל אין אַ שבת צו פּרצן, האָט פּרץ, ווען די מקורבים האָבן זיך שוין אָנגעהויבן פונאַנדערצוגיין, מיך פאַרהאַלטן און מיט אַ גוטמוטיקן שמייכל געזאָגט:

— איר וואַרט, איך וויל אײַך עפּעס פאָרלייענען.

דער איינציקער, וואָס איז געבליבן דאַן מיט מיר, איז געווען יעקב דינעזאָן. ער האָט, קענטיק, שוין געוואוסט, וואָס פּרץ וועט פאָרלייענען, האָט ער אויף מיר געקוקט מיט מער אויפמערקזאַמקייט ווי שטענדיק און געשמייכלט.

און פּרץ האָט אונז, מיך מיט דינעזאָנען, אַרײַנגערופן אין צווייטן צימער, וואו ער פלעגט אויפנעמען גאָר נאָענטע און משפחה — דאָס איז אייגנטלעך געווען אי דער עסצימער, אי דער שלאָפצימער אי דער זאַל, — אַוועקגעזעצט זיך מיט אַ ברייטן שמייכל אויף אַ שטול און, נאָכדעם ווי איך האָב זיך געזעצט לעבן אים און דינעזאָן קעגנאיבער — האָט זיך באַוויזן אין זײַנע הענט אַ מאַנוסקריפּט פון פיל בייגעלעך פּאַפּיר און ער האָט זיך צו מיר, ניט ווי אַ רבי, נאָר ווי אַ קאָלעגע אָנגערופן:

— איך וויל אייך פאָרלעזן, איידער איך שיק אַוועק אין „פריינד“...

און מיט אַ ליכטיקן שמייכל צוגעגעבן:

— דאָס איז טאַקע וועגן אייך אַליין.

איך האָב זיך אַזש פאַרשעמט. ניט גאָר אָן אויפרעגונג האָב איך זיך צוגעגרייט צו הערן פּרצעס אורטייל איבער מיר.

ס'איז אָבער ניט געווען קיין אורטייל, נאָר אַ מין ליכטיק שפּילן זיך מיט מיינע דערציילונגען. פּרץ האָט אָנפאַנגס געווידמעט אַ פּאָר אַיינלייטונגס־צײלן: ריזעזן שפּילט בלויז אויף צוויי סטרונעס— ער שפּילט אויף זיי וועגן אָרעמקייט און נויט (האָט עס מיך שוין אַ ביסל פאַרדראָסן). ווען ער קומט אין לאַנד, וואו ס'איז ניטאָ קיין וואַסער, וואָלט זיין פידל באַקומען אַ דריטע סטרונע און זי וואָלט אויך געקלונגען... און נאָכדעם האָט ער איבערדערציילט יעדע דערציילונג מיינע אויף זיין שטייגער, גאַרנישט צוגעבנדיק אַליין פון זיך... דער טאָן אָבער פון זיין דערציילן איז געווען אַ וואַרעמער, הגם מיט אַ געמיש פון הומאָר און געוויסע שטעלן, ווי אויך איראָניע...

איבערגעדערציילט אַלע דערציילונגען אויף זיין נוסח, הגם אין קורצן, כדי נאָר צו באַקענען דעם לעזער מיט זייער אינהאַלט און מיט די מאָטיוון — האָט ער פאַרענדיקט בזה־הלשון: „אין די הימלען פליט ער ניט, אָבער אויף דער ערד איז ער דער גרעסטער“...

דערהערט די ענדע, בין איך געוואָרן גאָר געטרייסט, הגם עס האָט מיר אויך פאַרדראָסן, וואָס פּרץ האָט ביי מיר „אַוועקגערויבט“ דעם הימל, אָבער די ערד איז פאַר מיר אויך גענוג געווען, און זיין דער גרעסטער אויף דער ערד איז דעמאָלסט פאַר מיר געווען איבערגענוג.

פאַרשעמטערהייט, רויטלענדיק זיך, האָב איך אים, ווען ער האָט מיך צום סוף געפרעגט, צי בין איך צופרידן — אויסגעדריקט מיין דאַנק. איז פּרץ נאָך צופרידענער געוואָרן און נאָכדעם ווי פּרץ האָט דעם מאַנוסקריפּט אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט, אויפגעשריבן דעם אַדרעס און פאַרקלעפּט, זיינען מיר אַלע דריי אַרויס אין גאַס.

ווי מיר דאַכט איצט, האָט פּריץ פאַר מיינע אויגן אַריינגעוואָרפן אין אַ בריווקעסטל דעם קאָנווערט. אין אַ וואָך אַרום איז אָנגעקומען דער „פריינד" מיט דער ליטעראַרישער ביילאַגע, וואו פּרצעס קריטיק איז געווען געדרוקט אַ העלפט און אונטן — פאָרזעצונג פאָלגט. די פאָרזעצונג איז אָבער קיינמאָל ניט געקומען, צו מיין גרעסטן וואונדער און באַדויערן.

# איינאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

די בענקשאַפט נאָך אַ טעגלעכער צייטונג. — די מורא פון דער צאַרישער רעגירונג פאַר יידיש. — די ערשטע קלאַנגען. — דינעזאָן זאָגט מיר בריוולעך אָן די בשורה. — די איינלאַדונג. — דער רעדאַקטאָר פון דער ערשטער יידישער טעגלעכער צייטונג שאול גינזבורג. — ווידער פעטערבורג. — דער ערשטער נומער. — פּרצעס ערשטע „זאַכעלע" אין „פריינד". — מיינע דריי מיניאַטורן. — פּרץ קען ניט נאָכקומען די פאָדערונג פון אַ טעגלעכער צייטונג. — „שמעיה גבור". — דער פאַריבל אויף פּרצן. — מיין שטרייק און גוט-פריינד מיטן „פריינד".

אַ טעגלעכע צייטונג אויף יידיש — דאָס איז געווען די בענקשאַפט און די האָפענונג יאָרנלאַנג סיי ביי די יידישע מאַסן, סיי ביי דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו די מאַסן און סיי, אָדער הויפּטזעכלעך — ביי די יידישע שרייבער.

די פירער פון אַלע באַוועגונגען, אַפילו די יעניקע, וואָס האָבן ניט געגלויבט אין דער צוקונפט פון יידיש און ניט געוואָלט אפשר, אַז זי זאָל האָבן אַ צוקונפט — האָבן צוגעגעבן, אַז אַ טעגלעכע צייטונג אין יידיש וועט האָבן דעם גרעסטן ערפאָלג סיי אין קאָמערציעלן, סיי אין מאָראַלישן זין. פון אַלע לאַגערן, סיי פון ציוניסטישן, סיי פון ליבעראַלן, סיי פון סאָציאַליסטישן, האָט מען זיך געפּרוווט אויף אַלערליי וועגן און אומוועגן אַרויסצוקריגן אַ דערלויבעניש פון דער רוסישער רעגירונג אויף אַרויסצוגעבן אַ טעגלעכע יידישע צייטונג. די רוסישע רעגירונג, וואָס האָט גוט געוואוסט די מאַכט פון אַ לעבעדיקער שפּראַך בכלל און די אויפקלערונג פאַר די מאַסן, וואָס אַ טעגלעכע צייטונג קען ברענגען בפרט, — האָט די אַלע „ביטעס", וואָס מען האָט איר דערלאַנגט, ברוטאַל אַנטזאָגט. די אַנטטוישונג איז געווען זייער גרויס. ענדלעך האָט מען זיך שוין אינגאַנצן מייאש געווען, אַז אַ טעגלעכע

צייטונג אויף יידיש זאָל ווען־עס־איז אין רוסלאַנד ערשיינען, און מען האָט זיך שוין געטרייסט מיט די צוויי װאָכנבלעטער, וואָס זיי־נען אָפיציעל ערשינען אין קראָקע, עסטרייך, און זיינען איבערגעשיקט געוואָרן יעדע וואָך אין דער װאַרשעווער טאַמאָזשנע, וואו דער ייד־ישער צענזאָר האָט געדאַרפט זיי דורכקוקן און דערלויבן זיי אַריינ־צוקומען מיט דעם רעכט פון צייטשריפטן, וואָס דרוקן זיך אין אויס־לאַנד, אויב אַזעלכע זיינען נאָר כשר און לעגאַל לכל־הדעות.

און ניט נאָר „ליטעראַרישע" פערזענלעכקייטן און ניט נאָר פירער פון באַוועגונגען האָבן זיך משתדל געווען צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ טעגלעכער צייטונג אין יידיש, נאָר סתם רייכע יידן — אמת, שוין כלומרשט אידעאַלערע, וואָס האָבן פאַרשטאַנען מיט זייער קאָמערציעלן חוש, אַז אַ טעגלעכע צייטונג אין יידיש אָדער „זשאַרגאָן", ווי מען האָט יידיש גערופן אין דער „העברער" געזעלשאַפט — איז אַ גוט געשעפט, אָפגעזען, צי איז עס אַ שפּראַך, צי ניט; צי האָט עס יאָ אָדער האָט עס ניט קיין צוקונפט,— סתם רייכע יידן מיט פּראָטעקציע אין „פעטערבורג" האָבן פאַר־וואָרפן מיט „בּיטעס" די קאַנצעלאַריעס פון די מיניסטאָרן און אַפילו געגאַנגען ווייטער, ביז צום קייסער אַליין, אָבער אַלע באַמיִונגען, אַלע שתדלנותן האָבן ניט געהאָלפן, און מען איז געבליבן בלויז ביים ריידן וועגן אַ צייטונג, ווי דער שיכור, וואָס האָט ניט קיין שנאַפּס, קילט זיין פאַרלאַנג בלויז מיט ריידן וועגן אַ גוט גלעזעלע שנאַפּס...

אויך איך אַליין האָב געהערט צו די, וואָס האָבן געגאַרט נאָך אַ טעגלעכער צייטונג אויף יידיש, האָב שיר ניט מקנא געווען די העברעער, וואָס זיי פאַרמאָגן זיך צו האָבן גאַנצע צוויי טעגלעכע צייטונגען... אמת, מען האָט זיך שוין דאַן געסודעט, אַז זיי גופא, ד"ה די אַרויסגעבער פון די דאָזיקע צוויי העברעישע טעגלעכע צייטונגען, זיינען זיך אויך משתדל צו באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַרויסצוגעבן נאָך אַ יידישע צייטונג — און אויך זיי, די כשרע, לאָיאַלע, געלינגט עס ניט, אויך זיי געטרויט מען ניט, און זיי מוזן זיך האַלטן בלויז מיט די העברעישע צייטונגען, וואָס האָבן שוין אין יענער צייט, אַדאַנק דער דערוואַכונג פון די יידישע מאַסן — קיין שום אָפּקלאַנג אין לעבן ניט געפונען. די „הצפירה" האָט נאָך

עפּעס געהאַט אַ שטיקל איינפלוס און ווירקונג אויף די באַלעבאַטי-
שע און חסידישע לעזער, דער פּעטערבורגער „המליץ" אָבער, און-
טער דער רעדאַקציע פון לעאָן ראַבינאָוויטש, האָט שוין זיין איינ-
פלוס דאַן כמעט אינגאַנצן פאַרלאָרן. אויך זיינע וויכטיקסטע מיט-
אַרבעטער זיינען געווען אַריבער — ווער אין „הצפירה" און ווער אין
אַחד-העמס „השלח", צי אין פרישמאַנס „הדור"... דער „המליץ"
האָט שוין אין יענער צייט קוים געזשיפּעט, סיי מאָראַליש, סיי מאַ-
טעריעל.

און אָט איינמאָל אין יאָר תּרס"ג, אייניקע טעג נאָך סוכּות,
ווען איך בין געקומען אויף סוכּות אין מינסק — אויף פּסח און
אויף סוכּות פלעג איך דאָס רוב פאָרן אין מינסק און פאַרבלייבן
שוין דאָרט עטלעכע וואָכן, ניט קענענדיק זיך שיידן מיט מיינע נאָענטע —
באַקום איך אַ לענגערן בריוו פון ליבן און גוטן יעקב דינעזאָן, און איבער-
געבנדיק מיר באַריכות, ווי זיין שטייגער שרייבן איז געווען, אַלע פּאָטשטן
און אַלע נייסן און פּאַסירונגען און אַפילו אַלע גוטמוטיקע, אומ-
שולדיקע ליטעראַרישע רכילותן וועגן נאָמבערגן און אַשן און אַפילו
וועגן פּרצן אַליין — קומט צום סוף זיין פריילעכע בשורה, אַז
אינגיכן הייבט אָן צו ערשיינען אַ טעגלעכע צייטונג אין פּעטער-
בורג מיטן נאָמען „דער פריינד" און דער רעדאַקטאָר איז שאול
גינזבורג... אויך איז ער מיר מודיע, שוין מיט אַ שמייכל, — איך
פלעג דערפילן אין זיינע בריוו דעם שמייכל זיינעם ביים שרייבן —
אַז נאָמבערג און אַש האָבן שוין באַקומען צו 25ער אַוואַנסן... און
ער עצהט מיר, אַז איך זאָל וואָס גיכער קומען קיין וואַרשע, כּדי
איך זאָל ניט פאַרשפּעטיקן „די צעטיילונג דער ערדע" — ציטירט ער
מיר פרידריך שילערס באַרימט געדיכט...

אַוודאי איז דאָס געווען פאַר מיר אַ בשורה פון גרויס באַ-
דייטונג און וויכטיקייט. ערשטנס אַ טעגלעכע צייטונג אויף יידיש —
יידיש וועט נאָך חשובער ווערן. אויסער אַ ליטעראַטור וועט שוין
אויך זיין אַ ריכטיקע פּרעסע... מען וועט שוין ניט דאַרפן אויס-
קוקן די אויגן אויף אַ נומער יעדע וואָך, וואָס ווערט רעדאַגירט
אין וואַרשע, דרוקט זיך אין קראָקע, ווערט אָפּגעשיקט צוריק אין

וואַרשעווער טאַמאָזשנע צום צענזאָר און ביז דער נומער גייט אַרוים, קריכן אַרוים די אויגן וואַרטנדיק... איצט וועט זיין אַלע טאָג אַ צייטונג גלייך פון פעטערבורג... אמת, פעטערבורג איז ניט נעענטער פון וואַרשע ווי קראָקע, אָבער עס איז פאָרט די זעלביקע מדינה... צווייטנס, טאַקע די מאַטעריעלע זייט: אַ טעגלעכע צייטונג דאַרף האָבן יעדן טאָג אַן ערציילונג, אַמאָל אַ ליד — עס וועלן זיך אָנ־הייבן גוטע צייטן...

מיין פאָטער איז אויך שטאַרק צופרידן. אַדאַנק מיינע ער־פאָלגן אין יידיש איז ער שוין אינגאַנצן פון אַ העברעער געוואָרן אַ „חסיד" פון יידיש, הגם קיין קעגנער איז ער קיינמאָל ניט געווען. ער באַנעמט גלייך די וויכטיקייט פון אַ יידישער צייטונג פאַרן גאַנצן פאָלק און טאַקע פאַר מיר אַליין אויך...

— איצט, אברהמל — טרייסט ער מיך — וועסטו שוין ניט דאַרפן אָפּקומען... זיי וועלן דיך דאַרפן און דאַרפן...

דערצו ווייס ער, ווער שאול גינזבורג איז. מיין טאַנס טאַטע האָט געהאַנדלט מיט שאול גינזבורגס פאָטער, אַ מינסקער סוחר... משה גינזבורג האָט ער געהייסן און געוואוינט אויף דער „זיבעציגער" גאַס... אויך מיין טאַטע האָט אים געקענט, און ער דערציילט מיר, אַז ער איז געווען אַ גרויסער סוחר... דאָס געשעפט האָט נאָך אויך אין יענער צייט עקסיסטירט אין מינסק און איז געפירט גע־וואָרן שוין פון דער אַלמנה גינזבורג און זין און ברידער... וואָס אָנבאַטרעפט מיך, האָב איך פערזענלעך געקענט שאול גינזבורגן, אַלס זאַמלער פון יידישע פאָלקסלידער. אין ענדע פון יאָר 1898 האָב איך אים, קומענדיק פון קאָוונע, געזען אין מינסק, וואוהין ער איז געקומען פון פעטערבורג, וואו ער האָט שוין שטענדיק געוואוינט, צו באַזוכן זיין מוטער. איך האָב אים דעמאָלסט באַזוכט טאַקע אין זיין מוטערס וואוינונג, און דער איינדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט, איז געווען אַן איינגענעמער... אַ שיינער, שטאַט־לעכער יונגערמאַן, מיט בלויע אויגן, אַ שלאַנקער, אַ מילדער, מיט איידעלע און העפלעכע באַנעמונגען. איך האָב אים איבערגעגעבן דאָן אַ קאָלעקציע פאָלקסלידער, וואָס איך האָב שוין געזאַמלט אין מינסק, ניט רעכענענדיק די פילע קאָלעקציעס פאָלקסלידער, וואָס

איך האָב איבערגעגעבן צו איבערשיקן אים — דעם ד״ר בּראַמסאָן אין קאָוונע און אַנדערע פּערזאָנען, וואָס זיינען געווען פאַראינטערעסירט אין דער זאַמלונג פון יידישע פאָלקסלידער. מיינע זאַמלונגען האָט ש. גינזבורג, שוין מיר פּערזענלעך, זייער שטאַרק געריממט און איז מיר זייער דאַנקבאַר געווען פאַר זיי. און ווירקלעך האָב איך אין ש. גינזבורג און פּ. מאַרעקס ערשטער זאַמלונג פון יידישע פאָלקסלידער, וואָס איז אין יאָר 1901 ערשינען אין אַ דיקן באַנד, אויף איין עמוד אין יידישער — אויף אַ צווייטן עמוד — אין לאַטייניִשער שריפט, צוליב וויסנשאַפטלעך־פאָלקלאָריסטישע צוועקן — ווירקלעך האָב איך אין דער זאַמלונג אַ גרויסן חלק געהאַט...

אויסער אַלס זאַמלער פון פאָלקסלידער האָט שאול גינזבורג שוין דאַן געוואוסט, אַז איך שרייב אויך לידער. איך האָב אים אַפילו אייניקע דאַן געבראַכט צו טראָגן אויף מבינות, ניט האָבנדיק דאַן קיין אַנונג, אַז ער, דער יידיש־רוסישער אינטעליגענט און געלערנטער, וואָס וואוינט אַזש אין פּעטערבורג, וועט ווען־עס־איז זיין אַ רעדאַקטאָר פון אַ יידישער טעגלעכער צייטונג. מיינע אייגענע לידער האָט ער אויך שטאַרק געריממט. מיט אַנטציקונג האָט ער אָבער גערעדט וועגן אַ גרויסער פּאָעמע פון דעם רוסישן פּאָעט י. פּאָלאָנסקי, „די חתונה פון די מוראַשקעס“ (צי עפּעס ענלעכעס צו דעם נאָמען) און האָט מיר דאַן געראָטן, אַז אויך איך, ווערליג איך האָב אַ לייכט פּערז — זאָל זיך נעמען צו שרייבן אַזאַ מין פּאָעמע און עס וועט מיר זיכער געלינגען.

נאַטירלעך האָב איך אַזאַ פּאָעמע קיינמאָל ניט געשריבן, אָבער פון זיין געשפּרעך, הגם אין רוסיש — און נאָך וואָס פאַר אַ רוסיש, אַן אמתער פּעטערבורגער רוסיש, מיט אַלע חנען און קנייטשעלעך — פונקט ווי טורגעניעווס אַ העלד — פון זיין געשפּרעך און בכלל פון זיין אינטערעסירן זיך אין מיין שרייבן, האָב איך געמערקט, אַז ער איז אַ פריינד פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, און אין די פּאָר שעה, וואָס ער האָט מיט מיר דאַן פאַרבראַכט, האָט ער אויף מיר געמאַכט אַ רושם...

געוואָר ווערנדיק, אַז ש. גינזבורג איז דער רעדאַקטאָר פון דער קוים דערלעבטער יידישער טעגלעכער צייטונג, האָט מיין האָ־

פענונג אויף גוטע צייטן אויפגעבליט, כאָטש עס זיינען געווען דע־מאָלסט קאַלטע האַרבסטיקע טעג... נאָך דער בשורה האָב איך שוין געוואָלט גלייך „פליען" קיין וואַרשע, אָבער גיי פלי, אַז אַפילו מיטן באַן צו פאָרן איז שוין ניט געווען קיין מעגלעכקייט. האָב איך זיך אַוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַ בריוו צו ש. גינזבורג — דעם אַדרעס האָט מיר דער גוטער יעקב דינעזאָן אָנגעוויזן אין זיין בריוו — און איך האָב אויסגעדריקט מיין פרייד, וואָס אונזער אַלע־מענס האָפענונג איז דערפילט געוואָרן; איך בין צוגעקומען צום פסוק וועגן אַן אַוואַנס — אויף גאָר אַן אידעלן אופן נאַטירלעך — און כדי עס זאָל ניט זיין איננאַנצן קיין אַוואַנס, האָב איך אַרויס־געשיקט דריי קליינע בילדלעך, וועלכע האָבן זוכה געווען אין עט־לעכע יאָר שפּעטער, מיט נאָך אַ דערציילונג, וואָס איז שוין שפּע־טער געווען געדרוקט טאַקע אין „פריינד" — איבערזעצט צו ווערן אין רוסיש און געדרוקט צו ווערן אַזש אין קאָראָלענקאָס „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ"...

אין אַ וואָך אַרום האָב איך באַקומען אַן ענטפער, איך געדענק ניט, צי אין רוסיש, צי אין יידיש — אַלנפאַלס זייער אַ פריינדלעכער און מיט געלט... הגם, שרייבט ש. גינזבורג אַליין, דעם אַוואַנס, וואָס ער שיקט מיר, טוט ער עס לפנים משורת הדין, אָבער ער שיקט יאָ, ווייל ער ווייס ווי אַזוי צו שעצן מיין מיט־אַרבעטערשאַפט... דערביי האָט ער אויסגעדריקט זיין באַדויערן, וואָס די דריי „בילדלעך" וועלן ערשט קענען אַריינגיין אין צווייטן (צי אין דריטן) נומער, ווייל איך האָב פאַרשפּעטיקט. אין ערשטן נומער, מעלדעט ער מיר, אַנב־אורחא, וועט אַריין פּרצעס אַ זאַך...

בין איך שוין צופרידן, וואָס אין צווייטן, בפרט אַז נאָך פּרצן איז דאָך אַוודאי גוט... אויב אין ערשטן נומער הייסט כהן, הייסט דאָך אין צווייטן נומער לוי און טאָמער אַפילו אין דריטן, הייסט עס שלישי — אויך אַ כבוד....

מיין פאָטער איז גאָר אַנטציקט, ניט אַזוי פון דעם 25ער — אַ נייענקער געווען, אַזש פון פעטערבורג, אפשר ערשט פון „קאַזי־נאַטשייסטוואָ" — ווי פון דעם בריוו אַליין.

ער דערציילט מיר ווידער, ווער שאול גינזבורג איז און אַז זיין פאָטער משה גינזבורג איז אַ ייד אַ גביר געווען און אַ גרויסער סוחר, און זיין טאַטע, מיין זיידע הייסט עס, האָט מיט אים גרויס געהאַנדלט — טאַבאַק ביי אים געקויפט, ווען ער פלעגט פאָרן נאָך סחורה פון קאָידענאָוו קיין מינסק.

געדענק איך שוין ניט, צי דעם ערשטן נומער „פריינד" האָב איך געזען אין מינסק צי שוין קומענדיק צוריק אין וואַרשע... אַזוי צי אַזוי — דער איינדרוק פון ערשטן נומער איז געווען אַ בלאַסער... פון בעלעטריסטיק געדענק איך בלויז אַ קליין מעשהלע, צי אפילו קיין מעשהלע אויך ניט — עפּעס אַ מין מעשהלע — האַלב פּובליציסטיש, האַלב אַלעגאָריש — מיטן נאָמען „די אַף" פון י. ל. פּרץ...

פון די טעלעגראַמעס איז געווען איינע פון סאָפיע, בולגאַריע... האָט עס מיר דעמאָלסט ווייניק וואָס אינטערעסירט. עס האָט בלויז געפעלט אַ „מכתב משטאָקהאָלם", עס זאָל אויסזען ווי אַ נומער „המליץ" אין יידיש...

האָב איך זיך אַ ביסעלע דערשראָקן: סטייטש, אָט אויף דעם האָבן מיר עס געוואַרט?... אויך נאָמבערג איז געבליבן ניט צופרידן פון ערשטן נומער. פּרץ אַוודאי ניט... אָבער מען האָט נאָך הויך די אומצופרידנהייט ניט אַרויסגערעדט... מען דאַרף וואַרטן...

עס איז געווען בלויז אַ טרייסט, וואָס צום ציוניזם איז נאָך קיין שטעלונג ניט געווען... הגם די שטעלונג פון דער רעדאַקציע צו יידיש איז ניט געווען שטאַרק פויגלדיק, — ניט קעגן און ניט פאַר — נאָר סתם פאַרעווע...

אָבער דאָך אַ טעגלעכע צייטונג אין יידיש...

אַ טעגלעכע — דאָס הייסט אין אַ יאָר איבער דריי הונדערט נומערן... איז איין נומער ניט געראָטן, קען דער צווייטער — אויף מאָרגן — זיין שוין יאָ געראָטן...

בפרט אַז אין דריטן נומער זיינען שוין געווען געדרוקט מיינע דריי בילדלעך, האָט יענער נומער שוין אַוודאי אין מיינע אויגן אויסגעזען געלונגענער.

מיט דעם ערשײנען פון „פריינד" האָט די וואָכנשריפט „דער יוד" אויפגעהערט צו ערשיינען... דער רעדאַקטאָר ד״ר יוסף לוריע, וועלכער איז אונז אַלעמען שוין נאָענט געוואָרן, איז אָפּגעפאָרן קיין פעטערבורג אַלס הויפּטמיטאַרבעטער און פירער פון „פריינד". איז דאָס געווען אַ גרויסער שאָד! „דער יוד" מיט אַלע זיינע פעלערן איז דאָך מיט דער צייט געוואָרן אונז טייער. פאַרט האָבן זיך אויף זיינע שפאַלטן געדרוקט די בעסטע ווערק פון פרץ, מענדעלע און די ערשטע פאָר יאָר פון שלום־עליכם (שפּעטער איז ער איבער־געגאַנגען אין „תושיהס" „פאָלקסצייטונג"). וועד רעדט — מיר, די יונגע, ווי איך, נאָמבערג, איך, האָבן געהאַט פיל צו פאַרדאַנקען „דעם יוד", און זיין צווייטן רעדאַקטאָר יוסף לוריע, וואָס ער האָט אונז געגעבן די מעלעכקעט צו אַנטפּלעקן זיך פאַר די יידישע לעזער און טיילווייז ווערן באַקאַנט און אַפילו באַרימט!

דערצו האָבן מיר מורא געהאַט, אַז אויך די וואָכנשריפט „די יודישע פאָלקסצייטונג" וועט ניט קענען אויסהאַלטן די קאָנקורענץ פון אַ טעגלעכער צייטונג און וועט זיך מוזן צומאַכן... צום גליק האָט ביים פאַרלאַג „תושיה" „די יודישע פאָלקסצייטונג" נאָך עק־סיסטירט אַ פאָר יאָר, איינצייטיק מיטן „פריינד", און די מורא, אַז „דער פריינד" זאָל ניט בלייבן קיין „בן־יחידל", איז ערשט מקויים גע־וואָרן שפּעטער...

אַלס טעגלעכע צייטונג האָט „דער פריינד" זיך טאַקע גע־האַלטן, ווי אַ בן־יחידל... ניט שטאַרק גאָכגעגעבן די פאָדערונגען פון די מיטאַרבעטער, וואָס האָבן זיך געפונען אין וואַרשע, אי־בערהויפּט זיך ניט געוואָרפן מיט געלט פאַר די מיטאַרבעטער... און זיין מאַטעריעלער ערפאָלג איז געווען די ערשטע צייט גאַנץ גרויס. איך בין גלייך ברוגז געוואָרן און אויפגעהערט צו שיקן מאַטעריאַל. אויך אַש האָט די ערשטע חדשים פון „דעם פריינדס" ערשיינען זיי־ער זעלטן זיך געדרוקט אין „פריינד". בלויז פרץ האָט די ערשטע צייט אָפט זיך געדרוקט. האָט ער טאַקע ניט געקענט אַזוי פיל שאַפן און האָט איינמאָל זיי געשיקט אַ דערציילונג „שמעיה גבור", וואָס ער האָט איבערגעזעצט פון העברעיִשן אָריגינאַל, וועל־כער איז געווען געדרוקט שוין אַמאָל אין „הצפירה". האָבן טאַקע

די באַלעבאַטים פון „פריינד" שטאַרק פאַריבל געהאַט און פּרצן שטאַרק אויסגערעדט אין אַ בריוו, וואָס ער האָט זיי, יאַקבי, ניט אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז עס איז שוין געווען געדרוקט אין „הצפירה"... אָגב אין יידיש איז „שמעיה גבור" אַרויס פיל שענער און שטאַרקער...

אָפּגעשטרייקט מיטן „פריינד" עטלעכע מאָנאַט — איך געדענק שוין ניט גענוי צוליב וועלכע אורזאַכן — ווי מ'מיר דאַכט, איז עס געווען מער צוליב „האָנאָראַרווע", ווי צוליב מאַטעריעלע טעמים — האָב איך ענדלעך דעם שטרייק געוואונען... איך האָב אין אַ ליכ- טיקן פרימאָרגן, הגם עס איז געווען אין ווינטער, באַקומען אַ בריוו פון שאול גינזבורג אַליין און „סטייטש, פאַרוואָס שרייב איך ניט און פאַרוואָס שיק איך ניט אַריין מיינע ערציילונגען, וועלכע ער ווייס ווי אַזוי צו שעצן..."

האָב איך שוין אַוועקגעשיקט מיין דערציילונג „די קאַלטע האַנט".

און בין אויף אַ קורצער צייט מיטן „פריינד" געוואָרן ווידער גוט-פריינד...

# צוויי און דרייסיקסטער קאַפּיטל

מיין וואוינונג אויף שווענטאָ־יערסקאַ. — קראַשינסקיס גאָרטן. — אליעזר מאָנפּריד מיין שותף צום צימער. — משה טייטש אַלס גאַסט. — זיין ערשטער נאַכטלעגער ביי מיר. — מיין באַקאַנטשאַפט מיט זיינער אַ חברטע. — די רייזע קיין מינסק. — די פּסחדיקע דערציילונג אין „פריינד״. — קעשעניעוו. — דער ערשטער באַריכט פון ד״ר מאַנדעלשטאַם. — דער געשטיגענער מיראַזש פון „פריינד״. — מיין „צער און צאָרן״. — דער האָנאָראַר פאַר מיין פּאָגראָם־ליד פאַר די פּאָגראָם־קרבנות. — צוריק אין וואַרשע. — די מוטיקע האַלטונג פון דער יידישער יוגנט.

געוואָרן גוט־פריינד מיטן „פריינד״, האָט זיך שוין די מאַטעריעלע לאַגע מיינע כלומרשט פאַרבעסערט. איך האָב, האָפנדיק אויף בעסערע צייטן, גענומען אַ גרעסערן צימער אויף סט.־יערסקאַ־גאַס, ניט ווייט פון קראַשינסקיס גאָרטן. דאָס איז געווען דער איינציקער גאָרטן, וואו אַפילו חסידישע יונגעלייט, אָדער אַפילו אַלטע יידן אין לאַנגע קאַפּאָטעס האָבן געמעגט אַריינקומען פראַנק און פריי. דער קראַשינסקי־גאָרטן איז געווען אַ פאָלקס־גאָרטן אין פולן זינען פון וואָרט. ביים טויער איז קיין פּאָליציאַנט ניט געשטאַנען. ווי־באַלד אַז מען מעג, איז צו וואָס איז דער פּאָליציאַנט. פלעגט מען טאַקע אין קראַשינסקיס גאָרטן טרעפן זיצן אויף אַ באַנק אונטער ביימער אַ חסידישן יידן אין אַ לאַנגער קאַפּאָטע לעבן אַ רוסישן סאָלדאַט און יעדער האָט זיך געטראַכט זיינע געדאַנקען, קוקנדיק אין דער ווייט, אָדער אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי זוכנדיק עפּעס אויף דער ערד. אויך די יוגנט פון דער דזיקאַ־גאַס און פון פראַנציסקאַנער און פון באָניפראַטנגאַס פלעגן פאַרבייגייענדיק דעם קראַשינסקי־גאָרטן שוין כאַפּן אַ שפּאַציר איבער די ברייטע אַלעען, אָדער זיצן אויף די בענק און שמועסן צווישן זיך, אָדער סתם שווייגנדיק באַטראַכטן גאָטס שיינע וועלט...

איך אַליין האָב דעם דאָזיקן גאָרטן ליב באַקומען פון די ערשטע טעג אָן, וואָס איך בין געקומען אין וואַרשע. ניט איין ליד האָב איך אונטער זיינע ביימער אָנגעשריבן אָדער פאַרצייכנט, זיצנדיק אויף אַ באַנק און וועדנדיק פון עפּעס מיטגעריסן אָדער דורכגענומען. פילע פון יענע לידער, וואָס איך האָב דעם ערשטן זומער אָנגעשריבן אין דעם קראַשינסקי־גאָרטן, זיינען ביי מיר ניט אויפגעהיט געוואָרן, פאַרלאָרן געגאַנגען, ניט גלויבנדיק דאָן אין זייער ווערט. אַמאָל אָבער דאַכט זיך מיר, אַז צווישן יענע „פאַרלאָרענע" לידער האָבן זיך געפונען אַזוינע, וואָס וואָלטן אויך היינט געהאַט אַ געוויסן ווערט. אָבער צוריקקערן זיי קען איך איצט ניט, איך געדענק בלויז פון מאַנכע דעם „אינהאַלט", די מאָטיוון — ס'רוב מעלאַנכאָלישע, עלעגישע און שטימונגספולע. פילעס האָב איך אין יענע טעג אין קראַשינסקיס גאָרטן אָבסערווירט, באַמערקט און דורכגעפילט. אָט זיצט אַן אָרעמע „מיידל", קענטיק פון יענע, וואָס האָבן ביידערנאַכט מיט „זיך" געהאַנדלט... זי איז מיד, פאַרמאַטערט, און אויב איר דאַכט זיך, אַז קיינער הערט ניט, הוסט זי זיך פונאַנדער הייזעריק און גרילצנדיק...

נאָר אָט הייבט זי זיך אויף פון אָרט און גייט, ווי וואַקלענדיק זיך, אַוועק אין אַן אַנדער אַלעע. ס'קומט איר אַנטקעגן אַ פּאָרל, אַ יונגס, אַ פריילעכס; דער „ער" וויצלט זיך קענטיק, ווייל די „זי" לאַכט פריידיק און פון פולן האַרצן...

און די אומגליקלעכע מיידל קוקט אָן דאָס גליקלעכע פּאָרל פול מיט קנאה...

* *
*

דאָס צימער אויף סט.־יערסקאַ האָט שוין, צוליב דער ריי־כער געגנט, געקאָסט צען רובל אַ חודש. פונדעסטוועגן האָב איך געהאַט צו אים אַ שותף, אליעזר מאַנפריד, דאַן נאָך אַ יונג בחורל, וואָס האָט זיך אויף עפּעס געשניטן, צי אויף אַ פּאָעט, צי אויף אַ פידלשפילער — איז נאָך ניט געווען באַוואוסט. באַקאַנט האָב איך זיך מיט אים אין רעדאַקציע פון „יוד", וואו ד"ר יוסף לוריע האָט מיר אים פאָרגעשטעלט אַלס אַ יונגן טאַלאַנט, וואָס זאָגט צו...

האָט ער זיך צו מיר צוגעלאָזט. אַן איידעלער, אַ העפלעכער, אַ יונגטלעכער, איז ער מיר געפעלן געוואָרן פערזענלעך און ער איז מיט דער צייט געוואָרן מיין שותף צום צימער. אַ פּינקטלעכער אין צאָלן פאַראויס דאָס דירה-געלט, האָט ער אויך אויף מיר געווירקט, איך זאָל זיין פּינקטלעכער, ניט ווי מיין שטייגער איז דאַן געווען, הגם די באַלעבאַטים פון דער וואוינונג, אַ יונג פּאָרפאָלק, האָבן ניט שטאַרק געמאָנט און בכלל ניט מקפיד געווען אויפן „ערשטן"... עס איז רעכט געווען דער צענטער אויך, און אַמאָל טאַקע דער מערצנטער... עס איז געווען אַ שמאָלער, אָבער אַ לאַנגער צימער. געשטאַנען איז אין אים אַ בעטל, אַ סאָפקע, אַ טישל און צוויי שטולן... צום גליק האָט זיך מאָנפריד אין די בייטאָגס זעלטן געפונען אין צימער, ער איז שוין דאַן געווען אַ „מענטש", הגם אינגאַנצן אַ זיבעצן-אַכצן יאָר אַלט. ער איז שוין דאַן געווען פיל מיט פלענער, סיי ליטעראַרישע, סיי מוזיקאַלישע און אַפילו ריין-קאָמערציעלע. איך האָב פון אים גאָר אָנגעקוואָלן. אַז מ. בעקמאַן האָט געדאַרפט האָבן אַ פּסח-ליד פאַרן פּסח-נומער „פאָלקסצייטונג" און ניט געהאַט, האָט שוין מאָנפריד דאָס גלייך דערפאַרן און ער האָט אָנגעשריבן אַ ליד „די קשיות", שיר ניט אַ פילאָסאָפישע; עס האָט מיט פּסח גאָרניט געהאַט וואָס צו טאָן, אָבער וויבאַלד אַז קשיות, הגם אַנדערע קשיות, וואָס דאָס לעבן שטעלט אַרויס, האָט דאָס שוין געקענט געניצט ווערן אויך אויף פּסח אַנשטאָט די פיר קשיות פון מה-נשתנה... דערצו האָב איך נאָך אַלס גוטער פריינד זיינער גענומען די קשיות אין מיינע הענט, און ס'איז געוואָרן אַ דרוקפעיק ליד, ווערדיק פאַר יענע יאָרן און ווערדיק פאַר אַ פּסח-נומער...

אין דעם זעלביקן צימער איז ביי מיר אויך אַ קורצע צייט איינגעשטאַנען, אַלס גאַסט, משה טייטש, וועלכער איז אין יענעם ווינטער, צווישן 1902 און 1903, אָנגעקומען אין וואַרשע פון ווילנע, פון וואַנען ער האָט זיך נאָך פריער מיט מיר דורכגעשריבן און צוגעשיקט אַפילו לידער און לידלעך. ער איז אָנגעקומען אין אָוונט, אַ שעמעוודיקער און אַ באַרעדטער, אַ פאָלקס-מענטש און אַ אינטעליגענט; אַ רוסיש-און אַ יידיש-„שפּרעכנדיקער". שווער געווען צו

דערגיין, צי אָנטאַפּן דעם ריכטיקן טייטש... אָבער דער ערשטער איינדרוק, וואָס ער האָט אויף מיר געמאַכט, איז געווען אַוודאי און אַוודאי אַ גוטער. ס'הייסט, איך האָב גלייך געזען, אַז ס'איז אַן אייגענער מענטש, הגם גערעדט רוסיש האָט ער גאַנץ שאַרף, און ס'איז געווען גלייך צו דערקענען, אַז ער האָט אי „געעקסטערנעט", אי אין דער באַוועגונג געווען און דווקא אין סמאָרגאָן, אַ שטאָט, וואָס האָט אין יענער צייט געשווייבלט אין געגריבלט מיט אַרבעטער־פּראַגן, שטרייקן, „סכאָדקעס" און אַפילו דעמאָנסטראַציעס. פאַר אַזאַ האָב איך שוין געקראָגן דרך־ארץ. כ'האָב גלייך געזען, אַז ער איז אַ למדן אויך אין די ענינים פון דער באַוועגונג, און ווי מיר קלינגט איצט אין מוח, איז ער אויך אין טורמע שוין געזעסן אַלס פּאָליטישער. דאָס איז שוין געווען שיר ניט אַ זכיה.

צערעדט זיך גאַנץ פריינדלעך, ווייזט זיך אַרויס, אַז ער איז געקומען גלייך פון דער באַן צו מיר. גיב איך אים אַ פרעג וועגן אַ צימער, ענטפערט ער, לאַכנדיק, אַז דערווייל וועט ער שלאָפן ביי מיר. ער פאַרלאַנגט ניט, חלילה, מיין בעט און ניט מאַנפרידס סאָפקע, נאָר בלויז דאָס שטיקל פּאָדלאָגע...

איך האָב זיך אַזש דערשראָקן: אַ גאַסט לייגן שלאָפן אויף דער ערד, ווי שיקט זיך עס, און ווי האָט מען דאָס אַ האַרץ דערצו.

אָבער משה טייטש לאַכט: ער ווערט שוין גאָר פריילעך, ער גייט אַריין אין זיין אמתער ראָלע, הייסט עס. ער באַווייזט מיר מיט „אותות און מופתים" און אויך וויסנשאַפטלעך, אַז אויף דער ערד שלאָפן איז ניט אַזוי שלעכט, ווי מען מיינט. און ווי לאַנג זאָגט ער, צי האָט ער עס געזאָלט זאָגן, איז בכלל, אַז מענטשן שלאָפן אויף בעטן.

וועגן מיין בעט איבערגעבן אים קען גאָר קיין רייד ניט זיין. ער איז — זאָגט ער — בכלל אַ דם־שונא פון אַ בעט... גע־שמאַק שלאָפט ער ערשט אויף דער פּאָדלאָגע...

קיים מיט צרות איינגערעדט אים און געפּועלט, אַז ער זאָל נעמען מיין קישעלע. וויבאַלד אַז אויף קישעלעך שלאָפן איז ניט אַזוי געזונט, איז זאָל ער מיר טאָן די טובה און זאָל ער מיר לאָזן שלאָפן אין בעט כאָטש אָן אַ קישעלע.

געקראָגן מיט וואָס אויך אונטערצובעטן און מיט וואָס זיך אי־בערצודעקן — און ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן אימפּראָוויזירטן געלעגער, ערשט אַ חסרון:

— עס איז צו רייך, — זאָגט ער, און שמייכלט צו שוין גאַר גאָר אַ נאָענטער...

געפעלט מיר שוין דער הומאָר זיינער און איך פיל שוין זיך מיט אים גאָר היימיש. און מיר, — ער ליגנדיק אויף דער פּאָד־לאָגע, איך אין בעט, — לאָזן זיך אַריין אין ליטעראַרישע און היימישע שמועסן. אליעזר מאַנפּריד שלאָפט אויף דער סאָפקע און שמייכלט פון שלאָף, ווי ער וואָלט זיך מכין געווען צו שפּילן אויפן פידל, אָדער ווי עס וואָלט זיך אים געחלומט, אַז מ. ספּעק־טאָר נעמט ביי אים אָן אַ ליד פאַר דער „פאָלקסצייטונג".

אויפגעשטאַנען אינדערפרי, איז משה טייטש גאָר יום־טובדיק. געוואָרן שוין אַפילו מיט מיר אינטים און באַוויזן מיר אַ קליין פּאָרטרעטל פון אַ בילד־שיינער ברונעטקע.

— ווער איז זי?...

— דאָס איז מיין כלה... וויערא...

— אַזוי, איר האָט שוין אַ כלה... — רים איך אים און איך פיל זיך גליקלעך... אַבי איך האָב געמיינט, אַז ער האָט קיינעם ניט אויף דער וועלט.

ערשט וואו קיינעם ניט! — דאָ אין וואַרשע דאַרף ער היינט אויסזוכן אַ סמאָרגאָנער מיידל, אַ קורסיסטקע, אַ שיינהייט...

און פאַרנאַכט איז ער טאַקע געקומען צו מיר מיט דער דאָ־זיקער קורסיסטקע, ווירקלעך אַ וואונדערלעכע שיינהייט געווען (און אַוודאי נאָך איצט אויך...).

אמת, זי איז בלויז אַ באַקאַנטע, אַ חברטע פון סמאָרגאָן. זיי האָבן זיך געהאַלטן בלויז חבריש, אָבער איך, שיר ניט פאַר־ליבט אין דער דאָזיקער שיינהייט, וואָס אַפילו בעל־מחשבותן, מיט וועלכן איך האָב זי שפּעטער באַקענט, איז זי שטאַרק געפעלן גע־וואָרן אַלס שיינהייט — איך שיר ניט פאַרליבט, האָב דאָן אַ ביסל געליטן פון דעם, וואָס מען רופט מיט דעם נאַרישן נאָמען „איי־פערזוכט"...

שפּעטער ערשט, אַז ווירא איז געקומען, איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן. און הגם ווירא איז אויך געווען אַ בליענ־דיקע שיינהייט (און לאָמיר האָפן, אַז נאָך איצט, ווען איך שרייב עס — אויך) — אָבער וויבאַלד אַ כלה פון אַ קאָלעגע, האָב איך צו איר געהאַט בלויז אַ געפיל פון עכטער פריינדשאַפט און דאָס זעלבע געפיל האָב איך אויך שפּעטער באַקומען צו דער שיינער קורסיסטקע פון סמאָרגאָן. ווער רעדט, אַז נאָכדעם, ווי מיין שוועסטער איז געקומען קיין ווארשע און זיך נאָענט באַפריינדעט אי מיט ווירען אי מיט דער קורסיסטקע, זיינען מיר אַלע געוואָרן כמעט ווי איין משפחה.

און ווען איך האָב דעם קינפטיקן זומער 1903 געוואוינט אין אָטוואָצק אין אַ שטיבל, וואָס איך האָב געדונגען בשותפות מיט נאָמבערגן, פלעגן זיי אָפט קומען צו אונז צו גאַסט און ס׳איז געווען זייער פריילעך. אָבער צו דעם דאָזיקן שיינעם זומער אין אָטוואָצק וועל איך זיך אומקערן שפּעטער.

דערווייל צוריק צום „פריינד“.

געוואָרן גוט־פריינד מיטן „פריינד“ אַרום אַ פּאָר וואָכן פאַר פּסח, האָב איך אָוועקגעשיקט דריי דערציילונגען און באַקומען אַ האָנאָראַר, וואָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט צו פאָרן אויף פּסח אַהיים און נאָך מיטנעמען אויף מיינע הוצאות ביז סמאָרגאָן די שיינע סמאָרגאָנער קורסיסטקע, וועמעס עלטערן עס האָבן געוואוינט אין דער דערמאָנטער שטאָט. אייפן וועג האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ האַלבן טאָג אין ווילנע, וואו זי האָט געהאַט פריינד, און איך האָב דאָרט פאַרבראַכט אין אַ פריילעכער און אינטערעסאַנטער רעוואָלוציאָנערער געזעלשאַפט.

פון סמאָרגאָן בין איך שוין, אָפּזעגענענדיק זיך מיט דער לי־בער סמאָרגאָנער מיידל, געפאָרן אַליין, און געוואַרט מיט בענק־שאַפט אויף אירן אַ בריוו. דער בריוו איז געקומען חול־המועד פּסח. אויף אַ זייער העפלעכן, אָבער באַהאַלטענעם־ליבלעכן אופן האָט זי מיר אויסגעדריקט איר דאַנקבאַרקייט פאַר מיין פריינדשאַפט מיט־צונעמען זי אויף מיינע הוצאות אַהיים, וואו זי פאַרברענגט ביי אירע עלטערן אַ זייער פריילעכן יום־טוב.

וואָלט אַלץ גוט געווען. ווער רעדט, אַז דער פּסח=נומער „פריינד“ מיט דער לעצטער דערציילונג פון די דריי, וואָס איך האָב געשיקט אין „פריינד“, איז אָנגעקומען אין מינסק און די דערציילונג מיטן נאָמען „מיט צען פונט ווייניקער“ האָט שטאַרק אויסגענומען ביי דעם שעף פון דעם האַנדלס=הויז „גינזבורג און זין“, וואָס איז אויך געווען דער פאָרשטייער פון „פריינד“ פאַר גאַנץ מינסק, האָט ער מיר טאַקע אַוואַנסירט אַ גאַנצן 25ער (צי די סומע האָט מיר אפשר געקומט), און נאָך בסבר פנים יפות, זאָגנדיק, אַז די בעסטע דערציילונג אין נומער (עס איז געווען אַ ליטעראַרישע ביילאַגע) איז מיינע. אמת, דער דאָזיקער „פאָרשטייער“ פון „פריינד“ אין מינסק איז געווען אַ פשוטער ייד און אויף זיינע מבינות פאַרלאָזן זיך איז געווען ניט כדאַי. נאָר אַז איינער זאָגט גוט אויף דיינער אַ זאַך, איז ער שטענדיק אַ מבין...

אָבער די אַלע פריידן זיינען אַ טאָג נאָך פּסח פאַרשטערט געוואָרן. עס איז אָנגעקומען אַ נומער „פריינד“, און צווישן די געווינלעכע טעלעגראַמעס — אַ ספּעציעלע טעלעגראַמע פון קעשעניעוו, מיט דער קורצער, אָבער טיף דערשיטערנדיקער און אויפרעגנדיקער מעלדונג: אַ פּאָגראָם אין קעשעניעוו. 47 געהרגעטע, פיל פאַרוואונדעטע, צערויבט ייִדיש האָב און גוטס. הילף גלייך נייטיק. די טעלעגראַמע, ווי מיר דאַכט, איז געקומען פון קיעוו און איז געווען אונטערגעשריבן פון פּראָפעסאָר מאַנדעלשטאַם. איך געדענקט ניט, איצט שרייבנדיק, פּינקטלעך דעם טעקסט, אָבער אין איר איינגעהאַלטנקייט האָט זיך געפילט שטאַרקער פּראָטעסט, טיפער ווייטאָג און צער, ניט קוקנדיק, וואָס די צענזור האָט אַלע שאַרפע ווערטער אויסגעמעקט.

אוי מאָרגן איז שוין אָנגעקומען „דער פריינד“ פול מיט איינצלהייטן פון קעשעניעוו גופא, מיט גענויע באַשרייבונגען וועגן די שוידערלעכקייטן פון דעם פּאָגראָם. מינסקער ייִדן האָבן דאַן געכאַפּט די עקזעמפּלאַרן „פריינד“ ביי דעם איינציקן, ווי מיר דאַכט, דאַן צייטונגס=פאַרקויפער און געצאָלט פינף קאָפּיקעס און נאָך מער. דער טיראַזש פון „פריינד“ האָט זיך געגעבן אַ הויב אויף טויזנטער...

אויך פריער איז „דער פריינד" שטאַרק געלייענט געוואָרן, נאָר נאָכן קעשעניעווער פּאָגראָם איז זיין צירקולאַציע געשטיגן לעגענדאַריש.

וואָס אָנבאַטרעפט מיך פּערזענלעך, האָב איך דאַן יעדן נומער „פריינד" מיט די באַשרייבונגען פון די גרוילטאַטן געלייענט צו עט־לעכע מאָל, וויינענדיקערהייט, ווי אַ פרומער ייד לייענט ווען די עשרה הרוגי מלכות אין קינות... עס האָט מיך ניט געלאָזט נאָכ־דעם איינזיצן אין הויז. איך האָב אַרומגעבלאָנקעט איבער די גאַסן, איבער דעם גובערנאַטאָרס סאַד, איבער דעם בולוואַר און ניט גע־קענט זיך באַרויקן. מיינע פויסטן האָבן זיך געבײלט. אין יעדן גוי, וואָס איך האָב דאַן באַגעגנט, האָב איך געזען אַ שונא, אָנ־געקוקט אים אי מיט שרעק, אי מיט דראָונג. איך בין אומגעגאַנגען איבער די גאַסן און פאַר אויפרעגונג געקלאַפּט מיטן גראָבן שטעקן, וואָס איך האָב דאַן געטראָגן, אויף די שטיינער, אויף די הילצערנע טראָטואַרן, ווי איך וואָלט זיך פאַרמאָסטן קעגן שונא.

ענדלעך האָב איך זיך געכאַפּט, אַז ניט דאָס רוסישע פאָלק איז שולדיק, נאָר די רעגירונג, די פאַרפוילטע סיסטעם.

און איך האָב אָנגעשריבן אַ קליין לידל, וואו איך האָב דעם דאָזיקן געדאַנק פאַרשטעלטערהייט אַרויסגעזאָגט. דאָס ליד האָט זיך אַרויסגעריסן פון די טיפעניש פון דער נשמה:

אַ קלאַפּ האָט געגעבן דער ווינט אין מיין שטיבל
און האָט עס אינגאַנצן צעטראָגן,
און באַלד האָט דערהערט זיך אַ קנאַל פון אַ דונער —
און האָט פיל נפשות דערשלאָגן...

צי קען איך דען צאָרנען אויף ווינטן און דונער —
צי ווייסן זיי דען וואָס זיי טו'ן...
עס ברענט נאָר מיין צאָרן, ווי האָט עס געטראָפן
ווען ליכטיק געשיינט האָט די זון?

דעם ווינט און דעם דונער, אָ, זיי בין איך מוחל,
זיי זיינען, ווי קרעפּטן, דאָך בלינד;
ווי האָט דאַן געלויכטן די זון אָבער, פרעג איך,
און רויק געזען אַזאַ זינד?...

איך האָב דאָס ליד גלייך אַוועקגעשיקט אין „פריינד" און צוגעשריבן, אַז דעם באַטרעפנדיקן האָנאָראַר פאַר דעם לידל זאָל מען איבערגעבן דעם קאָמיטעט פאַר די פּאָגראָם־קרבנות...

געגלויבט האָב איך, אַז עס וועט אָנקומען די פּאָגראָם־קרבנות אַ צען רובל, אָבער די רעדאַקציע האָט קענטיק עס ווייניקער אָפּגעשאַצט און צווישן דעם צעטל פון די נדבות איז אין אַ וואָך אַרום דערמאָנט געוואָרן מיין נדבה — דריי רובל...

האָב איך זיך דערפילט באַליידיקט פאַר מיר און פאַר זיי...

דער אַרויסגעבער ראַפּאָפּאָרט, ווען ער איז אין יענעם זומער געקומען קיין וואַרשע, האָט מיר איבערגעגעבן, אַז דאָס ליד האָט צווישן די פּעטערבורגער לעזער געמאַכט אַ רושם און ס'האָט אַפילו געהאָלפן צו אויפוועקן מאַנכע רייכע יידן אין פּעטערבורג, צי ערגעץ אַנדערש־וואו, אָפּצורופן זיך מיט הילף פאַר די געליטענע פון פּאָגראָם...

אין עטלעכע וואָכן אַרום קומענדיק אין וואַרשע האָבן זיך די וואָלקנס עטוואָס פונאַנדערגעגאַנגען. אויך אין וואַרשע, ווי אין מינסק, האָט מען זיך געריכט אויף אַ פּאָגראָם — דאָס איז דאַן געווען דעם מיניסטערס פּלעווועס פּאָליטיק — אָבער דער מוט ביי די מאַסן איז ניט נאָר ניט געפאַלן, נאָר דווקא אויפגעהויבן זיך. די אומלעגאַלע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט האָט זיך נאָך פאַרשטאַרקט. דערצו האָבן זיך געגרינדעט באַהאַלטענערהייט זעלבסטשוצן פון דער יידישער קעמפנדיקער יוגנט פון אַלערליי ריכטונגען, אַזוי, אַז אַ פּאָגראָם אין וואַרשע וואָלט שוין ניט פאָרגעקומען אָן אַן אָפענעם קאַמף קעגן דער דעמאָלסטיקער רעגירונג.

---

# דרייאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

וואַרשע זומער 1903. — נייע מענטשן. — אָדעס, קיעוו, ווילנע. — ל. שאַפּיראָ. — זיין ערשטע דערציילונג. — זיין געביטענע מיינונג איבער מיר. — ז. שניאור. — זיין פּאַמפלעט אין „הצפירה“. — זיין אימיטירן. — מיין שוועסטער שרה רייזען וועגן שניאורן. — יעקב שטיינבערג. — ש. צ. זעצער. — פייערבערג. — יעקב שטיינבערג און זיין דעמאָלסטיקע וועלט־אַנשויונג. — ראובן בראַינאַווסקי. — אַ גרוס פון י. י. לינעצקי. — מענדעלע מוכר־ספרימס באַציִונג צום ציוניזם. — „אונזערע ציוניסטען“ און „דער ציוניסטישער גלאָק“. — פּרץ און דער ציוניזם. — מיין ערשטע באַגעגעניש מיט חיים־נחמן ביאַליק.

וואַרשע איז אין 1903 שוין געוואָרן דער מיטלפּונקט פון דער נייער יידישער און טיילווייז אויך פון דער העברעיִשער ליטעראַטור. שוין „דער יוד“ און נאָכדעם „די פאָלקסצייטונג“, דער פאַרלאַג „פּראָגרעס“ האָט געלאָקט יונגע און אַפילו עלטערע שרייבער און דיכטער צו קומען קיין וואַרשע... קיעוו, וואָס איז געווען אַ שטיקל צענטער פון דער יידישער ליטעראַטור אין די ניינציקער יאָרן; אָדעס, וואו עס האָט געוואוינט און געשאַפן מענדעלע אַליין, י. י. לינעצקי, אַחד־העם, י. ח. ראַווניצקי, און דער דאַן דייער יונגער ביאַליק; אַפילו ווילנע, די ירושלים דליטא, וואו עס האָבן געלעבט און געשאַפן די קאָריפעיען פון דער יידישער ליטעראַטור, ווי אַייזיק־מאיר דיק און אַנדערע, און פון דער העברעיִשער ווי אָדם־הכהן, — זיינען דאַן פאַרטונקלט געוואָרן קעגן דעם נייעם ליכט, וואָס איז אויפגעגאַנגען אין וואַרשע. איז ניט קיין וואונדער, וואָס יעדן יונגן טאַלאַנט פון די אַלע אויסגערעכנטע צענטערס האָט עס געצויגן קיין וואַרשע, וואָס זי איז געוואָרן דאָס האַרץ פון דער יידישער ליטעראַטור.

אַזוי האָב איך שוין אין 1903 אין וואַרשע געהאַט פיל נייע קאָלעגן און אַפילו חברים. צווישן זיי איז שוין געווען ל. שאַפּיראָ, וועלכער איז שוין אַגב געווען אַ קורצע צייט אין וואַרשע, איידער איך בין נאָך געקומען, און האָט זיך שוין באַקענט געהאַט מיט ליפע נאָוואָגרודסקין און מיט אַנדערע סאָציאַליסטן און אינטעליגנטן ... אויך, ווי עס ווייזט אויס, האָט שוין פריער פון אים געוואוסט און האָט אַפילו געהאַט בדעה צו דרוקן ל. שאַפּיראָס אַ לענגערע דערציילונג אין די „קולטור־בלעטער", וואָס ער האָט געפּלאַנט אַרויסצוגעבן. אָבער צו דרוקן ל. שאַפּיראָן דער ערשטער האָב איך געהאַט די זכיה. אַזוי איז זיין פאַרבנרייכע דערציילונג „איציקל ממזר" געווען געדרוקט אין מיינעם אַ זאַמלבוך. ליפע נאָוואָגרודסקי, ביי וועמען די דערציילונג האָט זיך געפונען, האָט זי מיר איבערגעגעבן, און אין יענער צייט האָט מיר די דאָזיקע דערציילונג שיר ניט אַנטציקט מיט איר געזונטן רעאַליזם, הגם ל. שאַפּיראָ איז שפּעטער פון דעם דאָזיקן מין שרייבן, האַלב צו זיין גליק און האַלב צו זיין שאָדן — אינגאַנצן אָוועקגעגאַנגען. ווען ער איז געקומען אין 1903 דאָס צווייטע מאָל אין וואַרשע — און אפשר נאָך פריער ווי אין 1903 — איז ער שוין געווען דער ל. שאַפּיראָ, ווי מיר קענען אים איצט, אַן ערנסט שמייכלענדיקער, אַ פאַרטיפטער אין זיך און אין אַנדערע, אַ גוטמוטיקער און אַ שמרעננער... געשריבן האָט ער דעמאָלסט ווייניק, ער האָט געשטעלט אין ליטעראַרישן זין גרויסע פאָדערונגען, אי זיך, אי אַנדערע. וועגן מיינע „זאַכן" האָט ער אַ לענגערע צייט, ווי איך בין געוואויר געוואָרן פון אים אַליין, קיין גרויסע מיינונג ניט געהאַט, הגם ער האָט עס דייטלעך מיר נימ נאָר ניט אַרויסגעזאָגט, נאָר אַפילו מיט קיין רמז ניט אַרויסגעוויזן. אַדרבא, ער האָט זיך צו מיין פריינדשאַפט צו אים באַצויגן מיט דער זעלבער פריינדשאַפט, נאָר מיט אַ געוויסער דיסטאַנץ; ערשט ווען איך האָב אים מכבד געווען, טאַקע אין קאָמיקס קאַפע־הויז, דער „קיבעצאַרניע" פון אַ טייל יידישע יונגע שרייבער ביז 1903 — מיט מיין ביכעלע דערציילונגען און בילדער, האָט ער אין אַ פּאָר טעג אַרום, דורכלייענענדיק זיי, און קומענדיק אין

קאַפּע, מיר איבערגעגעבן אַ באַגייסטערטע מיינונג, ווערל'ג פאַר זיין רויקן טעמפּעראַמענט...

— וואָס זאָל איך אייך זאָגן, רייזען, איר האָט מיך איבער־ראַשט... איך פיל זיך פּשוט שולדיק קעגן אייך... זייער שיינע זאַכן... אייניקע האָבן מיך גאָר פאַרכאַפּט... איך האָב דערזען מענטשן ביי אייך, בילדער, געפילן... איר האָט מיך באמת איבער־ראַשט...

איך געדענק ניט, צי פּונקט אַזוי האָט ער זיך אויסגעדריקט. עס איז אַ געשיכטע פון באַלד 25 יאָר, אָבער דאָס איז דער תּמצית פון זיין מיינונג איבער מיין ערשטן ביכעלע דערציילונגען.

און הגם ער איז זיכער געווען יינגער פאַר מיר מיט אַ פּאָר און אפשר עטלעכע יאָר, אַ פּנים האָט ער געהאַט אַ יונגס, אָבער אַ בליק אונטער די פּענסנע צי די ברילן — אַן ערנסטן, נאָר זייער אַ מילדן, וואָס האָט ממש געגלעט דאָס האַרץ, וואוהין עס האָט אַריינגעדרונגען — הגם יינגער פאַר מיר, איז מיר זיין מיינונג געווען זייער טייער און איך בין נאָך צו אים צוגעלאָזענער געוואָרן, גע־האַלטן פאַר אַ גליק, ווען קומענדיק אין קאָטיקס קאַפּע, האָב איך אים געטראָפן מיט זיין נאָענטסטן פריינד נאָוואָגרודסקי, צי אַליין, צי אַמאָל אין אַ וויכּוח אין אַ קרייזל ביי אַ טיש וועגן ציוניזם און העברעיש, וואָס פון ביידע איז ער געווען אַ גוואַלדיקער קעגנער, און מיט דעם כּוח פון זיין לאָגיק, און דווקא רויקערהייט, באַזיגט אַלע זיינע „פיינד“...

דער צווייטער פון די נייע אָנגעקומענע, שוין פון אָדעס, כאָטש אַליין איז ער געווען וואָס מען רופט אַ ליטוואַק — פון שקלאָוו, איז געווען ז. שניאור, נאָך דאַן קוים פופצן יאָר אַלט, אָבער שוין רייף אין אַלע הינזיכטן, אַפילו שוין רייפע העברעיִשע שירים גע־שריבן און אויך געדרוקט, איבערהויפּט אין „עולם קטן“ — אַ העברעיִשן קינדער־זשורנאַל... געקומען איז ער פון אָדעס מיט אַ הסכּמה פון חיים־נחמן ביאַליקן אַליין, אין וועמעס סביבה ער האָט זיך, ווי ער האָט מיר דערציילט, געפונען די פּאָר יאָר, וואָס ער איז געווען אין אָדעס. פאַר דער דאָזיקער הסכּמה, אַגב־אורחא, האָט ער דערפאַר אָפּגעדרוקט דאָ ניט לאַנג אַ פעליעטאָן, וואו ער האָט

אָנגערופן ביאַליקן דער „שר המספּים“, הגם אויך די בעסטע אָפּ־האַנדלונג וועגן ביאַליקן, נאָך מיין מיינונג, האָט אויך דער זעלבער שניאור געשריבן צו ביאַליקס 25יעריקן יובילײ אין בערקאָוויטשעס מאָנאַטשריפט „מקלט“...

אויך „מיר, פּערזענלעך“, האָט ער נאָך אין וואַרשע, אַלס יינגל, אין אַ פעליעטאָן, וואָס ער האָט פאַרעפנטלעכט אין „הצפירה“, גאַנץ היבש אָפּגעטאָן... אמת מיט טאַלאַנט, אָבער אַז מען האָט געוואָלט, האָט מען זיך געקענט באַליידיקן...

— ס'טייטש, שניאור, האָב איך אים געפרעגט אין שפּאַס, נאָכדעם ווי איך האָב דורכגעלייענט זיין פּאַמפלעט אויף דער חברה פון קאָטיקס קאַפע און אויף מיר אויך בתוכם... סטייטש, וואָס האָט איר געהאַט צו מיר? איך בין דאָך מיט אײַך אַדרבא־ואַדרבא, און דערצו האָט איר דאָך אויסגעטראַכט זאַכענישן, וואָס זיינען ניט געשטויגן און ניט געפלויגן...

האָט ער זיך אָנפאַנגס אַ ביסל פאַרשעמט, באַלד אָבער האָט ער צוריק באַקומען זיין געוויינלעכע דרייסטקייט און אָנגעשטעלט אויף מיר זיינע שוואַרצע, קלוגע, פייערדיקע אויגן און זיך פונדעסטוועגן פאַרענטפערט:

— ערשטנס, האָב איך ניט אײַך געמיינט... און צווייטנס, וואָס שאַדט עס אײַך. איך רוף דאָך אײַך אָן דער „גדול, דער ארי שבחבורה? איז אײַך שלעכט?...

נאַטירלעך, האָב איך אויף אים לאַנג קיין האַרץ ניט גע־טראָגן, און האָב אים פאַרגעבן, בפרט אַז דער פעליעטאָן איז טאַקע געווען געשריבן מיט פיל טאַלאַנט, מיט אַ פיינעם הומאָר און מיט זייער טרעפנדיקע באַמערקונגען וועגן אונזער דעמאָלסט'קער ליטע־ראַרישער סביבה בכלל...

מיין שוועסטער שרה־בתיה אָבער, וואָס איז שוין דעמאָלסט געקומען אין וואַרשע און געוואוינט צוזאַמען מיט מיר אין אָטוואָצק, וואוהין אויך ז. שניאור פלעגט קומען צו גאַסט אויף אַ שבת — איך פלעג, באַזונדער יעדע וואָך וואַרשע, מיטנעמען אויף מיינע הוצאות דעם יונגן חברה־מאַן — מיין שוועסטער האָט מיך גע־מוסרט, וואָס איך פאַרגיב אים... איך האָב אָבער ליב געהאַט זיינע

שפּאַכן און אימיטירונגען, אויף וואָס ער איז שוין דאַן געווען אַ „מאַדים“... אַז ער פּלעגט אָפּשפּילן, ווי אַזוי דער שמש פֿון דער שקלאָווער קלויז שרײַט אויף די קונדייסים און טרײַבט זיי פֿון קלויז, איז געווען פֿאַרשפּאָרט צו גיין אין אַ טעאַטער... דער יונגער ז. שניאור איז דאַן פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין דעם אַלטן שמש, סײַ מיטן אויסזען, סײַ מיט דער שטים... עס איז געווען אַ פֿרייד צו הערן און זען אים דאַן. מײַן שוועסטער אָבער האָט ניט געקאָנט מוחל זײַן אים, וואָס ער, אַ יינגל, זאָל וואַגן מיך צו באַשרײַבן... און הגם איר כּעס אויף אים האָט זי, אויס גאַסטפֿרײַנדלעכקייט, ניט אַרויסגעוויזן, אָבער זי האָט מיך שטענדיק שוועסטערלעך געטאַדלט, וואָס איך בין צו־גוט צו מײַנע באַליידיקער. דערבײַ האָט זי שוין אָנגערופֿן נאָך אַ נאָמען...

ווען יענעם בין איך געווען מיט איר אפשר אַ ביסל אײַנפֿאַרשטאַנען, אָבער צו פֿיל בין איך געווען פֿאַרבונדן מיט אים גייסטיק, אַז איך זאָל קענען טראָגן אויף אים אַ כּעס; איך האָב אים ניט נאָר פֿאַרגעבן זײַן צײַטווײַליקע ניט־„גערעכטיקייט“ קעגן מיר, נאָר אַפֿילו געפֿילט צו אים אַ שטאַרקע חברשאַפֿט, פֿרײַנדשאַפֿט און ליבשאַפֿט...

אָבער ווען ז. שניאורן האָב איך מיט מײַן גוטער און טיף פֿילנדיקער שוועסטער, וואָס האָט פֿאַרשטאַנען מענטשן אינטויִטיוו, ניט מסכּים געווען... איך האָב דעם יונגן, כּמעט יינגלשן שניאור דאַן שטאַרק ליב געהאַט און ניט געפֿילט קיין בייזוויליקייט אַפֿילו אין זײַן פֿאַמפֿלעט.

אויך דער דאַן זייער יונגער יעקב שטיינבערג — הגם אין ייִדיש, ווי ז. שניאור, האָט ער נאָך דאַן נישט געשריבן — איז געווען איינער פֿון מײַנע נאָענטע יונגע חברים, אַ יונגער, אָבער שוין פֿול מיט איראָניע און אַפֿילו סאַרקאַזם, אַן אומצופֿרידענער מיט זיך און מיט אַלעמען אַרום. טיף אין האַרצן האָט ער פֿאַרמאָגט גענוג ליבע און גוטסקייט צו מענטשן, ער האָט זיך אָבער מיט די דאָזיקע געפֿילן ווי געשעמט. איך האָב אים פֿאַרשטאַנען און ליב געהאַט און צײַטנווײַז אַפֿילו אים געטרייסט און אָפּגעלייקנט זײַנע פּעסימיסטישע מיינונגען וועגן מענטשן, הגם איך אַליין, ווי מיר

אַלע אין יענער צייט, זיינען צייטנווייז, אַדאַנק אפשר דער שווערער פּאָליטישער לאַגע אין לאַנד, און אויך צוליב דער מאַטעריעלער אומגינסטיקער לאַגע — געווען אויך ניט צו אָפּט אָפּטימיסטיש געשטימט...

אויך איז שוין אין יענער צייט אַראָפּגעקומען ש. צ. זעצער, מיט וועלכן כ׳בין באַלד באַקאַנט און באַפריינדעט געוואָרן. ש. צ. זעצער, כאָטש נאָך זייער אַ יונגער, ניט קוקנדיק אויף זיין הויכן וואוקס און כאַראַקטעריסטיש ערנסטן אויסדרוק אויפן פּנים, וואָס האָט אים געמאַכט עלטער אויסזען, ווי ער איז געווען דאַן אין אמתן — איז שוין געווען באַקאַנט אין די ליטעראַרישע און אינטעליגענטע קרייזן מיט זיין סעריע אַרטיקלען וועגן ניצשען, וואָס ער האָט, נאָך פון זשיטאָמיר, פאַרעפנטלעכט אין פרישמאַנס „הדור“, און וועלכע האָבן געמאַכט אַ פוראָר. נאָמבערג, וועלכער איז אין יענער צייט (און אפשר אויך שפּעטער) געווען ניצשעאַניש געשטימט, האָט אים שטאַרק מקרב געווען, הגם זעצער איז ניט געווען פון יענעם מין, וואָס לאָזן זיך מקרב זיין. ניט קוקנדיק אויף זיין צוריקגעהאַלטנקייט און שעמעוודיקייט, האָט ער שוין דאַן באַזעסן דעם איידעלן שטאָליץ פון אַ תלמיד־חכם...

דאָס האָט אָבער ניט אים, ניט מיר געשטערט צו ווערן גוטע פריינד, און פאַרלאָזנדיק זיך נאָך דערצו אויף מיין שוועסטער שרה־בתיהם מבינות, אַז ער איז זייער אַן אינטערעסאַנטער און איבערהויפּט אויפריכטיקער — דאָס איז ביי איר געווען דער עיקר — איז סיי זיין פריינדשאַפט סיי זיין באַזוכן אונז אַמאָל מיר געווען זייער נאָענט און אָנגעלייגט.

ווער רעדט נאָך, אַז איך בין געוואָר געוואָרן, אַז ער איז פייערבערגס אַ יוגנט־חבר און אַפילו אַ לערער זיינער — און ער האָט פיל געוואוסט פון דעם יונג־פאַרשטאָרבענעם העברעישן דיכטער, איז זעצערס פרעסטיזש אין מיינע אויגן נאָך מער אויסגעוואַקסן. הערן דערמאָלסט עפּעס וועגן פייערבערגן, וואָס זיין פּריציטיקער טויט האָט דאַן געמאַכט אַזאַ טיפן רושם אין דער העברעישער און אויך אין דער יידישער ליטעראַטור, און וועגן זיינע ווערק, איבערהויפּט וועגן זיין ניט פאַרענדיקטן סיפּור „לאָן“, איבער וועלכן

עס איז אין יענער צייט אַזוי פיל געשריבן געוואָרן — איז געווען פיל מער ווי אינטערעסאַנט. מיט יאָרן שפּעטער האָט טאַקע ש. צ. זעצער אָנגעשריבן אַ וואונדערלעך־רירנדע מאָנאָגראַפיע וועגן פּייער־בערגן, וואָס איז געווען געדרוקט צו דער יידישער איבערזעצונג פון פייערבערגס ווערק. אויך די איבערזעצונג איז געמאַכט געוואָרן מיט גרויס ליבע און פּינקטלעכקייט פון ש. צ. זעצער.

* * *

צווישן די נייע אָנגעקומענע — פון אָדעס — איז אויך געווען ראובן גראַנאָווסקי, פון וועמען איך האָב ביז זיין קומען אין וואַרשע קיינמאָל ניט געהערט. ער האָט מיך אָבער גלייך פאַראינטערעסירט סיי מיט זיין פּערזענלעכקייט, סיי מיט זיין ליטעראַרישער טעטיקייט. געטראָפן האָב איך אים אין בוכהאַנדלונג ביי יעקב לידסקי. נאָך זיין „שפּראַך" האָב איך גלייך דערקענט, אַז ער איז פון די אָדעסער. ווי איך האָב שפּעטער דערפאַרן, איז ער געבוירן אין אַ קליין שטעטל ערגעץ אין אוקראַינע, נאָר זיין יוגנט האָט ער פאַרבראַכט אין אָדעס. דאָס שטעטל, הייסט עס, איז געווען צו ענג פאַר אים נאָך אין די יינגלשע יאָרן. צערעדט זיך מיט אים, בין איך געוואָר געוואָרן, אַז ער איז שוין אַ מחבר פון אַ ביכעלע שירים מיטן נאָמען „דער ריכטיגער שפּיגעל", אָבער ניט דאָס האָט מיך פאַראינטערעסירט. עס זיינען שוין דעמאָלסט געווען גענוג מחברים פון ריכטיקע שפּיגלען... אינטערעסאַנטער איז געווען די פּאַסירונג, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט זיינס אַ צווייט ווערק „אונזערע ציוניסטען", אַ ווערק, וואָס איז געווען געדרוקט אין אָדעס אין טויזנטער עקזעמפּלאַרן און איצט איז דאָ בלויז איין איינציקער עקזעמפּלאַר דערפון אויף דער גאַנצער וועלט. וואו זיינען אַהינגעקומען די אַלע עקזעמפּלאַרן? איז די מעשה אַזוי געווען: דאָס ביכעלע „אונזערע ציוניסטען" — אַ שאַרפע סאַטירע אויף די דעמאָלסטיקע ציוניסטן — האָבן טאַקע די אָדעסער ציוניסטן אויסגעקויפט ביי אַלע בוכהענדלער, גלייך ווי עס איז ערשינען, און מען האָט עס פאַרניכט, פאַרברענט, צי עס אין שוואַרצן ים אַריינגע־

וואָרפן — ווער ווייס... ניט געלאָזן קיין איין עקזעמפּלאַר, אַיי־סער וואָס ביי דעם מחבר... אָבער ראובן גראַנאָווסקי האָט זיך ניט אָפּגעשראָקן פאַר די רדיפות פון די ציוניסטן. אַדרבא, עס האָט אים נאָך צוגעגעבן מער מוט. ער האָט אָנגעשריבן אַ צווייט ביכל „דער ציוניסטישער גלאָק" און איז מיטן איינציקן עקזעמפּלאַר פון „אונזערע ציוניסטען" און מיטן מאַנוסקריפּט „דער ציוניסטישער גלאָק" געקומען קיין וואַרשע, צו דרוקן עס דאָ, ווייל ביי דעם אָדעסער צענזאָר האָבן די ציוניסטן געפּועלט, אַז ער זאָל ניט דורכלאָזן גראַ־נאָווסקיס פּאַמפלעטן קעגן זיי, און דער צענזאָר האָט געפּאָלגט...

איז מיר דער גאַנצער עניין שטאַרק געפעלן געוואָרן און ר. גראַנאָווסקי, אַ טעמפּעראַמענטפולער, אַ קעמפער, אַ גלויביקער אין דער גערעכטיקייט פון זיין קאַמף — נאָך מער. קעמפן קעגן ציוניסטן איז ביי מיר דעמאָלסט געווען פאַררעכנט פאַר אַ מצווה. דער ציוניזם וואָלט מיר אפשר ניט אַזוי דערווידער געווען, ווי גע־וויסע ציוניסטן מיט זייער רעאַקציאָנערער טאַקטיק. מילא, יידן ווילן אַ לאַנד און נאָך דערצו ארץ־ישראל — מהיכא־תיתא, גוט! הגם איך אַליין האָב געגלויבט, אַז וואו די סאָציאַלע פראַגע וועט ניט געלייזט ווערן, קען אויך קיין אייגן לאַנד, אפילו מען זאָל עס באַ־קומען — ניט העלפן... אָבער וואָס איז שולדיק יידיש? אויב אַן אייגן לענד, פאַרוואָס דווקא העברעיש? און פאַרוואָס איז דער ציוניזם אַזוי פיינדלעך צום סאָציאַליזם?... און פאַרוואָס איז דער ציוניזם אַזוי לעגאַל, אַז מען דערלויבט זיי אפילו אַ קאָנגרעס אין מינסק (די באַרימטע מינסקער אַסיפה)?... און פאַרוואָס זיינען זיי אַזוי פּאַן־בראַט מיט די אַלע רעאַקציאָנערע מיניסטאָרן און פּאָליטיקער אין אַלע לענדער?... און פאַרוואָס האָבן זיי אַזוי מורא פאַר אַ ביסעלע קריטיק, און פאַרפאָלגן אַזוי זייערע קעגנער, שיר ניט מיט אומ־עטישע (איידל גערעדט) מיטלען?...

און נאָך און נאָך טענות האָב איך צו זיי געהאַט...

זיינען מיר, איך און לידסקי — און שפּעטער אויך דינעזאָן בסתר, ווייל עפנטלעך זיין אַן אַנטי־ציוניסט האָט דער שטילער דינעזאָן ניט געוואַגט — געקומען גראַנאָווסקין צו הילף, מיט וואָס מיר האָבן נאָר געקענט... נאַטירלעך, האָב איך פריער אויסגעפאָרשט, ווער

ער איז, און צי איז ער ניט אַ קעגנער פון דעם זעלבן מין, וואָס געהערן צום „פרומען" לאַגער, וואָס פאַר זיי איז ציוניזם טרייף געווען פון גאָר אַן אַנדער שטאַנדפונקט. ערשט וואו? פאַרקערט, ער, גראַנאָווסקי אַליין, איז אַ סאָציאַליסט, אַן אַרבעטער־פריינד. ער האָט בריוו פון י. י. לינעצקי, ביי וועמען ער איז אַין אָדעס געווען אַ בן־בית, און האָט צו דערציילן פון דעם אַלטן סאַטיריקער פיל און פיל.

דערצו האָט ער מיר באַוויזן, אַז מענדעלע מוכר־ספרים אַליין איז אים, גראַנאָווסקין, אמת, ניט עפנטלעך, געקומען צו הילף אויף אַרויסגעבן „אונזערע ציוניסטן" אין וואַרשע...

זיכער פון אַלע זייטן מיט אים, האָב איך אים אַפילו געהאָלפן מיט עטלעכע אויסדרוקן אין זיין פאָרוואָרט צו דער צווייטער אויפלאַגע. זיין „פאָרוואָרט" האָט זיך אָנגעהויבן אַזוי:

„שוין פינף יאָר זייט די ציוניסטישע באַוועגונג האָט זיך פאַרשפּרייט צווישן אונזערע יידן; שוין פינף יאָר זייט די אָנפירער זאָגן צו דעם געדריקטן יידן גאָלדענע בערג; זייט די יידישע מאָדערנע גבאים און גבאיטעס ריידן איין דעם אָרעמען יידן צו פאָרן אויף קבר־אָבות קיין ארץ־ישראל; שוין פינף יאָר זייט אונזערע ציוניסטן האָבן אָנגעהויבן פריי און אָפן צו ריידן אויף די הייליקסטע אידעאַלן, פאַר וועלכע ערלעכע ערהאַבענע מענטשן האָבן אימער מיט לייב און זעל געקעמפט"...

ווייטער דערמאָנט ער באַרימטע נעמען, ווי מנשה מרגליות (וועלכער איז אַ „חובב־ציון" געווען), דעם באַוואוסטן פובליציסט גרשון בן־גרשון און אַנדערע באַרימטע פּערזענלעכקייטן אַלס קעגנער פון דער טאַקטיק פון די ציוניסטן...

און נאָך ווייטער:

„געוויינלעך, ווי אַלע אמת־זאָגער, זיינען מיר אויך אויסגעלאַכט געוואָרן אין דער יידישער שאָוויניסטישער פּרעסע, וועלכע האָבן זיך משונה געוועלטיקט אויף אונזער רעכענונג. דען זייער גאַנצער כוח באַשטייט אויף איבערקערן ווערטער, פאַרדרייען דעם אמת"...

און דאָס פאָרוואָרט ענדיקט זיך אַזוי:

...„דערצו דער געדאַנק, אַז יעדעס ביכל איז ווי אַ ליכטל אין אַ שטאָקפינסטערער נאַכט, ווען עס בלאָזן בייזע ווינטן, און רוחות און לצים טרייבן זייער שפּיל, — דאָס אַלעס צוזאַמען וועקט אונז צו דרוקן די צווייטע אויפלאַגע און הערן

דעם משפט פון דעם אומפּאַרטייִישן פּובליקום און נישט פון די יעניקע, וואָס צוליב זייערע פּערזענלעכע אינטערעסן לאַכן זיי אויס יעדעם אמת וואָרט..."

רירנד איז אָבער געווען איינער פון די צוויי בריוו, וואָס ר. גראַנאָווסקי האָט באַקומען פון י. י. לינעצקין און זיי פאַרעפנטלעכט אין זיין צווייטער סאַטירישער פּאָעמע „דער ציוניסטישער גלאָק".

אַ פּאָר שטעלן, פון זיי, וועגן זיין שווייגן, וויל איך דאָ ברענגען:

„איך קען פּאָרט נים הערן מיין פּידעלע אונטער אַזאַ גרילצעריי פון פויקן און טאַצן... חוץ וואָס די שפּילער צום ענגל-טאַנץ וועלן דאָך אויסלאַכן מיין פאַרצווייפלטן קרעכץ און וועלן מיך אויסלאַכן ביים פאַרשיכורטן פּאָלק..." „און זינגען זיי דעם משיח-מאַרש, ווען מען דאַרף גאָר קלינגען „נאַ גוואַלד", קען איך פּאָרט ניט..." „בײַ אַזאַ נאַריש-באַרבאַריש געזינדל, ווי איצט, איז איין מיטל נאָר שווייגן". (לינעצקי האָט דאָ געמיינט זיך אַליין, פאַרוואָס ער טרעט נישט אַרויס געגן די ציוניסטן...). „אַ סימן האָסטו, מיין קינד, איך האָב לאַנג ניט געפּרוּווט אַרויסטרעטן עפנטלעך אין דרוק מיט מיינעם אַ רעצעפּטל..." „נאַ, זאָל איך פּאַר אַזאַ דור סורר ומורה דרוקן מיינע ראַדיקאַלע רעצעפּטן, דאַן ווען זיינע נביאי השקר רעדן אים גאָר איין, אַז ער איז דער איינציקער אתה-בחרתנו און שרייבן אים צו ראָזשינקעלעך מיט מאַנדלען אפילו אָן אַ ברכה..."

לינעצקיס צוויי בריוו האָבן אויף מיר דעמאָלט געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק... עס האָט זיך געפילט גרויס ווייטאָג אין זיי און איך האָב גראַנאָווסקין, זיין יונגן תלמיד — דער סטיל פון גראַנאָווסקיס „אונזערע ציוניסטען" און דער „ציוניסטישער גלאָק" איז געווען זייער נאָענט צו לינעצקיס סטיל, הגם אין גראַמען -- איך האָב דאַן גראַנאָווסקין געשטיצט ווי ווייט מיין מעגלעכקייט איז געווען.

אויך יעקב לידסקי האָט, ניט צוליב געשעפט, נאָר אויס מיטגעפיל צום יונגן קעמפער, זיך געפלייסט די דאָזיקע צוויי אַנטי-ציוניסטישע בראָשורן צו פאַרשפּרייטן וואָס מער און אַדאַנק זיינע גרויסע פאַרבינדונגען מיט די בוכהענדלער אין אַלע גרעסערע שטעט, איז דאָס אים געלונגען, אַזוי אַז דאָסמאָל האָבן שוין די ציוניסטן ניט געקענט פאַרניכטן די שאַרפע קריטיק אויף זיי.

אמת, פון ריין ליטעראַרישן שטאַנדפּונקט האָבן די צוויי ביכלעך ניט געהאַט קיין גרויסן ווערט — היינט שרייבט גראַנאָווסקי

פיל בעסער און שענער, — אָבער אין יענער צייט, ווען אין דער לעגאַלער יידישער פרעסע האָט מען זעלטן געקענט זאָגן אַ וואָרט פון קריטיק וועגן ציוניזם, זיינען זיינע צוויי בראָשורן געווען ווירק־לעך אַ ליכט אין דער פינסטערניש. און ווייל זיי זיינען געווען געשריבן אין גראַמען און ניט אין טרוקענער פובליציסטיק, האָבן זיי געפונען אַ וועג, אויב ניט צו די אַרבעטער־מאַסן, וואָס האָבן שוין דאַן געלייענט די קריטיק אויפן ציוניזם אין אומלעגאַלע שריפטן, איז צום באַלעבאַטישן יידן, צום קליינבירגער, צום קרעמער, וואָס האָבן אַלץ, וואָס זיי האָבן געהערט פון די דעמאַלסטיקע ציוניסטישע מגידים און מטיפים, אין זייער תמימות — געגלויבט.

ווי אַזוי י. ל. פרץ האָט זיך באַצויגן צו ר. גראַנאָווסקין און צו זיינע פאַמפלעטן אין גראַמען קעגן די ציוניסטן — געדענק איך ניט. איך געדענק בלויז, אַז דינעזאָן, צו וועמען גראַנאָווסקי איז אין פאַרלויף פון זיין פאַרבראַנגען אין וואַרשע אַריינגעקומען במעט אַלע טאָג, האָט אים אַ פּאָר מאָל — אין די שבתים — מיטגענומען צו פרצן און ער איז געווען אויפגענומען פון פרצן זייער פריינד־לעך. איך גלויב אָבער קוים, צי האָט פרץ די צוויי ביכלעך גראַ־נאָווסקיס געלעזן. ער איז שוין געווען צופיל מפונק, אַז אים זאָלן געפעלן ווערן שירים אָן אַ מעטער, אָן אַ וואוילקלאַנג, מעגן זיי זיין אַפילו ווי גוט געמיינט... דאָס האָט אַוודאי אויך געוואוסט דינעזאָן און אויב ער האָט גראַנאָווסקין מיטגענומען, האָט ער אים פאָרגעשטעלט, וואַרשיינלעך, בכלל אַלס פּראָגרעסיוון קעמפער קעגן די ציוניסטן, וואָס דאָס האָט אפשר פרצן הנאה געטאָן. ער אַליין האָט שוין אין יענער צייט קעגן ציוניזם שריפטלעך ניט געקעמפט. ער האָט יוצא געווען, וואָס ער האָט פאַר אונז זיך אויסגערעדט דאָס האַרץ, אַמאָל אין אַ זייער אויפגערעגטן געמיט און אין אַ שאַר־פער פאָרם...

* * *

אין יענער צייט — אַרום 1902—1903 — האָב איך זיך דאָס ערשטע מאָל באַגעגנט מיט חיים־נחמן ביאַליק. ער איז שוין גע־ווען אַ באַרימטהייט, און באַליבט אַפילו ביי אונז, יידישע שרייבער.

עס איז שוין געווען נאָכדעם, ווי ער האָט פאַרעפנטלעכט אַ צאָל לידער אין יידיש — אין „יוד“ — און וועלכע האָבן דאַן אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, מיט דער אויסנאַם פון זיין ליד „דאָס וואָרט“ (נביאיש), וואָס האָט מיך, מיט דעם צו שטאַרקן פּאַ־טאָס, ניט שטאַרק גענומען... געטראָפן האָב איך ביאַליקן אין פאַרלאַג „אַחיאָסף“. מ'האָט אים אַראָפּגעבראַכט פון אָדעס פאַר אַ געוויסער העברעיִשער ליטעראַרישער אַרבעט, וואָס דער דערמאָנ־טער העברעיִשער פאַרלאַג האָט דעמאָלסט פאַרגענומען. ער איז גע־זעסן אין צימער פון רעדאַקציע פון „יוד“... עס איז געווען אַ זומער־פרימאָרגן. ער איז געזעסן פאַרטיפט ביי אַ גרויסן שרייב־טיש, וואָס איז געשטאַנען ביים פענסטער, צו דער טוואַרדע־גאַס, איבער אַ מאַנוסקריפט. דערזעענדיק מיך, האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט זיינע צוויי מילדע, כמעט קינדערשע אויגן. איך האָב זיך פאָר־געשטעלט:

— אַזוי, איר זייט עס אברהם רייזען... עס פרייט מיך זייער...

זיינע אויגן האָבן זיך צעשטראַלט, אַ פריינדלעכער שמייכל האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זיין ברייטן, פשוטן, אָבער דאָך פּאָעטישן פּנים.

ער האָט מיר באַלד געמאַכט עטלעכע קאָמפּלימענטן פאַר מיינע דערציילונגען. דער עיקר, וואָס איך בין אַ „געזונטער“ שריי־בער, ניט קיין דעקאַדענט...

— איך האָב ליב פשטות אין דער ליטעראַטור — האָט ער מיר געוואָלט געבן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס עס געפעלן אים אַזוי מיינע זאַכן און וואָס ער מיינט מיט דעם וואָרט אַ „געזונטער“...

איך מוז זיך מודה זיין, עס האָט מיך שטאַרק געפרייט ביאַ־ליקס גוטע מיינונג וועגן מיינע זאַכן, וואָס ער האָט געלייענט. איי־ניקע דערציילונגען און לידער האָט ער אָנגערופן מיט די נעמען, ווי אַ בקי אין מיין שרייבן... האָט עס מיך אַוודאי געפרייט...

פאַרבראַכט אָבער מיט אים האָב איך ניט לאַנג. ער איז אַ פאַרדונגענער — האָט ער מיר מיט אַ שמייכל דערקלערט — און איך האָב געפילט, אַז עס איז אמת... די „אַחיאָסף“־לייט האָבן ביאַ־ליקן ניט געצאָלט אומזיסט, אפילו ניט צו פיל... ער האָט גע־

אַרבעט דאַן אין „אַחיאָסף" גאַנץ שווער, און ניט ווי ביאַליק, דער שוין דעמאָלסט גרויסער דיכטער, נאָר ווי אַן אָנגעשטעלטער אין פאַרלאַג. אַלנפאַלס אַזאַ איינדרוק האָט עס אויף מיר געמאַכט און עס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן...

טרעפנדיק זיך נאָכדעם מיט נאָמבערגן, האָב איך אים פאַר־טרויט מיין שמחה:

— איך האָב היינט געזען ביאַליקן... זיך באַקענט מיט אים.

האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז אויך נאָמבערג האָט זיך מיט אים נאָך מיט אַ פּאָר טעג פריער באַקענט און אויך ער, נאָמ־בערג, איז גאָר אַנטציקט פון זיין פשטות, פון זיין באַשיידנהייט...

— זעט אויס, ווי אַ געוויינלעכער יונגערמאַן — האָט נאָמבערג מיט צופרידנקייט געזאָגט.

האָב איך שוין ניט געוואָלט נאָכגעבן:

— ניין, די אויגן זיינע... מען זעט גלייך, אַז ס'איז ביאַליק...

# פיראונדרייסיקסטער קאַפּיטל

די נייע העברעיִשע צייטונג „הצופה". — די ליטעראַרישע מחלוקה צווישן פּרץ און ספּעקטאָר אויף די שפּאַלטן פון „הצופה" און „יודישער פאָלקסצייטונג". — דער פּראָטעסט פון פּרצעס אָנהענגער. — איך ווער אַריינגעצויגן אין „פּראָטעסט". — דער נייער פאַרלאַג אין פּעטערבורג. — מיין האָנאָראַר פאַר איבערזעצן „ספּאַרטאַק" אין יידיש. — משה טייטש אַלס שותף. — איך שרייב ווידער אין ספּעקטאָרס „יודישער פאָלקסצייטונג". — אַ בריוו פון „פריינד". — די דערציילונג „פּאַרשפּעטיקט". — גניעסינס מיינונג וועגן איר.

דער מאַטעריעלער און אויך מאָראַלישער ערפאָלג. — זיי זיינען געגאַנגען האַנט אין האַנט — פון דער איינציקער טעגלעכער צייטונג „דער פריינד" איז אין פאַרלויף פון דעם ערשטן יאָר פון איר ערשיינען, איבערהויפּט נאָך דעם קעשעניעווער פּאָגראָם — געוואָרן זייער גרויס. די צירקולאַציע פון „פריינד" האָט מען שוין געשאַצט אין די פילע צענדליגער טויזנטער. אויך זיין איינפלוס אויף די מאַסן און דער אינטעליגענץ — הגם זיין ריכטונג איז די ערשטע צייט ניט געווען קיין אויסגעשפּראָכענע — איז געווען זייער באַדייטנד. און דער פּרעסטיזש, וואָס די יידישע שפּראַך האָט באַקומען דורכן „פריינד", כאָטש די צייטונג אַליין האָט פאַר יידיש ניט געקעמפט — איז געווען זייער גרויס. די גרויסע צאָל לעזער פון אַלע שיכטן פון פאָלק, ביז דער העכסטער אינטעליגענץ — דאָס אַליין האָט געפרייט די אָנהענגער פון יידיש און געשראָקן די העברעער. געוויס האָט „דער פריינד" מיט זיין גרויסער צירקולאַציע געשאַדט מאַטעריעל און אינדירעקט אויך מאָראַליש די צוויי העברעיִשע צייטונגען, די „הצפירה" אין וואַרשע און דעם „המליץ" אין פּעטערבורג. האָט מען זיך אין העברעיִשן לאַגער דערקלערט דערמיט, וואָס די דערמאָנטע צוויי העברעיִשע צייטונגען האָבן שוין ניט קיין ניי

וואָרט צו זאָגן דעם העבּרעיִשן לעזער, הגם די „הצפירה" האָט שוין דאַן אויף אירע שפּאַלטן געהאַט פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען פון די העבּרעיִשע „מאָדערנע", ווי מ. י. בערדיטשעווסקי און אַנדערע.

האָט זיך גראָד דעמאָלסט געפונען אין וואַרשע אַ מאָסקווער ייד, פרידמאַן, וואָס האָט זיך באַזעצט אין וואַרשע נאָך דעם באַרימטן גירוש פון מאָסקווע און האָט אַדאַנק „פּראָטעקציע" באַקומען די דערלויבעניש אויף אַרויסצוגעבן אַ נייע העבּרעיִשע צייטונג מיט דעם נאָמען „הצופה".

אַלס רעדאַקטאָר האָט ער אַראָפּגעבראַכט דעם העבּרעיִשן פּובליציסט אברהם לודוויפּאָל, וואָס האָט אין יענער צייט געוואוינט אין פּאַריז, און אַלס מיטאַרבעטער, צווישן פילע אַנדערע, איז אים געלונגען צו באַקומען ה. ד. נאָמבערגן און י. ל. פּרצן אַליין.

דער „הצופה" האָט געזאָלט זיין — און איז טאַקע אין אַ געוויסן זין געווען — אַ מאָדערנע העבּרעיִשע צייטונג, און אַפּילו מיט אַ ליבעראַלן אונטערשלאַק, הגם אויך די „הצפירה" און „המליץ"— אַוועקגעקוקט פון דעם, וואָס זיי האָבן געפּריידיקט ציוניזם און העבּרעיִזם, — זיינען אויך ניט געווען אין יענער צייט צו שטאַרק קאָנסערוואַטיוו, איבערהויפּט אין פּאָליטישע און וועלטלעכע פראַגן.

אַזעלכע מיטאַרבעטער, ווי פּרץ און נאָמבערג, האָבן געגעבן דעם „הצופה" אַ שטרענג פּראָגרעסיוון און צייטנווייז אַפּילו ראַדיקאַלן טאָן. בלויז דער רעדאַקטאָר א. לודוויפּאָל איז אין דער באַציִונג צו דער יידישער שפּראַך געווען זייער קאָנסערוואַטיוו, און אויב די ערשטע צייט האָט ער אַ ביסל דרך־ארץ געהאַט פאַר די מיינונגען וועגן יידיש פון פּרץ און נאָמבערג און מיט זיין נעגאַטיווער שטעלונג צו יידיש ניט אָפן אַרויסגעקומען, האָט ער אָבער שפּעטער־צו שוין אַרויסגעוויזן אין פילע אַרטיקלען אין „הצופה" זיין אמתע שנאה צו דער יידישער שפּראַך און צו דער נייער יידישער ליטעראַטור.

אַוודאי האָט מיך פאַרדראָסן, וואָס דער „הצופה" האָט געלונגען צו „פאַרהעבּרעיִשן" נאָמבערגן און פּרצן. האָב איך זיך אָבער געטרייסט, וואָס אי פּרץ, אי נאָמבערג האָבן זיך מיט זייערע בעלעטריסטישע ווערק אין „הצופה" ניט באַטייליקט. די „פאָלקסטימלעכע געשיכטן", וואָס פּרץ האָט שוין דאַן אָנגעהויבן צו שרייבן ניט צו־

פעליקערהייט, נאָר ווי אַ סעריע, האָט ער געדרוקט אין „פריינד". אין „הצופה" האָט ער בלויז געדרוקט פון צייט צו צייט אַ פעליעטאָן. אויך נאָמבערג האָט דאָרט בלויז געדרוקט קליינע פעליעטאָנען און איינמאָל אין וואָך — יעדן פרייטאָג, זיין שנעל באַרימט געוואָרענע „וועכנטלעכע איבערזיכט" אונטער אַ פסעוודאָנים „כף המבשלים" — דער קאָכלעפל...

פילע פעליעטאָנען פון דער סעריע האָבן דאַן געמאַכט גרויס אויפזען צווישן די העברעיִשע לעזער.

וואָס אָנבאַטרעפט פרצן, האָט ער אין אַ ריי פעליעטאָנען באַרירט די שוואַכע זייטן פון דער העברעיִשער ליטעראַטור און ניט געשאַנעוועט קיינעם, ווי אַמאָל אין זיין באַרימטן פעליעטאָן אין יידיש, וואָס האָט געזאָלט זיין אַ ביילאַגע צו זיין באַקאַנטן ליטעראַרישן זאַמלבוך „ליטעראַטור און לעבן" (דער ווילנער פאַרלעגער יצחק פונק, וואָס האָט דעם זאַמלבוך „ליטעראַטור און לעבן" אַרויסגעגעבן אויף זיינע הוצאות, האָט בשום אופן ניט געוואָלט אַרייננעמען דעם פעליעטאָן, אין וועלכן פרץ האָט מיט דער שאַרפקייט פון זיין פען געמאַכט אַ תל פון דער דעמאָלסט כלומרשט נייער „רעאַליסטישער באַוועגונג" אין דער העברעיִשער ליטעראַטור... דער „פעליעטאָן" איז דעמאָלסט ערשינען אין אַ סעפּאַראַטער אויסגאַבע און האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם...).

האָט פרץ אויך אין זיין העברעיִשער סעריע פעליעטאָנען אין „הצופה", ווי אַמאָל אין זיין יידישן פעליעטאָן (וואָס האָט איבעריקנס געהאַלטן ביי אַ צוויי דרוקבויגנס), באַקעמפט בן-אַביגדורן. אין יידישן פעליעטאָן האָט ער באַקעמפט בן-אַביגדורן און זיינע „סיפורים" אין די אויסגאַבן „ספרי אגורה"; און אין „הצופה" — שוין ניט בן-אַביגדורן, דעם פירער פון פאַרלאַג „תושיה" אַליין, נאָר ער האָט שוין אויך פאַרטשעפעט מיט זיין פען ספּעקטאָרן, וואָס איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „תושיה'ס" „יודישער פאָלקסצייטונג", צי ספּעקטאָר האָט זיך אָנגענומען די קריוודע פון בן-אַביגדור און פרץ האָט אים דערויף צוריק געענטפערט, געדענק איך איצט ניט גענוי. — איך געדענק בלויז, אַז מ. ספּעקטאָר האָט פרצן געענטפערט אין דער „יודישער פאָלקסצייטונג" און אויך אין אַ שאַרפער פאָרם. האָט שוין

פּרץ אויך ניט געשוינט ספּעקטאָרן, אמת גוטמוטיק, מיט הומאָר, אָבער ספּעקטאָר האָט זיך באַליידיקט און האָט ווידער געענטפערט, אויך ניט אָן הומאָר. אָבער פּרץ האָט זיך קענטיק געפילט באַליידיקט (איך זאָג קענטיק, ווייל איך בין אין יענער צייט מיט פּרצן, אויב ניט ברוגז געווען, — דאָס האָט צווישן אונז קיינמאָל ניט פּאַסירט — נאָר עפּעס אַ פּאַריבל האָב איך אויף אים געהאַט און איך האָב זיך אַ לענגערע צייט, ביי אַ פּאָר חדשים, מיט אים ניט געטראָפן). זיינען אָבער צו מיר געקומען פּרצעס „תלמידים“, מיינע פריינד, אַש און נאָמבערג, אויך ליפּמאַן לעווין און, דאַכט זיך, פּרצעס גרויסער חסיד ישראל שאַף אויך מיט זיי, און האָבן געטענהט, אַז מען טאָר פּרצעס כבוד, וואָס איז פאַרשוועכט געוואָרן, ניט פאַרשווייגן און מען מוז פּראָטעסטירן, און אַז אַזאַ פּראָטעסט איז שוין פאַרטיק. אַלאָ וואָס דען, זיי פעלט נאָר מיין אונטערשריפט...

דעם אמת געזאָגט, בין איך צו פּראָטעסטירן ניט געוויינט געווען... קעגן וועמען זאָל איך פּראָטעסטירן, אַז איך ווייס ניט, ווער עס איז דאָ גערעכט און ווער אומגערעכט. און צו פּראָטעסטירן קעגן ספּעקטאָרן איז מיר בכלל שווער געווען, ווען ער זאָל זיין אַפילו ניט אינגאַנצן גערעכט. ער האָט, למשל, אין איינעם פון זיינע פּאַמפלעטן פאַרגעוואָרפן פּרצן, אַז ער איז געקומען אין וואַרשע פון זאַמאָשטש אָן שיך (צי אין גרויסע שטיוול) און ער, ספּעקטאָר, האָט אים מקרב געווען, געמאַכט אים פאַר אַ לייט... האָט אָבער פּרץ פאַרגעוואָרפן ספּעקטאָרן זיין ניט=לומדות, וואָס דאָס, אויב ס'איז אַפילו אמת געווען, איז מיר בכלל ניט אָנגעגאַנגען. פאַר מיר איז ספּעקטאָר געווען איינער פון די עכטסטע יידישע פאָלקס=שרייבער, וואָס האָט מיך נאָך, ווען איך בין געווען אין דער היים, אין קאָידענאָוו, אַנטציקט און דערקוויקט מיט זיינע ראָמאַנען „דער יידישער מוזשיק“, „עניים ואביונים“, „יידישע סטודענטן און יידישע טעכטער“, „ר' טרייטל“, „דריי פאַרשוינען“, דער „שטומער גוטער ייד“ און מיט פילע אַנדערע קלענערע דערציילונגען.

אמת, פּרץ, וועלכן איך האָב שוין נאָך ספּעקטאָרן געלייענט,

איז מיר אַוודאי טייער געווען. ניט נאָר האָב איך זיך באַגייסטערט מיט זיינע ווערק, נאָר ער איז אין געוויסן זין מיין רבי געווען, געוויזן מיר מיט זיינע יום־טוב־בלעטלעך און מיט זיינע אַנדערע ראַדי־קאַלע אויסגאַבן — גייע וועגן; דורך בריוו מיך, נאָך אַלס יינגל, געלערנט, געשטראָפט און געטרייסט. אָבער ווידער — ספּעקטאָר, אָט דער גוטמוטיקער, שמייכלענדיקער, וואָס האָט צו מיר די ערשטע צייט אין וואַרשע זיך באַצויגן מיט אַזוי פיל ליבשאַפט און פריינד־שאַפט און מיט וועלכן איך טרעף זיך אַזוי אָפט — אין מיטן דע־רינען — גיי פּראָטעסטיר קעגן אים!...

בפרט אַז אין זייער קריג איז געווען מער שפּיל ווי האַס... עפּעס קינסטלערישס האָב איך אין דער גאַנצער מחלוקת געזען און ניט מער...

אָבער דאָ שטייט קעגן מיר, אין מיין צימער אויף שווענטאָ־יערסקע־גאַס — נאָמבערג, אַש און די אַנדערע קאָלעגן און זיי בעטן זיך כמעט. נאָמבערג איז חבריש שטרענג: איך מוז!

אַ ברירה, האָב איך געהאַט! איך האָב טאַקע געמוזט אונ־טערשרייבן דעם פּראָטעסט, און עס איז אין אַ טאָג אַרום געווען פאַרעפנטלעכט אין „הצפירה“...

אונטערגעשריבן זיך, האָט עס געהייסן, אַז מיר אַלע זאָגן זיך אָפּ פון מיטאַרבעטערשאַפט אין „הושיהם“ „יודישער פאָלקסצייטונג“, וואו פּרץ איז באַליידיקט געוואָרן...

האָב איך דערפון געליטן אי מאָראַליש, אי מאַטעריעל, ווייל גראָד האָב איך יענעם זומער אין „פריינד“, צוליב אַ נייעם ברוגז, וואָס איך בין ניט אינגאַנצן גערעכט געווען, ניט מיטגעאַרבעט; די איינציקע מיטאַרבעטערשאַפט אין „פאָלקסצייטונג“, וואָס האָט מיך מער אָדער ווייניקער מאַטעריעל געשיצט, איז צונישט געוואָרן.

אַ גליק, וואָס אין יענעם זומער האָב איך געהאַט אַ זייטיקע אַרבעט — אַן איבערזעצונג פאַר אַ פּעטערבורגער יידישן פאַרלאַג. מיט דער הילף פון משה טייטש האָב איך דאַן איבערזעצט פון רוסיש דעם באַרימטן היסטאָרישן ראָמאַן „ספּאַרטאַק“. אייגנטלעך האָט כמעט די גאַנצע איבערזעצונג געמאַכט משה טייטש — און איך האָב בלויז פאַרריכט דעם סטיל. — עס איז געווען אַ מין

עקספּלואַטאַציע פון מיין זייט, הגם משה טייטש האָט זיך עס אַליין אַרויסגערופן צו טאָן פאַר אַ העלפט האָנאָראַר...

צי איז דאָס בוך ווען עס איז דערשינען, און אונטער וועמעס נאָמען, ווייס איך ניט עד־היום...

באַקומען פון פּעטערבורגער רייכן פאַרלאַג, אַדום וועלכן עס האָבן זיך, ווי נסתּרים, גרופּירט, די בעסטע יידישע אינטעליגענץ, קענטיק ראַדיקאַל־געשטימטע, וואָס זיינען אויסן געווען צו בילדן דאָס פאָלק, — באַקומען הונדערט רובל, איז געוואָרן אמתער יום־טוב. איך האָב שוין דאַן געוואוינט אין אָטוואָצק מיט נאָמבערגן, און מיין שוועסטער שרה־בתיה (שרה רייזען) איז שוין דאַן געווען געקומען קיין וואַרשע. די קליינע וואוינונג האָט געהאַט אויך אַ צימער פאַר מיין שוועסטער. אַזוי, אַז איך בין דעמאָלסט געווען שיר ניט דער שפּייזער פון אַ פאַמיליע, כאָטש נאָמבערג האָט געגעבן צושטייער, ווי אַ „דזשענטעלמען". אויך ער האָט וואָס איבערזעצט פאַרן זעלבן פּעטערבורגער פאַרלאַג, און אַזוי ווי ער האָט זיין אַרבעט, ווי מיר דאַכט, אַליין געמאַכט און אפשר האָט אויך אים דער זעלבער האָרעפּאַשנער משה טייטש דאַן די איבערזעצונג געמאַכט און ער האָט בלויז פאַרריכט — האָט ער באַקומען אַ סומע פון הונדערט פופציק רובל מיט אַמאָל... און מיט דער שטעלע, וואָס ער האָט געהאַט אין „הצופה", איז ער דאַן שיר ניט געוואָרן אַ נגיד...

ניט געדרוקט אַ לאַנגע צייט אין „פאָלקסצייטונג" און אויך ניט אין „פריינד", האָט זיך דאַן מיין מאַטעריעלע לאַגע, ניט קוקנדיק אויף די זייטיקע קלענערע ליטעראַרישע אַרבעטן, וואָס איך האָב אַמאָל באַקומען אויך ביי לידסקין — פאַרערגערט. דער באַיקאָט פון אונזער יונגער גרופּע שרייבער קעגן „דער יודישער פאָלקסצייטונג" איז געווען ווי געקינסטלט... דערצו האָט „דער פריינד", ווי מיר האָט זיך געדאַכט, צו פיל זיך באַנוצט מיט דעם דאָזיקן כלומרשטן באָיקאָט... האָב איך שוין אין ענדע זומער, נאָך אַ דריי־פיר־מאָנאַטלעכן באָיקאָט, זיך מתיר געמאַכט צו געבן עפּעס ספּעקטאָרן פאַר „דער פאָלקסצייטונג". עס איז געווען די דערציילונג „די חברה קלעזמער"...

די פרייד, מיט וועלכער ספעקטאָר האָט אָנגענומען די דאָזיקע דערציילונג, וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן, הגם די דערציילונג אַליין איז געווען ניט פון מיינע גערעטנסטע. ספעקטאָר האָט זי אָבער ווי צוגעכאַפּט, גלייך, אַ פאַרהאַוועטער פון גרויס גליק, זיך אַוועקגעלאָזט פון רעדאַקציאָנס-צימער אין דער אַדמיניסטראַציע, צו ראַמבערגן, דעם שותּף פון פאַרלאַג „תּושיה“, אַליין:

— פאַני ראַמבערג, גיט אים גלייך דאָס געלט...

זיין צו-גרויסע פרייד און איבערגעטריבענע גוטסקייט האָט מיך שוין שיר ניט דערשראָקן... איך האָב געמיינט, אַז מען מעג שוין, אָבער לויט ספעקטאָרס פרייד און לויט ראַמבערגס „מילדקייט“ האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז מען באַהאַנדלט מיך עפּעס ווי איינעם, וואָס לויפט איבער צום שונא...

איך האָב זיך געפילט זייער אומרויִק, מיין געוויסן האָט מיך שטאַרק געפּלאָגט, אָבער די זאַך איז ענדלעך אַראָפּ גלאַט. אַפילו פרי"ן אַליין האָט עס גענומען לייכט. און וויפיל איז טאַקע דער שיעור צו באַיקאָטירן אַ צייטונג, צוליב אַ מחלוקת צווישן צוויי שרייבער, מעג איינער זיין גרעסער און אַפילו גערעכטער...

אָפּגעגאַנגען גלאַט, איז מיר אַראָפּ אַ שטיין פון האַרצן.

האָב איך שוין באַקומען אַ בריוו פון רעדאַקטאָר פון „פריינד“, ש. גינזבורגן אַליין...

דער רעדאַקטאָר אין אַ גאַנץ לאַנגן בריוו האָט אין אַ זייער העפלעכן טאָן דערקלערט, אַז ער האָט געמיינט, אַז איך האָב אַזוי לאַנג אין „פריינד“ גאָרניט געשיקט, ווייל איך האָב אפשר בכלל די גאַנצע צייט גאָרניט געשריבן, ווי עס פּאַסירט אַמאָל ביי אַ שרייבער — זיין מוזע ווערט אַנטשוויגן. וויבאַלד אָבער ער האָט דערזען מיין דערציילונג „די חברה קלעזמער“ אין „פאָלקסצייטונג“, הייסט עס דאָך, אַז מיין מוזע שווייגט ניט, איז וואונדערט ער זיך, פאַרוואָס איך שיק גאָרניט אין „פריינד“, וואו מען ווייס, ווי אַזוי צו שעצן מיין מיטאַרבעטערשאַפט.

פונדעסטוועגן האָב איך זיך נאָך ניט געאיילט עפּעס צו שיקן אין „פריינד“. די אורזאַך געדענק איך שוין ניט. אפשר האָב איך ניט געקענט אָפּזאָגן ספעקטאָרן, וועלכער האָט נייטיק געהאַט מיינע

דערציילונגען דאַן פאַר „דער פאָלקסצייטונג“. הגם שלום אַש האָט שוין אויך „געבראָכן“ זיין באָיקאָט און גלייך נאָך מיר אויך זיך אָנגעהויבן צו דרוקן ביי ספּעקטאָרן אין „דער פאָלקסצייטונג“, און ווי מיר דאַכט, איז נאָך שלום-עליכם, וועלכן דער „פריינד“ האָט שטאַרק געוואָלט איבערנעמען, נאָך געווען געבונדן דורך דעם קאָנטראַקט מיט דער „פאָלקסצייטונג“, פון וועלכן דער פאַרלאַג „תושיה“ האָט בשום אופן אים ניט געוואָלט באַפרייען, און אומזיסט האָט שלום-עליכמען אַ לאַנגע צייט געצויגן צום „פריינד“, צו זיינע צענדליגער טויזנטער לעזער...

האָב איך די לעצטע עטלעכע וואָכן, נאָך אַליין וואוינענדיק אין אָטוואָצק, געשריבן אַליין פאַר דער „פאָלקסצייטונג“. ספּעקטאָר אַלס רעדאַקטאָר האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו געבן פאַסיקע יום-טוב-דערציילונגען אויף יעדן יום-טוב, — איבעריקנס, די שוואַכקייט האָבן געהאַט און האָבן אַלע רעדאַקטאָרן — און אַז עס איז געקומען אַרום ראש-השנה, האָט ער געבעטן ביי מיר אַזאַ דערציילונג.

דירעקט וועגן יום-טוב האָב איך קיינמאָל ניט געוואָלט און ניט געקענט שרייבן. איז מיר גראָד איינגעפאַלן עפּעס פון דעם לעבן פון מיין מיליטער-דינסט, ווען מיר איז אויסגעקומען צו זיין ראש-השנה אויף מאַנעוורעס... האָב איך קומענדיק פון אָטוואָצק אויף אַ טאָג קיין וואַרשע, ערגעץ ביי מיינעם אַ חבר, פעלדשטיין, אַ זון פון רייכע עלטערן, וואָס האָט געהאַט אַ באַזונדערן רויִקן צימער, אָנגעשריבן בנשימה אחת די דערציילונג „די צוויי תקיעות“...

האָב איך געמיינט, אַז איך בין שוין פּטור פון אַ יום-טוב-דערציילונג ביז פּסח. ערשט באַלד, נאָך דעם ערפאָלג, וואָס די „צוויי תקיעות“ האָבן געהאַט, וויל שוין ספּעקטאָר אַ דערציילונג אויף סוכות.

— איך האָב ניט וואָס, באמת, — האָב איך זיך אָפּגעזאָגט.

— עס איז קיין תירוץ ניט, רייזען, איר מוזט — באַפעלט ער כלומרשט, און זיינע גרויסע שוואַרצע אויגן קוקן מיך אָן, אי חבריש, אי מעשה עלטערער, וועמען מען מוז פאָלגן...

— אויב עך וועט עפּעס איינפאַלן... — פּרוּוו איך זיך מדחה זיין.

און איך פאָר צוריק קיין אָטוואָצק. ערשט פאַר מיר טראָגט זיך דורך אַ געשטאַלט פון אַ היימישן, אָרעמען פויער, וואָס ברענגט סכך אויף סוכּות אין שטעטל...

איז דאָס נאָך ווייניק גליק פאַר מיר, פאַלט מיר נאָך אײַן, אַז דאָס פויערל פאַרשפּעטיקט און ברענגט זיין װעגעלע סכך פּונקט דעם ערשטן טאָג סוכּות...

איך װער אַזש באַגײַסטערט. אי אַ סוכּותדיקע זאַך, אי אַ װעלטלעכע... דער העלד, הייסט עס, איז אַ פויער...

דער צוג, מיט וועלכן איך בין געפאָרן צוריק קיין אָטוואָצק, איז דווקא אַ קוריער־צוג און ער לויפט שנעל, אָבער מיר דאַכט, אַז ער קריכט, כאָטש נעם און שטופּ אים אונטער, אַזוי ווילט זיך מיר שוין זיין אין מיין שטיבל אין אָטוואָצק און גלייך זעצן זיך שרייבן די דאָזיקע „וואונדערלעכע" דערציילונג...

געקומען פאַרנאַכט אַהיים, ערשט עס איז אין שטובעלע פּרײַ־לעך. נאָמבערג איז שוין אויך דאָ. ער פאָרט כּמעט ווי איך אַלע טאָג קיין וואַרשע און קומט אין אָזונט צוריק. דערצו זיינען דאָ געסט. אויך די שיינע קורסיסטקע, די סמאָרגאָנערין, איז דאָ מיט אַ חברטע און נאָך געסט פון די דאַטשניקעס גופא. דאַכט זיך, אַז איינע פון די צוויי שיינע שוועסטער בּוכוואַלד, מיט וועלכער איך האָב געטאַנצט אויפן שרייבער־באַל און האָב מיט דעם טאַנץ אַנט־ציקט בעל־מחשבותן אַליין, ווי עס איז שוין באַשריבן געוואָרן — זי איז אויך דאָ. ס'איז פריילעך, אָבער מיר שטערט עס... די דער־ציילונג מוז גלייך אָנגעשריבן ווערן. לאָזן אויף מאָרגן פרי, שרייבן אויף דער „וועראַנדע" בּיחידות, ווי מיין שטייגער איז געווען אין אָטוואָצק — איז אַ געפאַר, אַז דער פּלאַן פון „באַגייסטערונג" זאָל ניט פאַרלאָשן ווערן און עס וועט אָדער גאָרניט אַרויסקומען, אָדער אַ בלאַסע דערציילונג, וואָס ס'איז נאָך ערגער פון גאָרנישט.

און דאָס אָרעמע פויערל שוועבט פאַר די אויגן, שפּרינגט נכנע־דיק און לאָזט מיך ניט אָפּ...

אָט זע איך שוין, ווי די יידן פון גאַס טראָגן אים אַרוים חלה און אַ קעלישאָקל בראַנפן...

ניין, עס איז אַ סכּנה דאָס אַלץ איבערצולאָזן אויף מאָרגן.

היינט:

אָבער ווי אַזוי, אַז פּאַר מענטשן אין די אויגן שרייבן קען איך ניט...

סיידן איך זאָל זיי אָפּנאַרן און זאָגן, אַז איך שרייב אַ בריוו. וויבאַלד אַז איך שרייב אַ בריוו, וועט זיך קיינער ניט אומקוקן, מאַלע וואָס איינער שרייבט אַ בריוו.

און איך רוף אויס:

— נו, קינדער, פאַרברענגט אייך, איך מוז אָבער שרייבן אַ נייטיקן בריוו.

און איך זעץ זיך אַוועק ביים טישל, אויף וועלכן עס שטייט שוין דער ברענענדיקער לאָמפּ, גרייט צו שאַפן...

באַלד פאַרגעס איך אין די אַלע אָנוועזנדע. ס'שרייבט זיך מיט אַ ברען... איך בין שוין אינגאַנצן ניטאָ דאָ. פריער בין איך אין דאָרף, וואו דער אָרעמער פויערל וואוינט, נאָכדעם פאָר איך מיט אים אין וואַלד, וואו ער האַקט די צווייגלעך פאַר סכך... ווי איך קום אָן אין מיין גאַס מיטן פויערל און די יידן גייען שוין פון שול, בין איך שוין פול אַנטציקונג. אָבער איך מוז שוין אָפּרוען. איך בין ערשעפּט פון אייגענער אַנטציקונג...

— שרה־בתיה, — רוף איך מיין שוועסטער און בין איר מגלה סוד — איך שרייב אַ דערציילונג...

פאַרשטייט שוין מיינע שוועסטער לויט מיינע בליקן, אַז עס וועט זיין עפּעס רעכטס... זי האָט אָבער מורא מיר צו שטערן... זאָגט זי בלויז מיט איר ליבן הומאָר:

— שרייב, ברודערל, שרייב...

אַוועקגעזעצט זיך צוריק ביים טישל און שרייב ווייטער:

איך האַלט שוין ביים פּסוק, וואו דער פויערל, וואָס האָט פאַרשפּעטיקט, קלאָגט זיך פאַר די יידן, וואָס האָבן אָנפאַנגס גע־לאַכט פון אים:

— סאָלי ניעמאַ, מידלאַ ניעמאַ, גאַזי ניעמאַ... קעפּסקי אינ־טערעס...

ווערן שוין ביי מיר די יידן ווייכער, זיי וועלן אַן אָרעמען גוי ניט אַוועקלאָזן אַזוי. און דאָ דערמאָן איך זיך, אַז אין

קעשעניעוו איז געווען אַ פּאָגראָם... זאָלן די יידן נקמה נעמען אין דעם אָרעמען גוי?... ניין, ער איז ניט שולדיק, און בכלל אונזערע ווייסרוסישע גויים, זיי זיינען דאָך גוטע, שטילע, אין אונזער גובערניע, אין מינסק, איז נאָך קיינמאָל קיין פּאָגראָם ניט געווען, אויסער איינמאָל אין דאָלהינעוו...

אָבער וואָס פּאָגראָם, ווען פּאָגראָם? די יידן פון גאַס הייסן אַ קרעמער עפענען אום יום־טוב דאָס קלייטל, וואָס ער האָט אין גאַס, און גיבן אים אויף זייער חשבון אַליץ, וואָס דאָס פויערל דאַרף: זאַליץ, זייף און „גאַזע"... און דערצו טראָגט אים יעדע באַלעבאָסטע אַרויס אַ שטיק חלה.

אַוודאי ווערט דער גוי, דאָס אָרעמע פויערל, גערירט און דאַנקט און ענדיקט: ניקאָלי ניע זאַבודו... דאָס הייסט, ער וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן...

רופט זיך אָן אַ ייד צו אַ צווייטן:

— דו ווייסט, גאָרניט קיין שלעכטער ערל...

און דאָ קומט שוין אַ רמז אויפן פּאָגראָם:

— וואָס האָסטו געוואָלט, ער זאָל דיך איצטער שלאָגן...

אַן איבעריקע אומקינכטלערישע פראַזע געווען, אָבער אַפּנים, צוליבן קעשעניעווער פּאָגראָם, וועלכער איז אַריין דאַן אין מיין בלוט, האָט זיך עס פאָרט אַרויסגעריסן, ניט אין טאָן צו דער גאַנצער דערציילונג...

מאָרגן פרי בין איך גלייך מיט דער דערציילונג געפאָרן אין וואַרשע צו ספּעקטאָרן, כדי ניט צו פאַרשפּעטיקן מיט איר, ווי דאָס פויערל, להבדיל, מיטן סכך. די דערציילונג האָט טאַקע געהייסן „פאַרשפּעטיקט". האָב איך, קומענדיק אין רעדאַקציע, ספּעקטאָרן נאָך ניט געטראָפן.

אָנשטאָט ספּעקטאָרן האָב איך געטראָפן נ. א. גניעסינען, דעם שפּעטער באַרימטן העברעישן נאָוועליסט. דאַן איז ער נאָך געווען אַן אָנפאַנגער; אַ שטילער, אַ פאַרטראַכטער, אַ שיר ניט שעמעוודיקער, האָב איך אים דאָך זייער ליב געהאַט; ניט געקענט פאַרטראָגן זיין נע־ונד זיין אין וואַרשע, אָן אַ ציל, אָן אַן אויסקוק — אַז ער טראָגט זיך אַרום מיט זעונגען און וואונדערלעך איידעלע גע־

שטאַלטן, וואָס ער האָט שפּעטער פאַרקערפּערט אין זיינע דער־ציילונגען, ווי „הצדה" און אַנדערע — דערין האָב איך אים דעמאָלסט ניט חושד געווען — אין יענער צייט האָט ער גאָר איבערזעצט אַ פּאָר ליהער פון יהודה הלוי אין יידיש און אויך אַליין געשריבן אַמאָל אַ יידיש ליד און אַפילו זיי אָפּגעדרוקט אין די דעמאָלסטיקע יידישע וועכנטלעכע צייטשריפטן.

געטראָפן אים אינדערפרי נאָך, אין רעדאַקציע, האָב איך די דערציילונג אים דורכגעלייענט.

ווען איך האָב געענדיקט, האָט ער ניט לויט זיין שטייגער אויפגעשטראַלט, האָט מיך אָנגעקוקט מיט זיינע בלויע, שטענדיק אומעטיקע און יענעם מאָל פריילעכע אויגן און זיך פּאַטעטיש אָנ־גערופן:

— רייזען, זאָלן זיי זאָגן, וואָס זיי ווילן, קיינער וועט ניט אָנשרייבן אַזאַ דערציילונג...

זיין אַנטציקונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער איז אַזש ריי־דעוודיק געוואָרן...

בין איך דערוויַיל געוואָר געוואָרן, אַז ס'זיינען דאָ „זיי", וואָס זאָגן גאָר עפּעס אַנדערש. איבעריקנס האָב איך עס אַליין געאַנט... און גניעסינס מיינונג איז מיר טאָפּלט טייער געוואָרן...

---

## פינפאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

די חתונה אין אָטוואָצק. — די מחותּנים. — די יונגע קאַלענ. — די פּוילישע באַלעבאָטים פון דער ווילע אין אָטוואָצק. — די מע־דאָווע־גאָס. — מערעצקי, דער אייגנטימער פון מיין נייער דירה. — קונסט־זשורנאַלן. — די מיטאַרבעטער פון „פריינד״, מרדכי בן הלל הכהן און שמריהו לעווין. — קאָפּע „בריסטאָל״ און בעל־מחשבות. — זיינע מיינונגען און שטימונגען. — מיין שטעלונג צו ארץ־ישראל און צום ציוניזם. — די צוריקגעקערטע דערציילונג. — די נויט. — דער נס מיט די יום־טוב־בלעטער. — מערעצקי ווערט אַ פאַרלעגער פון יידישע זאַמלביכלעך; — דאָס ערשטער יום־טוב־בלאַט „חנוכּה״. — די אַנאָנסן. — כּרמל־ויין. — „בּיימער״.

אינמיטן זומער פון יאָר 1903 איז אין וואַרשע אָנגעקומען קאַסעל. איך האָב אים גלייך געבראַכט קיין אָטוואָצק, אי אַלס גאַסט, אי אַלס מיין שוועסטערס, שרה־בתיהס, חתן. האָב איך אין אַ פּאָר וואָכן נאָך זיין קומען געפּראַוועט זייער חתונה טאַקע אין אָטוואָצק. שלום אַש, וואָס איז שוין געוואָרן אַ גדול, הגם „דער פריינד" האָט זיינע צוגעשיקטע זאַכן נאָך אַליין ניט גערן געדרוקט, האָט זיך שוין געהאַלטן, ווי אַ שלום אַש... אָבער דעם חוש פאַר הומאָר, וואָס האָט זיך גענומען מערקן אַליין מער און מער אין זיינע דערציילונגען, האָט ער אויך געהאַט אין פּערזענלעכן לעבן. האָט ער זיך איבער מיר גוטמוטיק געוויצלט, אַז איך גיי נעמען אַן איידעם אויף קעסט... דער איידעם האָט עס, הייסט עס, געזאָלט זיין דוד קאַסעל... פונדעסטוועגן איז אַש אויף דער חתונה געווען אַ גרויסער מחותּן און האָט זיך געפלייסט משמח זיין די חתן־כּלה אויפן קוטנער שטייגער. אוודאי האָב איך צוגעגרייט אויף דער חתונה גוטע זאַכן און געקויפט אַ גאַנצע פלאַש עכט פראַנצויזישן קאָניאַק, טאַקע מיט די אמתע דריי שטערנדלעך, וואָס פון די שטערנדלעך אַליין איז שוין ליכטיק געוואָרן אין די אויגן, ווער רעדט נאָך — פון דער

משקה... אַרום־און־אַרום האָט מיר די חתונה געקאָסט אַכצן רובל. און נעמענדיק אין אַכט דעם זול אין יענער צייט און אויך דעם קליינעם עולם, קוים אַ מנין שוין מיט די ווייבער — מיר האָבן זיי אויך מצרף געווען צום מנין, אַזוי האָט ש. צ. זעצער געפּסקנט (ער איז טאַקע אויך געווען דער מסדר־קדושין) — קען מען זיך פֿאָרשטעלן, אַז די חתונה איז געווען אַ פֿריילעכע און פֿון דער פֿולער האַנט. די סומע אויף די חתונה־הוצאות האָב איך טאַקע באַקומען ביי יעקב לידסקי, וועלכער האָט עס מיר געגעבן אַלס אַן אַוואַנס און געגעבן מיט פֿרייד... א. ל. יאַקובאָוויטש, וועלכער איז דעמאָלסט געווען אין זיין פֿולער בליִונג סיי פֿיזיש, סיי גייסטיק, און האָט ניט געהאַט וואוהין צו טאָן די ענערגיע, וואָס האָט געשלאָגן פֿון אים, בפֿרט אַז ער האָט זיך דאָס רוב געפֿונען אין אַ העברעיִשער סביבה — האָט זיך אויף דער חתונה אַזוי צעהוליעט, אַז די באַלעבאַטים פֿון דער ווילע, וועלכע האָבן געוואוינט אויף דעם אונטערשטן שטאָק, האָבן אַרויפֿגעקלאַפּט צו אונז, און אַז דאָס האָט ניט געהאָלפֿן, איז איינער פֿון די צוויי ברידער־באַלעבאַטים בכבודו ובעצמו אַרויף צו אונז און אין אַ זייער העפֿלעך־פּוילישער שפּראַך — ער איז טאַקע אַ פּאָליאַק געווען און דערצו נאָך אַ מאָלער — זיך געבעטן, ניט אַזוי צו טומלען. האָט מען שוין יאַקובאָוויטשן געמוזט בעטן, ער זאָל ניט אַזוי שרייען און ניט אַזוי קלאַפּן מיט זיינע דעמאָלסטיקע געזונטע פֿויסטן איבערן טיש, ווי איינער, וואָס האָט עפּעס אַ טענה צו דער וועלט... אַז ער האָט אונז ניט געפֿאָלגט, האָבן מיר די חתונה איבערגעטראָגן אין דרויסן און מיר האָבן אים אַוועקגעלייגט אויף אַ האַמאַק אונטער אַ בוים, וואו ער איז שוין אָפּגעשלאָפֿן אַ שטיק נאַכט.

וועלנדיק איינשפּאָרן דירה־געלט, האָבן מיר שוין געוואוינט אין אָטוואָצק ביז נאָך סוכּות, אַ שטיק צייט איבערן סעזאָן. לענגער וואוינען האָט שוין אָבער ניט געפּאַסט, דאָס וואָלט שוין געווען צו פֿיל אויסגענוצט די פּוילישע באַלעבאַטים, הגם איידעלע און קינסטלער דערצו, און אויך זייערע אַלטע פֿאָטער־און מוטער, וואָס האָבן געוואוינט מיט זיי און זיינען אויך געווען אמת גוטע מענטשן, מיט איינזען...

בין איך אַוועקגעפֿאָרן אין וואַרשע שוין זוכן אַ דירה פֿאַר אונז דריי — פֿאַר מיר, פֿאַר מיין שוועסטער און דוד קאַסעלן.

געזוכט אין אַלע בעסערע גאַסן, ביז איך בין אַרויף צו דער מעדאָווע-גאַס, יידן האָבן זי גערופֿן די מעד-גאַס. זי האָט זיך גע-פֿונען, און געפֿינט זיך נאַטירלעך אויך איצט — אויף דער צווייטער זייט פֿון קראַשינסקיס גאָרטן... פֿון דער מעדאָווע האָט זיך שוין דאַן אָנגעהויבן די אמתע פּוילישע וואַרשע... עס איז געגאַנגען אַ לעגענדע אַזאַ, אַז אויף דער מעדאָווע טאָרן קיין יידן ניט וואוינען, הגם געשעפֿטן יידישע האָבן זיך דאָרטן אייניקע יאָ געפֿונען. איך אָבער האָב פֿון דער לעגענדע ניט געוואוסט. זיך געלאָזט אויף דער מעדאָווע, זע איך ביי אַ טויער פֿון איינעם פֿון די שענערע הייזער אַ צעטל אין פּויליש: „אַ גרויסער צימער צו פֿאַרדינגען". אויב אַ גרויסער איז אַוודאי גוט. איך בין דאָך שוין עפּעס אַ פֿאַמיליע-מענטש... אַרויף אויף די טרעפּ, געעפֿנט די טיר פֿון אַ וואוי-נונג אויפֿן ערשטן שטאָק, איז מיר אַנטקעגן געגאַנגען אַ שיינע יונגע פֿרוי, מיט דעם יידישן חן און מיט שוואַרצע קלוגע אויגן...

— אַ צימער צו פֿאַרדינגען? — פֿרעג איך דאָך אין פּויליש...

קוקט זי מיך אָן דורכדרינגלעך, כאָטש גענוג פֿריינדלעך, וואַרפֿט אַ בליק אויף מיין מאַנטל, וואָס איז געווען דווקא אַ נייער און אַ מאָדישער; אויך מיין הוט מסתמא האָט זי שוין באַמערקט און מיין וויסן קראַגן און מיין ניט טייערן, אָבער פֿיין אויסגעבונדענעם קינסטלער-קראַוואַט, און אפֿשר אויך מיינע לאַנגע (און אויך שוואַרצע) האָר. וואָס איז דעמאָלסט געווען אַ צייכן, אַז מען איז זיכער אַן אינטעליגענט, אויב ניט נאָך העכער דערפֿון... האָט זי גלייך גע-ענטפֿערט:

— „טאַק, פּראָשע פּאַניע...

און זי האָט מיך אַריינגעפֿירט אָנקוקן דעם צימער.

דאָס צימער — גרויס ווי אַ פֿעלד, פֿיר פֿענסטער, צוויי צום גאַס און צוויי ביים זייט, אָבער קיין וואַנט פֿאַרשטעלט ניט, דאָס צווייטע הויז אָפּגערוקט, דער דיל — געפּאַרקעט און געוועקסט... אויך דאָס מעבל, הגם ווייניק, אָבער לייטיש, אַ שיינע בעט, אַ

ווייכע קאַנאַפּע, אַ פיין טישל, צוויי „ווינער" שטולן — מיט איין וואָרט, אַ „סאַליע", ניט קיין צימער.

נאָר דער פּרייז — 16 רובל... אָבער איך דינג זיך ניט; אַדרבא, איך זאָג גלייך, אַז ס'געפעלט מיר, און האָב געגעבן האַנטגעלט.

דערווייל גייט אַרויס דער יונגער באַלעבאָס פון אַ צימער, וואָס געפינט זיך אין דער מיט פון קאָרידאָר און צעטיילט די וואוינונג אין צוויי טייל און דאָס צימער איז אַ געשעפט פון ביכער און צייטונגען, איבערהויפּט קונסט-מאַגאַזינען, אין אַלערליי שפּראַכן... דער יונגערמאַן איז שוין זיכער אַ יידישער, טראָגט אַפילו אַ בערדל, כלמרשט צוגעשאָרן, די אויגן מילדע, דער אויסדרוק — אַ לומדישער, הגם געקליידט איז ער ווי אַ „דייטש" — קורץ... באַקאָן איך זיך מיט אים, און מיר ריידן שוין יידיש... זיין נאָמען איז מערעצקי, און ער איז אַ פאָרשטייער פון אַלע קונסט-זשורנאַלן, וואָס ערשיינען אין רוסלאַנד, פּוילן און אויסלאַנד... דערצו, ווי איך בין שפּעטער געוואויר געוואָרן, איז ער אויך אַ פאַרלעגער פון גרויסע סענסאַציאָנעלע ראָמאַנען סיי אין רוסיש, סיי אין פּויליש...

הייסט עס דאָך שוין אַן אייגענער מענטש, ווערט מיר שוין גאָר פריילעך. אי מעדאָווע גאַס, אי אַ קונסט-און בוכהאַנדלונג, אי אַ פאַרלעגער פון ראָמאַנען. עס בלייבט בלויז איין זאָרג: עס זאָל זיין מעגלעך פּינקטלעך צו צאָלן.

אַריינגעצויגן זיך צו מערעצקין מיט מיין שוועסטער און דוד קאַסעל, איז מיר די ערשטע צייט געקומען, ווי מען זאָגט, צום לעבן. דער צימער און די גאַס טאַקע — ווער עס קען מעדאָווע גאַס — האָט מיר געגעבן הרחבת הדעת און דערצו איז מיין שוועסטער און מיין שוואָגער, ווי אַ יונג פּאָר-פאָלק, ניט געזעסן שטענדיק אין „הויז", פלעג איך דאָ בלייבן אַליין און קאָנען שרייבן, ווי אַזוי און ווען נאָר איך האָב געוואָלט.

דערצו האָב איך שוין דעמאָלט אָנגעהויבן אַריינצוקומען מיט מיינע חברים שלום אַש און נאָמבערגן — אָנשטאָט צו קאָטיקן אין דעם קליינעם קאַפע אויף נאַלעווקעס — אין קאַפע „בריסטאָל", אויף דער קראָקעווער פאָרשטאָט... דאָס קאַפע „בריסטאָל" האָט זיך דעמאָלט נאָר-וואָס אויסגעבויט און עס איז ווירקלעך געווען

אַן ערשט=קלאַסיקע קאַפע, אַפילו לויט ווינער און פּאַריזער מאָס. אויך פלעגט אין קאַפע „בריסטאָל“ קומען אין די אָוונטן בעל=מחשבות, און אַמאָל אויך פּריץ, הגם ער פלעגט דאָס=רוב אין קאַפע „בריסטאָל“ קומען מיט זיין פרוי, זון און שנור — אין די נאָכמיטאָג=שטונדן, טרינקען אַ שוואַרצע קאַווע... מען קען ניט זאָגן, אַז יידישע שרייבער אין וואַרשע האָט מען פאַרזען; אַדרבא, מיט דער אַנטוויקלונג פון דער יידישער ליטעראַטור איז געוואַקסן דער פּרעסטיזש פון די יידישע שרייבער און פון פּרצן איבערהויפּט. אין אַ קאַפע, וואו יידישע שרייבער קומען, האָט שוין געצויגן די בעסערע לעזער און די מקורבים פון די שרייבער אויך אַריינצוקומען, אַזוי אַז „בריסטאָל“ איז געוואָרן שיער ניט אַ יידישע קאַפע. און טאָמער איז ד״ר סלאָנימסקי, וואָס איז געווען אַן אָפטער באַזוכער פון קאַפע „בריסטאָל“ — טאָמער איז ער געווען אַפילו אַ געטויפטער, אָבער ניט נאָר אַ האַריץ, נאָר אַפילו אַ באָרד האָט ער אויך געהאַט אַ יידישע און פאַרברענגען פלעגט ער זייער אָפט מיט אונז און איבערהויפּט מיט נאָמבערגן און דווקא וועגן יידישע פראַגן (שפּעטער איז ער טאַקע צוריק געוואָרן אַ ייד!). האָבן שוין מיט דער צייט אָנגעהויבן אַריינצוקומען אין „בריסטאָל“ ניט נאָר לעזער און מקורבים, נאָר סתם יונגעלייט מיט כלות, ווייבער און באַקאַנטע... האָט עס שוין אַ ביסל אָנגעהויבן באַקומען אַ קאָמישן כאַראַקטער... האָב איך טאַקע אָנגעשריבן אַ הומאָריסטישן מאָנאָלאָג „אין בריסטאָל“, ווי אַזוי אַן אָרעמער פריקאַזשטשיק מיט זיין יונגער פרוי האָט זיך געפילט דאָס ערשטע מאָל אין קאַפע „בריסטאָל“... דער דאָזיקער מאָנאָלאָג האָט, נאָכדעם ווי ער האָט זיך אָפּגעדרוקט אין „פריינד“, געמאַכט צווישן וואַרשעווער לעזער אַ גרויסן רושם, הגם, איך בין זיך מודה, אַז פון קינסטלערישן שטאַנדפּונקט איז עס ניט געווען קיין שעדעווער. בעל=מחשבות האָט טאַקע מיר באַמערקט: ווײַבאַלד אַז „בריסטאָל“, פאַרוואָס זאָלט איר ניט געבן פון קינסטלערישן מענטשן, ניט פון עפּעס אַ יידל אַ פריקאַזשטשיק... און ער איז טאַקע געווען דאָס מאָל לגבי מיר גערעכט...

בכלל אָבער איז בעל=מחשבות אין יענער צייט געווען אַ ביסל קאַפּריזנע, איבערהויפּט אין זיינע באַציִונגען צו מיר. געזוכט עפּעס,

געפּאָדערט און געמאָנט און ניט געוואוסט וואָס. געשטימט איז ער געווען דאַן ראָמאַנטיש, געזוכט אין דער יידישער ליטעראַטור און אויך אין אַרומיקן לעבן דאָס דערהויבענע, דאָס ריטערלעכע, דאָס העראָישע, ניט קוקנדיק וואָס ער אַליין איז געווען דאַן מערסטנס איראָניש, סיי אין זיינע מיינונגען וועגן זיך און סיי וועגן דעם אַרומיקן לעבן בכלל... און אפשר טאַקע דערפאַר האָט ער געפּאָדערט פון דער ליטעראַטור עפּעס אַנדערש....

אָבער ווען ער איז נאָר געווען גוט געשטימט — און דאָס האָט אויך אָפט פּאַסירט מיט אים — איז געווען אַ פאַרגעניגן צו זיצן מיט אים ביי איין טישל און הערן זיינע גייסטרייכע, צייטנווייז פּאָזיטיווע, צייטנווייז נעגאַטיווע, מיינונגען וועגן ליטעראַטור און אויך וועגן ליטעראַרישע פּערזענלעכקייטן, וועגן זייערע שוואַכקייטן און שטאַרקייטן. אָפטמאָל האָט ער אין זיינע מינדלעכע מיינונגען אויך ניט געשוינט פּרצן און הגם גוטמוטיק, אָבער זייער געלונגען און וויציק נאָכגעמאַכט, אין געשפּרעך, פּרצעס פּובליציסטישן סטיל, פּרצעס לאַקאָניזם...

אין יענער צייט האָט ער אָנגעהויבן פּאָדערן פון אונז, דאַן יונגע שרייבער, דעם ראָמאַן...

— נו, יע, — האָט ער גייענדיק מיט אונז אויף אַ שפּאַציר, נאָכדעם ווי מיר זיינען אַלע צוזאַמען אַרויסגעגאַנגען פון קאַפע „בריסטאָל", שוין שפּעט אין דער נאַכט, און זיך געלאָזט איבער קראָקעווער פּאָרשטאָט — נו, גוט, — האָט ער מילד גערעדט, — נאָך אַ שיינע דערציילונג, נאָך אַ נאָוועלע, נאָך אַ ליד, מיר מוזן אָבער האָבן אַ ראָמאַן. מיט אַ קורצער דערציילונג אַליין און מיט לידער קען מען די וועלט ניט איינעמען...

איך האָב זיך שטאַרק וועגן דעם פאַרטראַכט, און געשוויגן. אַש אָבער, געדענק איך, האָט זיך אָנגערופן:

— איך שרייב אַ ראָמאַן...

און אַש האָט זיין צוזאָג דערפילט.... אמת, ערשט אין אַ יאָר פינף אַרום. ער האָט אָנגעשריבן „מערי"... געוויס האָט דער ראָמאַן „מערי" פאַרמאָגט אייניקע זייער שיינע קאַפּיטלען, אָבער דאָך האָבן שלום אַש קליינע און גרעסערע דערציילונגען פיל מער באַ-

רייכערט די יידישע ליטעראַטור, ווי דער ראָמאַן „מערי“ און אַפּלו ווי דער ראָמאַן „מאָטקע גנב“, וואָס זיין ערשטער טייל איז זיכער מייסטערהאַפט...

צוגעהערט זיך מיט ערנסט צו בעל־מחשבותס מיינונגען, בין איך דאָך געבליבן ביי מיין בליק אויף ליטעראַטור בכלל און אויף מיין שאַפן בפרט. געוואוסט, אַז מען קען געבן אַפילו אַן עפּאָכע אין אַכט זייטלעך, הגם איך האָב אַליין געבענקט נאָך אַ קינסטלערישן ראָמאַן אין דער יידישער ליטעראַטור, כּדי מיר זאָלן זיין לייטן־גלייך...

פונדעסטוועגן האָט בעל־מחשבות שטאַרק געריימט מיין דאַן נאָר־וואָס אָפּגעדרוקט מיניאַטור־בילד „עס שאָקלט זיך“, שיר ניט מיט התפעלות, טאַקע אין קאַפּע „בריסטאָל“.

— אַ קלייניקייט — האָב איך אַ זאָג געטאָן און באמת עס געמיינט.

— יאָ, אָבער עס איז אַ סימבאָל פון אונזער גאַנצן לעבן...

דאָס האָט שוין גערעדט אין אים דער ציוניסט... איז דאָס מיר שוין ניט געפעלן געוואָרן. געוויס בין איך אויך ניט צופרידן גע־ווען מיט דער באַדנלאָזיקייט פון יידישן לעבן, אָבער מיין „לייזונג“ איז געווען אַן אַנדערע... דערצו האָב איך אין יידישן לעבן אויך געזען שיינקייט, פעסטקייט און אַפילו איינגעוואָרצלטקייט, און דער ציוניזם האָט געוואָלט און געזוכט אונזער לעבן צו דערנידעריקן, ניט צוליב סאָציאַלע גרונדן, נאָר צוליב נאַציאָנאַלע; געזוכט צו פאַרמיאוסן די פאָרמען פון דער יידישער געגנוואַרט, כּדי זיך אומ־צוקערן צו דער פאַרגאַנגענהייט. און אויב דער ציוניזם האָט אַפילו גערעדט וועגן דער צוקונפט, איז דאָס געווען אַ צוקונפט מיט די אידעאַלן פון דעם אַלטן עבר, מיט ארץ־ישראל, מיט לשון־קודש און מיט דער גאַנצער גלאָריע פון אַלטן אַמאָל...

איך וויל ניט לייקענען — ארץ־ישראל אַלס פאָלקסטימלעכער באַגריף איז מיר געווען נאָענט און טייער, ווי יעדן יידן, איבער־הויפּט די, וואָס האָבן געלערנט אין אַ חדר און געהערט צי גע־לייענט נאָכדעם אַליין די אַלע מעשׂהלעך און לעגענדעס, וואָס דאָס פאָלק האָט מיט זיין פאַנטאַזיע אויסגעוועבט אַרום דעם דאָזיקן יידישן לאַנד. איך געדענק נאָך פון מיין קינדהייט, אַז ס׳איז אַמאָל גע־

קומען אין אונזער שטעטל אַן ארץ=ישראל=ייד — אויב ער האָט נאָר ניט אָפּגענאַרט און איז טאַקע געווען פון ארץ=ישראל... — האָב איך אויף אים געקוקט מיט גרויס יראת=הכבוד און געהיט און נאָכגעקוקט זיין יעדע באַוועגונג. אַ קליינקייט — אַ ייד פון ארץ= ישראל... אויך „לשון=קודש" אַלס שפּראַך פון דער פאַרגאַנגענהייט איז מיר נאָענט געווען. דאָס ראָמאַנטישע, סיי פון דעם לאַנד, סיי פון דער שפּראַך, האָט מיך געלאָקט, אָבער ניט צו פאַרוואַנדלען עס אין אַ ווירקלעכקייט, ניט דאָס ארץ=ישראל פון די ציוניסטן און ניט דאָס העברעיִש פון די העברעיִסטן, פון די דוברי=עברית, פון עברית=בעברית און פון די חדרים=מתוקנים, וואָס דאָס אַלץ איז ניט געווען עכט, ניט פון לעבן אַרויסגערופן, נאָר געמאַכט און געקינסטלט דורך פלאַכער און קליינקעפּלדיקער פּראָפּאַגאַנדע און דורך ציַיטנווייז ניט געהויבענער פּאָליטיק=טרייבעריי... געוויס האָט סיי דער ציוניזם, סיי דער העברעיִזם פאַרמעגט אויך העכערע טיפערע פּערזענלעכקייטן אַלס אָנהענגער, ווי טאַקע בעל=מחשבות אַליין איז געווען. האָבן טאַקע די ציוניסטן — איבערהויפּט די פּאָליטיקער, די אוסישקינס, די ד״ר קלויזנערס (ד״ר קלויזנער, ווען ער האָט, אין יענער צייט, געוואוינט אין וואַרשע און געפונען זיך אין פּרצעס קרייז, איז אַגב ניט געווען נאָך אַזאַ שונא פון יידיש און האָט פאַר פּרצעס באַגייסטער „יודישער ביבליאָטעק" אָנגעשריבן אין יידיש אַ וואונדערלעך=שיינע עסיי איבער די נביאים) — בעל=מחשבותן באַטראַכט ניט ווי אַן אייגענעם, און ער איז אויף די ערשטע ציוניסטישע קאָנגרעסן שטענדיק געווען אין דער אָפּאָזיציע צוזאַמען מיט די אַנדערע יינגערע און פאָלקסטימלעכערע עלעמענטן, ווי מאָצקין, גרינבוים אד״ג, ביז וואַנען ער איז אינגאַנצן אָפּיציעל אַוועק פון ציוניזם און ניט זעלטן שוין די שוואַכע זייטן פון ציוניזם שאַרף אויסגעלאַכט און קריטיקירט...

* * *

מיט „דעם פריינד" בין איך אַליין ניט געווען שווה בשווה. ערשטנס צוליב זיין שטעלונג צו יידיש... כלומרשט אַליין ניט קיין קענ=

נער, אָבער מיטאַרבעטער האָט „דער פריינד" געהאַט געגוג ציוניסטן און העברעיִסטן, וואָס האָבן די דעמאָלסט איינציקע טעגלעכע יידישע צייטונג אויסגענוצט, גאַנץ פּיפיק, הגם אויפן באַלעבאַטישן נוסח־שרייבן — פאַר זייערע אידעאַלן און צילן. אַזוי פלעגט, למשל, מרדכי בן־הלל הכהן כלומרשט מתיר מאַכן דאָס שרייבן יידיש פאַרן פאָלק, נאָר אין דעם מתיר מאַכן האָט געשטעקט פיל יעזויִטיזם, פאַראַכטונג צו דער נייער שפּראַך פון יידישן פאָלק, אויף וועלכער איך האָב שוין געקוקט ווי אויף אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך און האָב זי טאַקע אַלס אַזאַ פּראָקלאַמירט אין מיין וואָכנשריפט „דאָס יודישע וואָרט", וואָס איז ערשינען אין קראָקע אין יאָר 1905, דריי יאָר פאַר טשערנאָוויצער קאָנפערענץ... אויך ד״ר שמריהו לעווין האָט זיך בריט־לעך צעלאָזט אין „פריינד" און האָט זיך מיטן יידיש־לעזער ניט שטאַרק געצערעמאָניעט, געהאַלטן שריפטלעכע דרשות פאַר ציוניזם און העברעיִש...

אַ פּאָזיטיווע שטעלונג צו יידיש האָט „דער פריינד" ערשט גע־נומען אין יאָר 1905, ווען איך האָב שוין ניט געהאַט די מעג־לעכקייט די וואָכנשריפט „דאָס יודישע וואָרט" אַרויסצוגעבן, און זעענדיק, ווי „דער פריינד" אַליין איז שוין אין דעם שפּראַכן־קריג אַריבער אויף מיין זייט (עס איז געווען אַן אמתע מלחמה!), האָב איך געטראַכט: צו וואָס אַזוי פיל אָנשטרענגונג. אָבער צו דער וואָכנשריפט „דאָס יודישע וואָרט" וועל איך זיך אומקערן אין די ווייטערדיקע קאַפּיטלען...

אויך די באַציִונג צו אונז יונגע פון „פריינד" איז צייטנווייז געווען ניט קיין זייער פריינדלעכע... פון צייט צו צייט האָבן זיי מיינע פּאָדערונגען — איך בין זיך מודה — ריין מאַטעריעלע, טאַקע נאָכגעגעבן... אָבער דווקא ווען איך האָב זיך אַריינגעצויגן אויף דער רייכער מעדאָווע־גאַס און בין געוואָרן אַ גרעסערער בעל־הוצאה, גראָד דאַן האָט „דער פריינד" גענומען „קאַרגן". אָט געדענק איך עס ווי איצט, ווי איך האָב אָנגעשריבן מיין קליינע דערציילונג מיטן טיטל „מיין מאַמע" — וועלכע איז מיר אַליין שטאַרק געפעלן גע־וואָרן. איך האָב זי געשריבן מיט גרויס באַגייסטערונג און דאָס אַליין איז שוין געווען געגוג אַ סימן פאַר מיר, אַז זי איז שיין

און געלונגען... די דערציילונג האָט אייגנטלעך זיך געפּאַסט, לויט איר מאָטיוו און אינהאַלט, פאַר אַן אַרבעטער־צייטונג, נאָר אַזעלכע זיינען נאָך אין יאָר 1903—1904 ניט געווען בנמצא... האָב איך זי אַוועקגעשיקט אין „פריינד“ מיט אַ צושריפט, אַז איך פאַרלאַנג פאַר איר 25 רובל...

אין אַ וואָך אַרום איז מיר די דערציילונג אָנגעקומען צוריק (אַגב די איינציקע דערציילונג, וואָס „דער פריינד“ האָט מיר אָפּגעשיקט צוריק) — מיט אַ צושריפט, אַז אַזוינע האָנאָראַרן קענען זיי ניט צאָלן...

אויפן האַרצן איז געוואָרן זייער ביטער. אויסער דער באַליידיקונג האָב איך יענעם טאָג געדאַרפט באַצאָלן דאָס דירה־געלט. הגם די מערעצקים, סיי ער סיי זי, האָבן נאָך ניט געמאָנט... איך בין אָבער געווען שטאַרק פאַרצווייפלט. עס איז געוואָרן אָוונט. איך און מיין שוועסטער און, ווי שלום אַש האָט אים גערופן — מיין יונגער אידעם, דוד קאַסעל, האָבן זיך שוין געקליבן צו גיין עסן „וועטשערע“, אָדער עפּעס קויפן אין אַ שפּייז־געוועלבל און פראַווען די סעודה אין דעה היים; אָבער קיין געלט איז ניט געווען... און קיין אויסזיכט צו קריגן ערגעץ איז אויך ניט געווען. ביי לידסקין האָב איך שוין גענומען פאָראויס, וויפיל עס האָט זיך נאָר געלאָזט. עס איז געווען כלו כל הקיצין... דוד קאַסעל איז אַ שווייגנדיקער אַרומגעגאַנגען איבערן גרויסן צימער און צוגעברומט אַ לידל פון „בר־כוכבא“, וואָס ער פלעגט אין פאַרשיידענע געהויבענע, סיי אומעטיקע, סיי פריילעכע — מאָמענטן עס זינגען...

ציונס ליכט צאַנקט אַצינדער...
שיינען וועט זי קיינמאָל מער...

אַ שרעק האָט מיך אַרומגעכאַפּט... וואָס הייסט עפּעס קיינמאָל מער... עס וועט שיינען... עס וועט לויכטן און שיינען און נאָך ווי!... אַ אידעע איז מיר דורכגעלאָפן שנעל ווי אַ בליץ...

איך בין אַריין אין מערעצקים בוכהאַנדלונג, וואָס האָט זיך געפונען אין וואוינונג גופא...

אַ בלעטער געטאָן אַ קונסט־זשורנאַל, דאַכט זיך, פון די מינכענער קונסט־זשורנאַלן, האָב איך ווי שטרענג אַ זאָג געטאָן:

— און איר, פאני מעדעצקי, פארשפרייט אַלץ די גרויסע קונסט, פאַר יידישער קונסט אַרט אייך גאָרניט...

— איך בין ווייט דערפון... — האָט ער ווי פאַרשולדיקט אַ שמייכל געטאָן....

— איר, זאָג איך, מיט אייערע מיטלען פון פאַרשפרייטן צייט־שריפטן, האָט געדאַרפט אַרויסגעבן יידישע זאַמלונגען, אָט אויף אַזאַ שטייגער, ווי דעם זשורנאַל מיט אילוסטראַציעס, אויף שיין פּאַפּיר...

— גלויבט איר אַזוי?... — האָט ער מיך שוין אָנגעקוקט ערנסט.

איך האָב גענומען שמידן דאָס אייזן. איך האָב אויסגעלייגט אַ פּלאַן, אַרויסצוגעבן אילוסטרירטע יום־טוב־בלעטער, ווײַבאַלד אַז קיין דערלויבעניש אויף אַ פּעריאָדישער צייטשריפט אין יידיש איז דערווייל ניט מעגלעך צו באַקומען...

— אָט — זאָג איך צו אים באַגייסטערט — איז באַלד חנוכה... אָבער עס איז נאָך גענוג צייט, ביי דריי וואָכן... איך וועל אייך צוזאַמענשטעלן אַ חנוכה־בלאַט, אַז עס וועט זיך צעגיין אין די טויזנטער...

— און פּאַפּיר וועט מיר קאָסטן ביליגער — האָט ער זיך שוין אַליין דערוואַרעמט, — מיין שווער האָט אַ גרויס פּאַפּיר־געשעפט.

— איז דאָך אַוודאי ניטאָ וואָס צו ריידן, — זאָג איך שוין ניט ווי אַ רעדאַקטאָר, נאָר ווי אַ סוחר...

קורץ, עס איז געשלאָסן געוואָרן דאָס געשעפט: איך טרעט צו גלייך מאָרגן פרי צו זאַמלען דעם מאַטעריאַל. מיין האָנאָראַר איז אַכציק רובל, און פאַר דעם מאַטעריאַל דאַרף איך שוין צאָלן פון די אַכציק רובל... און הגם איך געטרוי אים, אָבער אום איך זאָל קענען מאָרגן אָנהייבן זאַמלען דעם מאַטעריאַל, איז דאַרף איך שוין האָבן אַן אַדרויף...

דאָס האָב איך שוין געפאָדערט ניט אַזוי צוליב מיר, ווי צו־ליב מיין שוועסטער און דוד קאַסעל, וואָס האָבן דאָרט אין זייער צימער מיט אומגעדולד געוואַרט אויף מיר און אויף אַ נס...

מערעצקי גיט צו, אַז איך בין גערעכט, ער נעמט אַרויס פון שופלאָדל צוויי גאָלדענע צענרובלשטיק און דערלאַנגט עס מיר...

איך האָב געוואָלט גלייך אַריינלויפן אין אונזער צימער אָנזאָגן די שמחה מיין שוועסטער און „דאַווידן", אָבער עס פּאַסט ניט צו איילן זיך און ס'איז טאַקע אַ סכנה אויך געווען...

בין איך נאָך געזעסן אין מערעצקיס בוכגעשעפט בײַ אַ צוואַנציק מינוט, פאַרזיכערט אים, אַז ניט נאָר ער וועט ניט צולייגן, נאָר אַדרבא־ואַדרבא — ער וועט פאַרדינען געלט...

אמת, מערעצקי פאַרזיכערט, אַז ער איז ניט אויסן דעם פּראָפיט, אַבי ניט צולייגן... ער וויל טאַקע עפּעס אויפטאָן פאַר יידן אויך... אויך מאַדאַם מערעצקי, וועלכע איז אַריינגעקומען, איז מאָראַליש צופרידן מיט דער נייער אונטערנעמונג, און ענדלעך געלינגט מיר שוין אַ זיכערער אַריינצוגיין צו מיר אין צימער און אָנזאָגן די גרויסע פרייד מיינע נאָענטע:

— מיר זיינען געראַטעוועט... דאָס איך שטיל, ווי אַ סוד, אַריינגעסודעט דאַווידן...

— געקראָגן געלט! — האָט ער, ווי פאַרוואונדערט פון אַ נס, אויף מיר אויסגעשטעלט זיינע אויגן.

— יע...

— ווי אַזוי?

איך האָב דערציילט.

ער האָט זיך שטאַרק געוואונדערט און מיך אַזש אָנגערופן „גאון". אויך מיין שוועסטער איז געוואָרן נתפּעל פון מיינע גרויסע פעיקייטן...

זיינען מיר באַלד אַלע דריי אַוועק אין אַ רייכערן רעסטאָראַן, זיך אונטערצולעגען דאָס האַרץ. עס איז שוין געווען אַ זייגער עלף אין אָוונט און קיין אַפּעטיט האָט ניט געפעלט...

אויף מאָרגן האָב איך אָנגעהויבן זוכן מאַטעריאַל... האָב זיך באמת באַאומרויקט, צי וועט די אונטערנעמונג האָבן אַן ערפאָלג, און שוין געשראָקן זיך, אַז מערעצקי, וואָס האָט מיר געשענקט אַזויפיל צוטרוי, זאָל חלילה ניט פאַרלירן קיין געלט. איך האָב געלאַדן טרעוואָגע צווישן מיינע חברים: ל. שאַפּירא משה טייטש.

ה. ד. נאָמבערג, שלום אַש און אַוודאי צו פּרצן אויך געגאַנגען דערהערט פון אַזאַ מין פאַרלעגער, ווילן זיי כמעט אַלע האָנאָראַר... מיט אַנדערע בין איך דורכגעקומען, אַשן אָבער האָב איך געמוזט צאָלן — ניט חלילה, ווייל ער איז שלעכט, נאָר ער טענהט, אַז ער דאַרף שפּייזן אַ פאַמיליע... ער איז גערעכט געווען אויך. אָבער אַזוי צי אַנדערש, איך האָב אויסגעקליבן דעם מאַטעריאַל. אַלס ערשטע זאַך געגעבן מיין דערציילונג „מיין מאַמע“ און זאָל „דער פריינד“ זען, אַז איך קאָן זיך באַגיין אָן אים... געקראָגן צוויי צי דריי קונסט־בילדער, טאַקע פון די קונסט־זשורנאַלן, וואָס מערעצקי האָט פאַרקויפט — איינס האָב איך צוליב חנוכה געמוזט געבן אַ נאַציאָנאַלע זאַך — און דאָס איז געווען דאָס בילד פון דניאל בגוב האריות... איך האָב פון דעם בילד ניט געהאַט קיין גרויס נחת, נאָר מערעצקי האָט דווקא געוואָלט דאָס בילד זאָל אַריינגיין. ער האָט אַפילו פאַרלאַנגט עפּעס אַ „שטיקעלע“ וועגן ציוניזם אויך, אָבער דאָס האָט ער שוין בײַ מיר ניט אויסגעפירט. איז ער שוין געווען גליקלעך, וואָס עס איז גאָרנישט אַריין קעגן ציוניזם. און אפשר אין די נאָטיצן, וואָס איך האָב אַליין געשריבן אונטערן נאָמען בן־קלמן, האָב איך יאָ עפּעס געגעבן פון דעם דאָזיקן אַנטי־מין. איך געדענק עס ניט און די נומערן פון די „יום־טוב־בלעטער“ זיינען איצט ניט בנמצא...

דער ערשטער נומער „חנוכה“ איז אַרויס געראָטן און רייך געדרוקט אויף שיין פאַפיר, אילוסטרירט, מיט אַרטיקלען, לידער, דערציילונגען פון שלום אַש, נאָמבערג, ל. שאַפּיראָ, א. ל. יאַקובאָוויטש און אַ ליד „יהודה המכבי“ פון מאָריס ראָזענפעלד (וואָס איך האָב שוין באַקומען בײַ לידסקין פון די אַמעריקאַנער אויסגאַבן)— אפשר איז עפּעס אויך פון פּרצן געווען — אַלנפאַלס די זאַמלונג איז געווען, ווי געזאָגט, זייער געלונגען. מערעצקי אַליין, פון דער יידישער ליטעראַטור ווייטלעך — ער איז געווען צו פיל פאַרנומען מיט דעם אַרויסגעבן די טענסאַציאָנעלע ראָמאַנען אין רוסיש, פּויליש און דייטש, און מיט די קונסט־זשורנאַלן, וואָס ער האָט פאַרשפּרייט איבער וואַרשע אין אַלע גרעסערע קיאָסקן און דורך ספּעציעלע צייטונגס־טרעגער — אַליין ווייטלעך פון דער יידישער

ראַטאָר, האָט ער אָבער מיין אַרבעט אָפּגעשאַצט; דערצו האָב איך זיך געסטאַרעט צו באַקומען אויך אַנאָנסן, כדי ער זאָל האָבן וויניקער היזק... אין אייניקע געשעפטן האָב איך געשיקט מיינע „פאַרערער", אַלס אַגענטן. אין וויין־האַנדלונג „כרמל" בין איך אַליין אַריין און דער איידעלער גלוסקין האָט מיר געגעבן אַן אַנאָנס אויף אַ גאַנצן פערטל זייט פון דער גרויסער הילע און באַצאָלט דער־נאָכדעם גאַנצע פינף רובל... האָט די אַנאָנס גערעדט מיט גרויסע אותיות: „טרינקט, יידן, כרמל־וויין פון אונזערע אייגענע. וויינ־גערטנער"... איך אַליין האָב נאָך קיין כרמל־וויין ביז דע־מאָלסט ניט טועם געווען, און בכלל קיין וויין ניט געטרונקען, אויסער אַ פסח, ווען איך בין ניט געפאָרן אין מינסק, נאָר געבליבן אין וואַרשע, האָב איך צום ערשטן סדר געקויפט אַ פלאַש וויין און געקומען מיט איר צו ליפּמאַן לעווין און צוזאַמען מיט אים און זיין ליבער גיטעלען זיך משמח געווען. צי איז יענער וויין געווען כרמל־וויין, געדענק איך ניט... אָבער סיי־ווי־סיי קיין קעגנער פון כרמל־וויין בין איך ניט געווען, דאָס איז דאָס איינ־ציקע פּאָזיטיווע, וואָס איך האָב געזען פון ארץ־ישראל, אָבער ניט אַדאַנק די ציוניסטן, נאָר אַדאַנק ראָטשילדן, וואָס ער האָט געבויט און געשטיצט מיט זיינע מיליאָנען די קאָלאָניעס...

איבעריקנס האָט עס ניט צו דעם דאָזיקן קאַפּיטל.

ערשינען דאָס חנוכה־בלאַט, האָט מערעצקי דערזען דעם חילוק פון יידישער ליטעראַטור ביז ניט־יידישער און די צרות, וואָס מ'האָט ביים פאַרשפּרייטן עס... אַ גליק, וואָס אַ לאָנדאָנער גרויסע יידישע בוכהאַנדלונג האָט באַשטעלט גאַנצע פינף הונדערט עקזעמפּלאַרן, אמת, פאַר נאַכנאַמע. אָבער אַז ס'איז געקומען צו אויסלייזן, האָט די פירמע פלוצים חרטה געקראָגן... האָב איך זיך שוין געשעמט פאַר מערעצקין און האָב אָנגעשריבן אַ האַרבן בריוו צום גרויסן בוכ־הענדלער אין לאָנדאָן און אים געוואָרנט. און ווי אַ נס וואָלט געשען — פאַרט חנוכה, — אַ נס האָט געמוזט געשען — דער גרויסער לאָנדאָנער בוכהענדלער האָט אויסגעלייזט דאָס פּעקל מיט די פינף הונדערט עקזעמפּלאַרן און מערעצקי האָט דערזען אַ הונ־דערטער מזומנים...

איז אים שוין געוואָרן פרייליכער אויפן האַרצן און ער האָט מיר שוין צוגעטריבן צוצוטרעטן צו דער צווייטער זאַמלונג, וואָס דאַרף ערשיינען אויף חמשה עשר בשבט (אויך אַ יום־טוב!) — און די זאַמלונג האָב איך אַ נאָמען געגעבן: „ביימער“...

---

# זעקסאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

די נייע טעגלעכע צייטונג „דער טאָג". — דער רעדאַקטאָר לעאָן ראַבינאָוויטש פון „המליץ". — גוטע צייטן. — „יאָהרבוך פּראָגרעס". — די באַדינגונגען. — אַלטע און נייע מיטאַרבעטער. — פּרץ פאַרלאַנגט האָנאָראַר. — איך געפין אין מיין זכרון פּרצעס אַ ליד, וואָס ער וויים נים. — זיין צופרידנקייט. — פּרצעס „פּיר אבנים טובות". — פּרצעס גרויסמוטיקייט און מילדקייט. — מענדעלעס „בימים ההם". — אַשם „דער זעלנער". — יהואָש און ווינטשעווסקי.

אין דער זעלבער צייט — צווישן 1903 און 1904, — ווען איך האָב שוין געזאַמלט מאַטעריאַל פאַר די ווייטערדיקע נומערן „יום=טוב=בלעטער" און האָב שיר נים אויפגעגעבן די האָפענונג צו מיטאַרבעטן אין „פריינד", נאָכדעם ווי די רעדאַקציע האָט מיר אָפּגעשיקט די דערציילונג „מיין מאַמע", — איז אָנגעקומען די גליקלעכע ידיעה, אַז לעאָן ראַבינאָוויטש, דער רעדאַקטאָר פון „המליץ", הייבט אָן אינגיכן אַרויסצוגעבן אין פּעטערבורג אַ טעגלעכע צייטונג אין יידיש מיטן נאָמען „דער טאָג", און באַלד טאַקע איז די ידיעה באַשטעטיקט געוואָרן שוואַרץ אויף ווייס אין אַן אויספירלעכן אַנאָנס אין „המליץ" גופא...

מיר, די יידישע שרייבער, האָבן געטריומפירט, געיובלט... אַזאַ נצחון! דער „המליץ", וואָס איז געווען די פעסטונג פון די העברעיִסטן יאָרנלאַנג — הגם אויף אירע שפּאַלטן זיינען צייטנווייז, נאָך אַפילו אונטער אַלעקסאַנדער צעדערבוימס רעדאַקציע, אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיינונגען לטובת דער יידישער שפּראַך, אָבער דאָס זיינען געווען אויסנאַמען, וואָס האָבן נאָך מער בולט געמאַכט די העברעיִסטישע ריכטונג פון „המליץ", — אָט דער „המליץ", וואו נאָך גאָר נישט לאַנג, אום מתיר צו זיין צו לויבן אַ ביכעלע יידישע לידער, האָט מען געמוזט די קריטיק אָנרופן מיט אַ באַליידיקנדיקן טיטל „פּנינים

בּרפש״, צו געבּן דערמיט אָנצוהערעניש, אַז יידיש איז אַן אומווערדיקער לשון, מעגן אויף אים אַפילו געשריבּן ווערן, לויט דער מיינונג פון דעם קריטיקער, די שענסטע לידער, — זאָל גאָר דער זעלבּי־קער „המליץ״ פלוצים ווערן אַן אַרויסגעבּער פון אַ צייטונג אויף יידיש און אין דעם אַנאָנס פאַרשפּרעכן צו געבּן דאָס שענסטע און דאָס נייסטע פון דעם יידישן גייסט...

עס איז געווען איינע פון די גרעסטע איבּערראַשונגען פון יענער צייט. די העבּרעער האָט עס אַזש צעטומלט. מאַנכע האָבּן עפנטלעך, שוין אויף די שפּאַלטן פון „הצפירה״ און „הצופה״, אַרויס־געשריען זייער פּראָטעסט און באַדויערן... עס איז באמת געווען אַ צער אויף די אויפריכטיקע ליבּהאָבּער פון העבּרעיִש, וואָס האָבּן געמיינט, אַז אָט־אָט און העבּרעיִש גייט שוין אינגאַנצן אונטער, אַפילו אַלס היסטאָרישע שפּראַך, וואָס אַזוינס האָט אַפילו דער הייס־טער אָנהענגער פון יידיש ניט געוואָלט...

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך דעם אַנאָנס אין „המליץ״ וועגן דער ערשיינונג פון דער טעגלעכער צייטונג „דער טאָג״, איז אָנ־געקומען קיין וואַרשע לעאָן ראַבּינאָוויטש אַליין אין דער בּאַגליי־טונג פון זיין שווינגער־פּאָטער, און נאָך איינעם אַ יונגנמאַן מיטן נאָמען פייגין, דעם סעקרעטאַר פון „המליץ״...

דער איינדרוק, וואָס די דריי פּעטערבּורגער געסט האָבּן געמאַכט דאַן אויף מיר, נאָכדעם ווי איך בּין אויף זייער איינלאַדונג געקומען זען זיך מיט זיי, איז געווען ניט קיין געניג באַפרידיקנדיקער...

לעאָן ראַבּינאָוויטש אַליין, דאַן אַ מאַן אין די פערציקער, אַ דיקלעכער, פון מיטעלן וואוקס, אַ בּנעימותדיקער, מיט אַ פּילאָ־סאָפישער רויִקייט אין האַלטן זיך און אין ריידן — האָט ניט גע־שטימט מיט מיין פאָרשטעלונג, וואָס איך האָבּ געהאַט וועגן אים יאָרנלאַנג. ער האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר איינעם פון די גרויסע געלערנטע, וואָס האָט שטודירט אַזש אין פּאַריז, און האָט, ווי די לעגענדע איז געגאַנגען, מיט זיין וויסן געמאַכט אַפילו אַ רושם צווישן די געלערנטע בּיי די אומות העולם... ער האָט טאַקע אין „המליץ״ גופא פאַרעפנטלעכט פיל אַרטיקלען פון ריין־וויסנשאַפט־לעכן אינהאַלט, אויסער די אַרטיקלען איבּער ריין־יידישע פראַגן,

אונטער וועלכע ער האָט זיך אונטערגעשריבן „איש יהודי“... געהאַלטן האָט ער זיך זייער פשוט, וואָס דאָס איז מיר דווקא געפעלן, נאָכאַנאַנד געשמייכלט און נאָך יעדער פּאָר פראַזן האָט ער דערציילט אַן אַנעקדאָט, צי סתם אַ וויץ. אַ געלערנטער זאָל זיין גאָר אַ וויצלינג איז מיר אין יענער צייט ניט געפעלן געווען. הגם זיין „יידיש“ איז געווען אַ רייכער, אַ זאַפטיקער און אַ פאָלקסטימלעכער... ער האָט זיך פאַר מיר באַרימט, אַז ער קען גוט יידיש שרייבן. אין די „טאַגעבלעטער פון איש יהודי“, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן נאָך מיט אַ פאָר יאָר פריער, ווי אַ צייטונג, אָבער אָן דעם רעכט צו האָבן מיטאַרבעטער, כדי די רעגירונג זאָל זיך ניט כאַפּן, אַז ער גיט אַרויס אַ צייטונג אויף יידיש — האָט ער טאַקע פיל געשריבן אין יידיש און כמעט די גאַנצע „צייטונג“ אַליין אויסגעפילט... האָט ער שוין פאַר איינוועגס זיך באַרימט, אַז יידיש האָט ער זייער ליב און שוין לאַנג, אַז זיין אידעאַל איז געווען אַרויסצוגעבן אַ ריכטיקע טעגלעכע יידישע צייטונג... ער האָט לאַנג געוואוסט, ווי נייטיק אַזאַ צייטונג איז פאַרן פאָלק, ביז עס איז געקומען שאול גינזבורג און ש. ראַפּאָפּאָרט און האָבן אים פאַרכאַפּט דעם וועג.

און דאָ האָט זיך שוין אַריינגעמישט דער שווער זיינער, אַן אומגעהייער הויכער ייד, אַ געוועזענער „ניקאָלאַיעווסקער סאָלדאַט“, וואָס האָט דערפאַר געמעגט וואוינען אין פּעטערבורג. ער האָט אָבער אויך גערעדט זייער גוט יידיש און גערעדט האָט ער הויך און באַטעכט... ער האָט שוין דייטלעך דערקלערט, אַז „דער טאָג“ וועט זיין אַ סך בעסער ווי „דער פריינד“, און וואָס איז שייך געלט, טרייסלט ער אויס ש. ראַפּאָפּאָרטן און גינזבורגן פון אַרבל...

ריידנדיק וועגן געלט, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער איז געקומען קיין וואַרשע ניט צו באַשטעלן מיטאַרבעטער, נאָר איינצוהאַנדלען סחורה, ווי אַ גרויסער סוחר פאָרט, למשל, אַראָפּ אויף אַ יריד אין ניזשני... וועגן ליטעראַטור האָט ער גערעדט ווי וועגן אַ סחורה...

— אַז איר וועט געבן סחורה, יונגערמאַן, וועט איר קריגן געלט... אין געלט וועט קיין מניעה ניט זיין, נאָר ריכטיקע סחורה...

האָט זיך לעאָן ראַבינאָוויטש אַ ביסל פאַרשעמט פון זיין שווערס דיבורים, איך אַוודאי — צלט פאָלקסטיפ איז מיר דער דאָזיקער ייד דווקא שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער איז געווען אַ פריילעכער, אַ לוסטיקער, און האָט אַליץ געהאַלטן אין איין פרעגן, פאַרוואָס בין איך מאָגער, און מיר פאָרגעשלאָגן עפעס עסן און טרינקען. און באַלד טאַקע האָט ער אָנגעקלונגען און אין זיין צימער, אין האָטעל „פאָלסקי“, אויף דלוגע־גאַס, איז אַריין אַ קעלנער און ער האָט אים געהייסן אַרויפברענגען פון רעסטאָראַן פון דאָס בעסטע און אַ שנאַפס אויך...

פונדעסטוועגן האָט ער זיך מיט געלט ניט אַזוי געוואָרפן. און איך, דעם אמת געזאָגט, ווי נייטיק געלט איז מיר דעמאָלסט ניט געווען, האָב ניט געוואָלט זיך שטאַרק פאַרבינדן מיטן „טאָג“. נאָך איידער „דער טאָג“ איז ערשינען, האָב איך זיך שוין פאַרבענקט נאָכן „פריינד“...

דאָך האָב איך לעאָן ראַבינאָוויטשן איבערגעגעבן צוויי דערציילונגען, פאַר וועלכע איך האָב געקראָגן פופציק רובל און, אָפּזעגענענדיק זיך מיט זיי, האָב איך צוגעזאָגט שיקן זיי רעגלמעסיק מאַטעריאַל...

אָבער אַז אין אַ פאָר וואָכן אַרום, נאָך זייער אַוועקפאָרן, איז אָנגעקומען דער ערשטער נומער „טאָג“, האָב איך גלייך חרטה געהאַט אויפן „מסחר“... אין פאַרגלייך מיטן „טאָג“ איז „דער פריינד“ שוין געווען אַן אויסגעהאַלטענע, פיינע יידישע צייטונג, מיט אַ ריכטונג, מיט אַ שטרעבונג צו עפעס שענערס און העכערס...

האָב איך זיך געטרייסט, אַז איצט איז שוין „דער פריינד“ אויס בן־יחיד און ער וועט שוין ניט זיין אַזאַ יחסן... צוריק אַ דערציילונג וועט ער שוין ניט אָפּשיקן... און דאָס אַליין האָט שוין באַרעכטיקט די עקסיסטענץ פון לעאָן ראַבינאָוויטשעס „טאָג“...

האָב איך שוין דער ערשטער זיך געווענדט צום „פריינד“ מיט אַ בריוו, אַז הגם איך האָב פאַרשפּראָכן זיין אַ מיטאַרבעטער אין „טאָג“, נאָר אַזוי ווי די ערשטע נומערן האָבן אויף מיר געמאַכט ניט דעם געווינטשן איינדרוק, וואָלט איך מיט פאַרגעניגן מיטגעאַרבעט צוריק אין „פריינד“.

איז מיר אָנגעקומען זייער שנעל אַן ענטפער, אַז אדרבא־ואדרבא... „דער פריינד" האָט אַלעמאָל געוואוסט, ווי טייער צו האַלטן מיין מיטאַרבעטערשאַפט און עס וועט ביי זיי זיין אַ גרויס פרייד מיך צוריק צו געווינען. און כּדי צו זיין זיכער מיט מיין מיטאַר־בעטערשאַפט, באַשטימט מען מיר אַ געהאַלט פון פופציק רובל אַ חודש פאַר פיר דערציילונגען.

און איך בין צוריק געוואָרן אַ מיטאַרבעטער אין „פריינד" און פינקטלעך זיי צוגעשיקט יעדע וואָך אַ דערציילונג.

אָבער זעענדיק, אַז „דער טאָג" איז ניט קיין גרויסער קאָנקו־רענט פאַר „דעם פריינד" — „דער פריינד", אויסער וואָס ער איז געווען טאַקע פיל בעסער רעדאַגירט און האָט געהאַט מער באַרימטע שריי־בער אַלס מיטאַרבעטער — האָט ער אויך פאַרמעגט מער נשמה, מער צילבאַוואוסטקייט, — האָט שוין „דער פריינד" ווידער אָנגע־הויבן פראַווען גדלות אין זיין באַציִונג צו די מיטאַרבעטער און צו מיר אויך...

און דאָ זיינען, אין אַ קורצער צייט אַרום, ווידער געקומען קיין וואַרשע לעאָן ראַבינאָוויטש מיט זיין שוער...

דעם שווערס אָפּטימיזם איז שוין אַ ביסעלע געפאַלן. זיי זיי־נען שוין געקומען אין וואַרשע, ווי מען קומט מיט אַ שווערן חולה צו גרויסע דאָקטוירים...

— איך פרעג אייך, פּאַני רייזען, — האָט מיר דער שווער גוט־ברודעריש אָנגענומען פאַר אַ לאַץ — איר זייט דאָך עפּעס אַ קלוגער און געלערנטער יונגערמאַן, ווי אַזוי מאַכט מען אַז „דער טאָג" זאָל גיין אַזוי גוט ווי „דער פריינד"...

האָב איך פאַרשטאַנען, אַז מיטן „טאָג" האַלט עס טאַקע שמאָל.

— מען דאַרף קריגן די ריכטיקע מיטאַרבעטער... האָב איך אַ זאָג געטאָן מער צו טרייסטן די קרובים, ווי צו העלפן דעם חולה....

— מיר האָבן זיי געגנוג... — האָט ער אויסגעזיפצט און אָנ־גערופן מיט אַ טרויעריקן קול אייניקע שוין דאַן באַרימטע נעמען.
עס איז אָבער ניט דאָס... — האָט ער זיך נאָך מער צעזיפצט — מען דאַרף, קענטיק, האָבן מזל... „דער פריינד" האָט מזל...

— וואָס איז שייך מזל — האָב איך זיך קוים אײַנגעהאַלטן ניט צו לאַכן — מען דאַרף געבן אַ גוטע צײַטונג.

— נו, אַדרבא, גיט אונז עפּעס איצטער...

אַוודאי האָב איך זיי פאַרשפּראָכן עפּעס צו געבן, און אויף מאָרגן האָב איך זיי טאַקע געבראַכט אין האָטעל „פּאָלסקי", וואוהין זיי זײַנען אויך דאָס צווייטע מאָל פאַרפאָרן — אַ דערציילונג און צוויי לידער...

דער האָנאָראַר איז שוין געווען ווייניקער און ניט מיט אַזאַ ברייטקייט דערלאַנגט, ווי דאָס ערשטע מאָל...

לעאָן ראַבינאָוויטש האָט די דערציילונג מיטן נאָמען „אַ גאַנצע נאַכט" זייער גערימט פאַרן שווער, איבערגעבנדיק אים בנעימות דעם אינהאַלט.

די לידער האָב איך שוין דורכגעלייענט אַליין פאַר זיי. זײַנען אויך די לידער דעם שווער געפעלן געוואָרן...

— גיט נאָך איינס... האָט ער זיך געבעטן... נאָך איינס... עס קאָסט אײַך דען טייער?...

עס איז מיר אַזוי געפעלן געוואָרן זײַן תמימות, אַז איך האָב אים ניט געקאָנט אָפּזאָגן. גראָד האָב איך בײַ זיך געהאַט נאָך אַ ליד.

— איך האָב נאָך איינס, אָבער איך דאַרף עס נאָך איבער־שרײַבן...

— טאָ שרײַבט עס טאַקע דאָ איבער, — האָט ער מיך גע־בעטן. — אָט האָט איר פּאַפּיר, טינט און פעדער...

אַ ברירה האָב איך געהאַט! איך האָב זיך אַוועקגעזעצט בײַם טיש און איבערגעשריבן דאָס ליד, איבעריקנס אַ קליינס... איבער־שרײַבן האָב איך שוין געקענט פאַר אַ צווייטן אין די אויגן אויך, הגם שטאַרק אײַנגענעם איז דאָס מיר ניט געווען.

ער האָט געקוקט ווי איך האָב געשריבן און באַוואונדערט מײַן האַנטשריפט...

— אַ האַנטשריפט! אותיות ווי פּערל... — האָט ער מיך גע־מוטיקט מיט קאָמפּלימענטן...

דאָס ליד אַליין, וועלכעס איך האָב פֿאַרגעלייענט שוין פֿאַר לעאָן ראַבינאָוויטשן, איז, קענטיק, אים אַליין, דעם שווער, גיט שטאַרק געפֿעלן געוואָרן, עס איז געווען צו טיף פֿאַר אים. אָבער אַז לעאָן ראַבינאָוויטש האָט עס גערימט, האָט ער מסכּים געווען און צוגעגעבן, אַז איך בין אַ געראָטענער יונגערמאַן...

* * *

בלייבנדיק גייסטיק ניט באַפֿרידיקט מיט דער ריכטונג סיי פֿון „פֿריינד“, סיי פֿון „טאָג“, האָב איך ענדלעך פֿאָרגעשלאָגן יעקב לידסקין, אַז ער זאָל אַרויסגעבן אונטער מיין רעדאַקציע אַ גרעסער זאַמלבוך, וואו מען זאָל זיך קענען אויסטענהן מיט די קענער פֿון יידיש, וואָס זיינען מיט דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון דער יידישער פּרעסע נאָך בייזער און טעטיקער געוואָרן, און מיט די ציוניסטן, וואָס האָבן געזוכט אַליץ מער צו באַהערשן דאָס יידישע לעבן, און מיט די אַלע, וואָס רופֿן צוריק... איך האָב אויך געהאַט בדעה צו געבן אין דעם געפּלאַנטן זאַמלבוך מער קריטיק וועגן די נייע ביכער, וואָס זיינען אין דער פּרעסע כּמעט אינגאַנצן פֿאַרשוויגן געוואָרן.

יעקב לידסקי איז געווען גרייט צו דרוקן אַזאַ זאַמלבוך, אָבער האָנאָראַר פֿאַר מיין רעדאַקטירן און פֿאַר שרייבער קען ער ניט צאָלן... ער האָט געמאַכט אַ חשבון, אַז אַזאַ זאַמלבוך וועט העכסטנס זיך פֿאַרקויפֿן צוויי טויזנט עקזעמפּלאַרן, וועט ער פּונקט אַרויסנעמען דעם קרן, וואָס ער וועט אַריינלייגן פֿאַר הוצאות פֿון דרוק... האָנאָראַר פֿאַר שרייבער און פֿאַר דעם רעדאַקטאָר איז שוין ניט מעגלעך... פֿונדעסטוועגן האָט ער מיר ענדלעך געגעבן פֿופֿציק רובל צו צאָלן אָרעמערע שרייבער...

אַוודאי האָב איך געצאָלט... אַשן האָב איך גלייך געגעבן צען רובל, אַז ער זאָל מיר געבן אַ דערציילונג. מיט זיין דערציילונג האָב איך טאַקע אָנגעהויבן דאָס זאַמלבוך „יאָהרבוך פֿראָגרעס“... די דערציילונג האָט געהייסן „דער זעלנער“ און זי האָט פֿאַרמאָגט דעם חן פֿון אַשס דערציילונגען פֿון זיין ערשטן שאַפֿונגס־פּעריאָד...

די דערציילונג האָט מיך נאָך אין מאַנוסקריפּט אַנטציקט.

אין מיינעם אַ זאַמלבוך און נאָך אין אַזאַ זאַמלבוך מיטן נאָמען „„יאָהרבוך פּראָגרעס" האָט אויך פּרץ ניט געטאָרט פעלן... פּרץ איז אָבער דאָסמאָל געווען אײנגעשפּאַרט... ערשטנס, האָט ער ניט קיין פּאַרטיקס, און צווייטנס — אָן געלט גיט ער ניט... זאָג איך אים, אַז עס וועט אים ניט העלפן — ער וועט אַריין אין זאַמלבוך...

און איך בין מגלה סוד, אַז איך האָב „אין קאָפּ" זיינס אַ ליד...

— וועלכעס? — קוקט ער מיך אָן פאַרוואונדערט און שמייכלט שוין...

— „דער פּראָפּעט"...

ער האָט שוין אַליין אינגאַנצן פאַרגעסן פון דעם...

— אַדרבא לאָמיר הערן — איז ער נייגעריק...

און איך הייב אָן דעקלאַמירן:

„איך בין פּראָפּעט — איך קען און זע
דעם מאָרגן ליכטיקער ווי היינט, —
איך טראָג די פאָן פאַר גאָטס אַרמיי —
עס ציטערט אשמדאי דער פיינד!

און גאָטס אַרמיי וואַקסט איבעראַל —
עס רוישט די פאָן, ס'געווער איז ניי;
איך גיי פאָרויס, בין פעלדמאַרשאַל
און פיר דעם קריג מיט אשמדאי.

און אַזוי ווייטער...

פּרץ איז גאָר נשתומם... ער פילט זיך אויך געשמייכלט, וואָס איך קען אויסווייניק זיינס אַ ליד, וואָס איז ניט געווען געדרוקט. ער האָט שוין פאַרגעסן, אַז ער האָט עס מיר געגעבן נאָך פאַרן זאַמלבוך „צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט" און דער צענזאָר, זאַקס, האָט עס ניט געוואָלט דורכלאָזן... „צו שטאַרק"...

— אויב אַזוי קומט עס אייך... — שמייכלט פּרץ — עס האָט דעם דין פון שכחה...

אָבער עפּעס פּראָזע פאַרן זאַמלבוך וויל ער ניט געבן. ער האָט ניט, זאָגט ער.

— וועל איך אַליין נעמען — דראָ איך אים, ווי אַ בן־יחידל...

— וואו וועט איר נעמען? — פרעגט ער שוין פּאַטערלעך.

— איך וועל איבערזעצן איינס פון אַייערע מעשהלעך, וואָס איר האָט געדרוקט אין פרישמאַנס „הדור“ — „די פיר אבנים טובות“...

— המ... מורמלט ער, צעשמייכלט זיך און ענדלעך דערלויבט ער עס מיר צו טאָן, נאָר מיט דעם תנאי, אַז איך זאָל אים ברענגען די איבערזעצונג און ער וועט עס פאַרריכטן אויף זיין שטייגער, וועט עס הייסן ווי געשריבן אין אָריגינאַל אין יידיש, מיט זיין סטיל, וועל איך שוין מאַקע מעגן עס דרוקן אַלס אַן אָריגינעלע זאַך...

איבערגעזעצט און געבראַכט צו אים, האָט ער די ערשטע עטלעכע ציילן געענדערט, באַלד אָבער איז אים איבערדריסיק געוואָרן...

— מנאַ, איך פאַרלאָז מיך שוין אויף אייך... און האָט מיר שוין דערלויבט צו דרוקן עס אַלס אַן אָריגינעלע זאַך און ניט אַלס איבערזעצטע זאַך פון העברעיִש, וואָס דאָס וואָלט אַוודאי ניט געפּאַסט פאַרן „יאָהרבוך פראָגרעס“, וואָס איז געגאַנגען אויף מלחמה מיט די העברעער...

איך האָב אָבער אויך געוואָלט האָבן מענדעלעס אַ זאַך. מענדעלע אָבער, האָב איך געוואוסט, איז אַ גרויסער יקרן — פאַר זיינס אַ זאַך, ווי מען האָט דערציילט, איז זיך ניט אויסצוצאָלן, און די פופציק רובל, וואָס לידסקי האָט מיר געגעבן צו צאָלן האָנאָראַר, האָב איך שוין צעטיילט די אייניקע יונגע און באַדערפטיקע שרייבער. פאַלט מיר איין צו טאָן מיט מענדעלען דאָס זעלבע, וואָס מיט פרצן, איבערזעצן זיין „בימים ההם“, וואָס עס האָט מיך אַנטציקט, ווי אַלץ, וואָס מענדעלע האָט געשריבן — איבערזעצן עס פון העברעיִש פון אַן אָדעסער העברעיִשן זאַמלבוך (און אפשר שוין פון זיין העברעיִשן בוך „כתבים“, וואָס אין דאַן ערשינען אין אָדעס...). אָבער די זאַך איז צו גרויס, איך אַליין האָב ניט קיין צייט און קיין געדולד. יעקב שטיינבערג וועט עס פאַר מיר טאָן.

און נאָך ווי געטאָן, אמת פֿאַר אַ האָנאָראַר, הגם דער האָנאָראַר איז געווען זייער אַ קליינער, עס איז אַ חרפּה צו דערציילן ווי־פֿיל. אויך דאָס ביסעלע האָב איך שוין אַליין געצאָלט פֿון מיין טאַש. לידסקי האָט שוין ניט געגעבן מער. אָבער איך בין געווען צופֿרידן ניט נאָר רעדאַגירן אומזיסט, נאָר אַפֿילו צאָלן שרייבער, אויב איך האָב נאָר געהאַט מיט וואָס, און יעקב שטיינבערג, נאָך דע־מאָלסט אַ יונגער בחורל, הגם, ווי איך האָב שוין געשריבן, גייסטיק אַ רייפֿער, און האָט שוין געשריבן זייער שיינע שירים — ער האָט טאַקע די עטלעכע רובל נייטיק געדאַרפֿט... דער פֿלומרשט בײַזלעכער, אָבער אין דער אמתן גוטער יעקב שטיינבערג, האָט זיך געגנוג אָנגעליטן נויט אין יענע פֿאַר יאָר אין וואַרשע. פֿאַר אַזעלכע שטילע און שטאָלצע גייסטער זיינען קיין מעצענאַטן אַפֿילו ביי די העברעער ניט געווען...

האָב איך שוין, הייסט עס, פֿאַרן זאַמלבוך געהאַט אַזוינע גדולים ווי פּרץ און מענדעלע (אמת, איך האָב שטאַרק מורא געהאַט, אַז מענדעלע זאָל זיך ניט בייזערן פֿאַר אַזאַ הפקרות — מעג די כּוונה זיין ווי גוט — עס איז אָבער אָפּגעגאַנגען גלאַט, כאָטש געהאַט האָב איך יאָ אַ גרוס, אַז מענדעלע איז ברוגז געווען, די איבערזעצונג איז ניט געווען, ווי ער וואָלט געוואָלט...) און פֿון די יינגערע „גדולים" האָב איך געהאַט אַש און נאָמבערג...

האָב איך אָבער געוואָלט אויך די גדולים פֿון אַמעריקע און דאָ איז שוין מיר לידסקי אַליין באַהילפֿיק געווען... ער, וואָס פֿלעגט באַקומען פֿון צייט צו צייט אַמעריקאַנער זשורנאַלן, האָט מיר גע־געבן אַן אויסשניט פֿון אַ זשורנאַל, יהואשעס אַ ליד „פֿאַגאַניני" און פֿון אַ יאָרגאַנג „דער אמת" — ווינטשעווסקיס אַ טייל פֿון דעם „משוגענעם פֿילאָזאָפֿס ווערטערבוך", וואו ער האָט פֿאַרטייטשט ווער־טער דווקא זייער קלוג און גייסטרייך, ווי למשל:

אָנזעצן: רויבן על פּי־דין.

גוט: נאַריש.

דאַמע: אַ ליידיקגייערקע...

דין: פֿון וואָס מען ווערט דיק, ווען מען קריגט גוטן פּסק־געלט.

כּאַל: אַן אָרט וואו ליידיקגייער פֿאַרזוכן דעם טעם פֿון שוויצן.

איך האָב זיך דאָך געקווענקלט צו געבן עס אין אַ מאָדער־נעם זאַמלבוך „יאָהרבוך פראַגרעס“, וואָס האָט געטראָגן דאָס אונ־טערקעפּל: אַ זשורנאַל פאַר ליטעראַטור, וויסנשאַפט און קריטיק... לידסקי אָבער, אַ גוואַלדיקער חסיד פון ווינטשעווסקין, ווי אייגנט־לעך איך בין אויך געווען — האָט עס מתיר געמאַכט:

— מען מוז דעם לעזער געבן עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל אים עפענען די אויגן...

און איך האָב נאָכגעגעבן און ניט נאָר דער „עולם“, אַפילו מיינע קאָלעגן האָבן פון פיל „טייטשווערטער“ פון משוגענעם פּלאָצאָף אָנ־געקוואָלן...

# זיבנאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

ידידיה מרגליות אַלס קריטיקער. — מיין פּאַרדראָס, וואָס ער האָט באַליידיקט ספּעקטאָרן. — ל. שאַפּיראָס אַרטיקלען. — דער רוסיש־יאַפּאַנישער קריג. — די שטימונג אין וואַרשע. — מיינע איבערלעבונגען אַלס רעזערוויסט. — חברטעס. — י. בערשאַדסקי. — יצחק קאַצענעלסאָן און י. ד. בערקאָוויטש. — מיין שוועסטער שרה־בתיה אַלס יונגע מוטער. — אירע גוטע חברטעס. — אַ וואוינונג אויף דערוויל. — פּסחדיקע דערציילונגען. — די נייע וואוינונג. — יעקב דינעזאָנס באַזוך. — די מתּנה פֿאַרן קינד. — די פּוילישע אַלטע ניאַניע.

מיט דעם זאַמלבוך „יאָהרבוך פּראָגרעס", וועלכער איז ערשינען אָנהייב פרילינג 1904, בין איך שוין ניט געווען אַזוי צופרידן, ווי מיט דעם פון מיר רעדאַגירטן ערשטן זאַמלבוך „דאָס צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט". אַוועקגעקוקט פון דעם, וואָס דאָס „יאָהרבוך פּראָגרעס" האָט פאַרמעגט איניקע קאַמפּס־אַרטיקלען און אַפּילו אַ פּאָר גוטע דערציילונגען און לידער, איז אָבער אין אַלגעמיין זיין טאָן ניט געווען גענוג אויסגעהאַלטן. עס האָט געפעלט אין אים דער איינהייטלעכער כאַראַקטער. דערצו איז, צוליב מיין „ליבע" צו אָנפאַנגער, אַריינגעפאַלן אין אים אַ פּאָר זאַכן, שיר נאָך ניט „דרוקפעיקע". אַזוי האָב איך אין „יאָהרבוך פּראָגרעס" אַריינגעגעבן אַ גאַנצן דרוקבויגן קריטיק פון דעם דאַן נאָך זייער יונגן — אַכצניעריקן — ידידיה מרגליות, הגם עס האָט זיך שוין דאַן געמערקט אין זיין שרייבן ליטעראַרישע באַגאַבונג, באַזונדערס פאַר ליטעראַרישער קריטיק. איבערהויפּט האָט מיר ווי געטאָן, וואָס אין איינער פון זיינע קריטיקן האָט ער ניט גענוג קאָרעקט באַהאַנדלט מ. ספּעקטאָרס נאָוועלע „קאַליקעס". מ. ספּעקטאָר האָט טאַקע אויף מיר שטאַרק פאַריבל געהאַט, הגם ברוגז איז ער מיט מיר ניט געוואָרן און אין אַ קורצער צייט אַרום האָט ער עס אַפּילו איי־

גאַנצן פאַרגעסן. מיך האָט עס אָבער אַ לאַנגע צייט געקרענקט און נאָך עד־היום פאַרדריסט עס מיך. איך וועל ניט זאָגן, אַז ידידיה מרגליות איז געווען אין עצם ניט גערעכט; די נאָוועלע „קאַליקעס"— אַלס גאַנצע — איז ספּעקטאָרן ווירקלעך ניט געראָטן. אָבער אַרונטערצורייסן אַזאַ באַרימטן שרייבער, ווי ספּעקטאָרן, האָט ניט געטאָרט אַן אָנפאַנגער און נאָך דערצו אין מיינעם אַ זאַמלבוך אין יענער צייט, ווען מיין כוונה איז בלויז געווען די יידישע ליטעראַטור און אירע שעפער צו דערהויבן. אמת, ידידיה מרגליותעס צווייטע קריטיק וועגן אַשס ערשטער זאַמלונג דערציילונגען „אין אַ שלעכטער צייט" איז שוין געווען פון אַ פּאָזיטיוון כאַראַקטער, ער האָט שלום אַשן זייער שטאַרק געריטמט און האָט אַפילו אַרויסגעוויזן מבינות אויף אַשס טאַלענט בכלל, אָבער די קריטיק אַליין איז געווען צו לאַנג, צעצויגן, און קיין גרויס נחת האָב איך אויך פון איר ניט געהאַט. אַש איז יאָ געווען צופרידן. שוין דאָס אַליין, וואָס מען האָט געגעבן אַזאַ אויספירלעכע קריטיק וועגן אים, איז שוין געווען פאַרן יונגן אַווטאָר אַ נחת־רוח און אַן אָנערקענונג צוזאַמען.

דערפאַר האָב איך זיך געטרייסט מיט ל. שאַפּיראָ, דאַן אויך נאָך אַן אָנפאַנגער. זיין גרעסערער אַרטיקל „צו דער פראַגע וועגן העברעיש און יידיש" איז ניט נאָר געווען געשריבן שאַרף, שניידנדיק און גייסטרייך, נאָר אויך אין אַ זייער שיינעם סטיל. אויך זיין דערציילונג „איציקל מזיק" — די ערשטע דערציילונג זיינע, וואָס איך האָב געדרוקט — האָט מיך שטאַרק צופרידנגעשטעלט, כאָטש, ווי איך האָב שוין באַמערקט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, שאַפּיראָ איז שפּעטער אַוועק פון דער עכט רעאַליסטישער פאָרם צו דער אימפּרעסיאָניסטישער, וועלכע האָט זיך מער צוגעפּאַסט פאַר זיין אייגנאַרטיקן טאַלענט. איך האָב זיך אויך געטרייסט מיט אַן אַרטיקל פון פאַביוס שאַך איבער דינעזאָנס נאָוועלע „יאָסעלע". אמת, די דאָזיקע באַרימט געוואָרענע דערציילונג איז שוין געווען רעצענזירט פון מיר אַליין אין מיין ערשטן זאַמלבוך „דאָס צוואַנציגסטע יאָהרהונדערט"; אָבער פאַביוס שאַך, אַ בערלינער איינוואוינער, וואָס האָט אויך אין דייטשע צייטשריפטן אָנטייל גענומען, האָט אין זיין זייער שיינעם אַרטיקל שוין דרך־אַגב גערעדט מיט גרויס אָנערקענונג

וועגן דער יידישער שפּראַך און איר ליטעראַטור, און אין יענער צייט איז דאָס געווען, ווי מען זאָגט היינט, אַ דערגרייכונג...

ניט זייער שטאַרק אָבער האָט מיך צופרידנגעשטעלט די סאַטירע „אַ קאָנגרעס פון פאַרליבטע פּאָרלעך" פון בעל־מחשבות. עס איז געווען געשריבן האַלב פעליעטאָניסטיש און האַלב בעלעטריסטיש און האָט זיך, מיט דעם אָפּלאַכנדיקן פעליעטאָניסטישן טאָן, ניט צוגעפּאַסט צו דער ריכטונג, וואָס דאָס זאַמלבוך האָט, ווייניקסטנס, אויסן געווען...

אויך מיינע אייגענע „זאַכן", וואָס איך האָב אין דעם זאַמלבוך געגעבן און — אַליין דער רעדאַקטאָר! — פון דער פולער האַנט, האָבן מיך — ביים איבערלעזן זיי שוין געדרוקטערהייט — ניט שטאַרק צופרידנגעשטעלט, מיט דער אויסנאַם פון אַ צוויי לירישע לידער און דער דערציילונג „אין קריג", וואָס אויך דער איינציקער קריטיקער, איינער אַ פּערלמאַן, וועלכער האָט דעם זשורנאַל באַשפּראָכן אין דוד פרישמאַנס אַ ליטעראַריש העפט, האָט זי אויך צום גוטן דערמאָנט, אין דער צייט, וואָס דאָס זאַמלבוך אין אַלגעמיין האָט ער שטאַרק אַרונטערגעריסן, הגם מער צוליב דעם, וואָס ער איז ניט געווען צופרידן מיט ל. שאַפּיראָס דערמאָנטן אַרטיקל וועגן העברעיִש און יידיש, און אויך פאַר א. יצחקים (א. ברעסלער) שאַרפן אַרטיקל קעגן ציוניזם. דווקא האָט דער רעצענזענט, אַ ציוניסט און אַ העברעיִסט, אויסגעקליבן אַרונטערצורייסן אָט די צוויי אַרטיקלען, וואָס צוליב זיי האָב איך אפשר דעם גאַנצן זאַמלבוך אַרויסגעגעבן. דערפאַר האָט מיך זיין פאַראַכטנדיקער טאָן ניט נאָר ניט געאַרט, נאָר אַפילו געפרייט. אויב דו ביסט אַזוי ביין — האָב איך זיך געטרייסט, — איז אַ סימן, אַז עס האָט געטראָפן אין ריכטיקן פּינטל.

אין דער זעלבער צייט האָט אויסגעבראָכן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה. די שטימונג אין וואַרשע איז געוואָרן אַ געדריקטע... הגם די מלחמה איז פאָרגעקומען ערגעץ ווייט, איז שוין אין לופט געהאַנגען די שרעק, וואָס דאָס וואָרט „מלחמה" אַליין — רופט אַרויס... יעדן טאָג האָט מען זיך געריכט, אַז אָט־אָט מאָביליזירט מען די „רעזערוויסטן", צווישן וועלכע איך האָב אויך, אַלס אויסגעדינטער סאָלדאַט, געהאַט דעם „כבוד" צו ציילן זיך. געוויס האָט מיך ניט

געלאָקט צו גיין שלאָגן זיך פֿאַר דער דעמאָלסטיקער צאַריסטישער רוסלאַנד — פֿאַר פּאָרט־אַרטור, קעגן אַ ווייט פֿאָלק, וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געזען... שוין אָפּגעזען דערפֿון, וואָס איך בין בכלל געווען קעגן מלחמה, מיט וועלכן פֿאָלק עס זאָל ניט זיין...

ווי אַלע, וואָס האָבן געהאַסט די רוסישע זעלבסטהערשאַפֿט און האָבן געוואַרט אויף איר פֿאַל, האָב איך אויך ניט געוואָלט, אַז רוסלאַנד זאָל זיגן. פֿונדעסטוועגן, אַז עס זיינען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות פֿון די רוסישע גרויסע מפּלות (די צייטונגען האָבן עס געדאַרפֿט מעלדן זייער פֿאָרזיכטיק און שטאַרק צענזורירט), האָט עס מיך שטאַרק ווי געטאָן. ניט די מפּלות, וואָס רוסלאַנד אין אַבסטראַקט באַקומט, נאָר די אומגעקומענע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געשטאַמט פֿון פֿאָלק און וועלכע איך האָב געזען לעבעדיק פֿאַר מיינע אויגן. די צעפֿוילטע רוסישע זעלבסטהערשאַפֿט באַקומט קלעפּ, דאָס איז טאַקע גוט. דאָס לאַנד וועט באַפֿרייט ווערן, אָבער די אומשולדיקע קרבנות... די איוואַנאָווס און די קאָזלאָווס, און די ראָשטשינס און די ביעלאָאוסאָווס, און אויך די יידישע סאָלדאַטן — די אַלע, מיט וועלכע איך האָב געדינט אין דער אַרמיי, ניט גלויבנדיק דאָן, ווען איך האָב געדינט, אַז דאָס לערנט מען אונז טאַקע, ווי אַזוי צו הרגענען און צו געהרגעט ווערן, און מיינענדיק, אַז עס איז גלאַט אַ קאַפּריז פֿון דער רוסישער רעגירונג צו מוטשען און צו פּייניקן מיט אַלערליי „סמאָטרעס”... — די דאָזיקע אַלע סאָלדאַטן האָב איך געזען אין דער ווייט, ווי זיי פֿאַלן אונטער האָגלס פֿון קוילן...

די פּערספּעקטיווע איז געווען ניט קיין פֿריילעכע... און דווקא איז מיר, אין יענער צייט, ווי מען זאָגט, געקומען צום לעבן... דער ערפֿאָלג פֿון דער צייטונג „פֿריינד” איז געוואַקסן און איר אַדמיניסטראַציע האָט מיך אָנגעהויבן בעסער צו באַהאַנדלען. אין וואַרשע האָב איך זיך איינגעבירגערט, באַקומען פֿריינד און פֿריינדינס. איינע פֿון די פֿריינדינס — אַ ווילנער מיידל, אַ בונדיסטקע, מיט פֿיל חן אין אויסזען און האַלטונג, אין אירע געמאָסטענע רייד, אין איר קלוגן שמייכל, האָט שיר מיין האַרץ ניט געפֿאַנגען. זי איז געווען שטאָלץ, אַריסטאָקראַטיש און אָרעם. האָב איך איר, מיט דעם וויסן פֿון מיין שוועסטער שרה־בתיה, אויסגעבאָרגט געלט צו קויפֿן אַן אָנ=

צוג — אַ זשאַקעט מיט אַ קלייד, און ווייל עס איז געווען מלחמה־צייט, איז די מאָדע געווען, אַז דער זשאַקעט האָט געהאַט אַ סך גאָלדענע קנעפּלעך, וואָס האָבן געפינקלט ווי קליינע אייגעלעך... עס האָט מיך געוואונדערט, וואָס זי, אַזאַ ערנסטע און אַ אַנטי־מיליטאַריסטין, זאָל דווקא קויפן אַן אָנצוג לויט דער מאָדע, וואָס די מלחמה האָט אַרויסגערופן... אָבער דער אָנצוג האָט איר זייער געפּאַסט און זי האָט אין אים אויסגעזען נאָך פרידלעכער, ווי פריער...

און נאָך אַ חברטע איז געווען, שוין דווקא אַן אוקראַינערין, פון ראָמנע, דאַכט זיך, אַ קורסיסטקע. זי איז געווען אַ פריילעכע, אַ קלינגענדיק־לאַכנדיקע, ווייסע ציין ווי מילך און האָר ליכטיקע, לאַנגע. זי האָט זיי אַמאָל אין אַ שפּאַס, שטייענדיק ביים שפּיגל, פונאַנדערגעלאָזט, האָבן זיי אַראָפּגעשטראָמט, ווי קילע כוואַליעס, ביז די קני. זי איז געווען פול מיט לעבן. מיט איר פלעג איך אַמאָל גיין אין קאַפע „בריסטאָל" און בעל־מחשבות איז פון איר געווען גאָר אַנטציקט...

— זעט איר, אָט דאָס מיידל אַיערס געפעלט מיר... און מיר זיינען שוין אַרום פון קאַפע צוזאַמען, שוין מיט שלום אַש, נאָמבערג, א. ל. יאַקובאָוויטשן און אַנדערע פון אונזער פּריילעך־ליטעראַרישן געזינדל...

און עס איז געווען פון זעלבן ראַדיקאַלן קרייז נאָך אַ חברטע — אמת, שוין אַ ווייטע — איינע טאַניע. פון איר האָבן מיר שוין געהאַט צרות אויך. אינמיטן דערינען איז זי זיך מיישב, אַז דאָס לעבן האָט ניט קיין זין. געקומען איז עס פון גרויס מאַנגל, אין וועלכן זי האָט אַ לאַנגע צייט, אַלס קורסיסטקע און רעוואָלוציאָנערקע, געלעבט. קוים מיט צרות איר איינגערעדט, אַז דאָס לעבן איז נאָך אַלעמען יאָ שיין. האָבן שוין דעמאָלסט אָנגעהויבן אירע חברטעס צו היטן זי, צו אַמיזירן זי, און זי איז שוין געוואָרן פריילעכער. זי איז ניט געווען קיין שיינהייט, אָבער אַ סימפּאַטישע, אַ קורץ־געשוירענע, מיט גרויסע, קיילעכדיקע שוואַרצע אויגן, עפּעס מיסטישעס איז אין איר געווען. צום באַדויערן האָב איך אין יאָרן אַרום אין אַ פאַרעפנטלעכטן צעטל פון פּראָוואָקאַטאָרן דערזען איר נאָמען.

זי — טאַניע! איך האָב זיך געטרייסט, אַז עס איז אַן אַנדערע, הגם
לויט אַלע סימנים, איז דאָס געווען זי.

אויך איז געווען אַ שאָד צו פאַרלאָזן וואַרשע צוליב די חברים,
ווי ל. שאַפּירא, משה טייטש און פילע אַנדערע, ניי=אָנגעקומענע. איי=
נער פון זיי י. בערשאַדסקי, וואָס האָט אין יענער צייט אָנגעהויבן
אויך יידיש צו שרייבן און צו דרוקן זיך אין „פריינד“ — האָט מיך
מיט זיין פיינער אינטעליגענץ, מיט זיין געצוימטער האַרציקייט —
ווי באַצויבערט. בערשאַדסקי האָט זיך אין וואַרשע געפילט עטוואָס
פאַראיינזאַמט, הגם בן=אַביגדור איז ניט נאָר זיין פאַרלעגער און פאַר=
ערער געווען, נאָר אויך אַ קוזין. ער האָט זיך אָבער געפילט ווי
פאַרלאָרן אין דער גרויסער וואַרשע, וואוהין ער איז געקומען פון
יעקאַטערינאָסלאַוו. איז אפשר האָט ער אין דער שטיל געליטן דער=
פון, וואָס זיין רום, אַלס אַוטאָר פון די דאַן באַרימטע ראָמאַנען
„נגד הזרם“ און „באין מטרה“, האָט שוין אָנגעהויבן צו טונקלען,
הגם ער איז נאָך געווען גענוג פּאָפּולער ביי די העברעישע לע=
זער. אין די צוויי ראָמאַנען האָט ער זיך אַרויסגעוויזן אַלס גרויסער
באָאָבאַכטער און פּסיכאָלאָג און אַלס פיינער צייכענער פון טיפן בכלל.
עס איז שוין דאַן אָבער אויפגעשטאַנען שאָפּמאַן מיט זיין ראַפי=
נירטן, נייעם סטיל, מיט זיין איבערגעבן די דינסטע עמפינדונגען,
אויך ברענער מיט זיינע סאָציאַלע מאָטיוון, וואָס זיינען געווען ניי
און איינציק אין דער העברעישער ליטעראַטור (ער איז עד=היום דער
איינציקער געבליבן פון דעם מין אין דער העברעישער ליטעראַטור).
אויך מ. י. בערדיטשעווסקי מיט זיין „מעבר לנהר“ און „מחנים“, וואָס
האָבן געגעבן דער העברעישער ליטעראַטור אַ מער מאָדערניסטישן
און איבערהויפּט אימפּרעסיאָניסטישן גלאַנץ. י. בערשאַדסקי, צו פיל
רעאַליסטיש, שיר ניט נאַטוראַליסט, פון זאָלאַס שולע, האָט ניט גע=
קענט, צי ניט געוואָלט מיטשווימען מיטן שטראָם. ניט אומזיסט
איז ער געווען דער מחבר פון „נגד הזרם“... אָבער געפילט האָט
ער שוין, קענטיק, אַז דער באָדן וואַקלט זיך. אַן עמפינדלעכער, אַ
שטאָלצער, האָט ער אין דער שטיל אַוודאי געליטן דערפון און אָט
די שטילע באַהאַלטענע ליידן האָבן זיין שיין, איידעלן פנים נאָך

איידעלער און אינטערעסאַנטער געמאַכט און זיין איידעלן גייסט נאָך פאַרשענערט און פאַרטיפט.

צו מיר איז ער געווען זייער צוגעלאָזט. גערעדט מיט מיר וועגן מיינע דערציילונגען, פון וועלכע ער האָט בדרך כלל שטאַרק גע־האַלטן, אָבער אָנגעוויזן אויף געוויסע פעלערן. דווקא האָט ער ביי מיר געפאָדערט דאָס ניט דערזאָגן, פון וואָס אייגנטלעך ער אַליין איז געווען זייער ווייט... אין אַלגעמיין איז ער אָבער געווען אַ פיינער מבין אויף ליטעראַטור בכלל און אויף דער יידישער בפרט. איך האָב אים איינגעלאַדן איינמאָל צו מיר אין וואוינונג. ער האָט זיך שטאַרק דערפרייט. האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער מוז זיך פילן זייער איינזאַם. מיין שוועסטער שרה־בתיה האָט אים זייער פריינדלעך אויפגענומען. זי האָט אים שוין געלעזן אין יידיש, אין „פריינד", און האָט געפונען גוטע ווערטער צו זאָגן אים פאַר זיינע קורצע יידישע דערציילונגען. ער איז געווען זייער גליקלעך פון מיין שוועס־טערס גוטער מיינונג און ער איז שוין אַ פּאָר מאָל געקומען צו אונז אַפילו ניט געלאַדענערהייט, ווי מיר געדענקט זיך איצט.

אין דער זעלבער צייט איז געקומען מיך באַזוכן אויף מעדאָווע י. ד. בערקאָוויטש. געבראַכט האָט אים דער שטענדיק לוסטיקער, לעבעדיקער, זשוואַווער יצחק קאַצענעלסאָן, וועלכער האָט שוין דע־מאָלסט געשריבן אין ביידע שפּראַכן, אין יידיש און העברעיִש, און האָט ביידע גלייך ליב געהאַט. געוואוינט האָט ער אייגנטלעך אין לאָדז, נאָר ער פלעגט זיך אָפט אַראָפּכאַפּן קיין וואַרשע, צו זען זיך מיט פּרצן און מיט אונז „יונגע", הגם שוין עלטערע פון אים. מיר האָבן אים ליב געהאַט ווי אַ קליין געראָטן ברודערל... פּרץ האָט פון אים גאָר אָנגעקוואָלן. ער האָט געקענט מאַכן „שטיק". ער פלעגט פאָרשטעלן ביי פּרצן אין הויז, ווי אַזוי אַ רייכער חסיד, וואָס האָט אַ טעלעפאָן אין הויז — ס'איז דאַן געווען אַ זעלטנהייט — רעדט מיט אַ צווייטן חסיד. און ער זאָגט אים אָן, אַז זיין ווייב האָט געבוירן אַ יינגל... עס איז געווען אַ וואונדערלעכע, קאָ־מישע סצענע... פּרץ פלעגט האַרציק לאַכן, און יצחק קאַצענעל־סאָן, וואָס עס האָט זיך דאַן געפּאַסט, אַז מען זאָל אים רופן איציקל, אַזוי ליב און קינדש־חנעוודיק איז ער געווען — האָט פאָר־

געשטעלט נאָך אַ קאָמישע סצענע. ער איז געווען אי שעמעוודיק, אי העזהדיק, ווי דער שטייגער פון אַן עילוי...

געקומען צו מיר מיט י. ד. בערקאָוויטשן, זיינען זיי ביי מיר ביידע געווען אַוודאי אָנגעלייגטע געסט. בערקאָוויטש האָט דאַן נאָר-וואָס געוואונען דעם פּרייז אין אַ קאָנקורס אין „הצופה" פאַר זיין דערציילונג „מאָשקעלע חזיר"... דער פּרייז איז געווען אַ גאַנצער הונדערטער. דאָס איז געווען, דאַכט מיר, דאַן דער ערשטער פּרייז, וואָס אַ יידישער, צי העברעישער שרייבער האָט בכלל געוואונען. איז אַוודאי בערקאָוויטש ביי מיר געווען אַ גרויסער און חשובער גאַסט. אַ גליק, וואָס איך האָב אים געקענט אויך פון אייניקע אַנדערע דערציילונגען, וואָס ער האָט שוין דאַן פאַרעפנטלעכט, ווייל „מאָשקעלע חזיר" — צוליבן טיטל אַליין — האָב איך, דאַכט זיך, דווקא ניט געלייענט... איך האָב קיינמאָל ניט ליב געהאַט קיין צו-מגושמדיקע טיפּן... אָבער בערקאָוויטש, סיי אַלס „טאַלאַנט", סיי פּערזענלעך, איז מיר שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער איז דאַן געווען נאָך זייער יונג, קוים צוואַנציק יאָר; געהאַלטן האָט ער זיך איינפאַך, ניט ווי אַ געווינער פון אַ פּרייז, נאָר ווי איינער, וואָס הייבט ערשט אָן. ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט אַליין, וואָס איך האָב געשריבן, געלייענט און האָט דאַן, דאַכט זיך, צוגעגעבן, אַז ער איז טיילווייז פון מיר באַיינפלוסט געוואָרן. איך האָב עס, נאַטירלעך, צוליב איידלקייט, אָפּגעלייקנט, הגם אין זיינע גאָר ערשטע דערציילונגען, וואָס ער האָט געדרוקט אין „הצפה", האָט זיך וואו-ניט-וואו יאָ געהערט מיינער אַ טאָן, און אפשר טאַקע דערפאַר, ווייל ער האָט געשטאַמט פון דער זעלבער געגנט ווי איך (ער אַ נעסוויזשער, אַ זיבן רוסישע מייל פון מיין געבורטשטאָט), אָבער מיט זיינע דערציילונגען „פּיווקעס יום-הדין" און שפּעטערדיקע פילע אַנדערע, וואָס ער האָט שוין געשריבן אין יידיש, איז ער שוין געגאַנגען זיין אייגענעם וועג. אין זיינע שפּעטערע דערציילונגען, אויב ער איז שוין געווען פון עמעצן באַאיינפלוסט, איז דאָס שוין געווען פון שלום-עליכמען.

* * *

ביסלעכווייז האָט זיך וואַרשע באַרויִקט. די מלחמה איז דאָך פאָרגעקומען ווייט, אויך דער שרעק פאַר אַ מאָביליזאַציע אין פוילן איז באַדייטנד קלענער געוואָרן. מ'האָט אויסגערעכנט — און ניט פאַלש אויסגערעכנט — אַז רוסלאַנד וועט מורא האָבן צו רופן די אונטערדריקטע פוילנס זין צו גיין העלפן איר באַזיגן דעם אויסגעטראַכטן שונא — יאַפּאַן. דער שאָטן פון אַ רעוואָלוציע אין רוסלאַנד בכלל און פון אַ בונט אין פוילן בפרט, האָט זיך שוין געטראָגן. די אונטערערדישע טעטיקייט פון פפ"ס, „בונד" און „פראָלעטאַריאַט" איז אָנגעגאַנגען אינטענסיוו און העפטיק... די שטימונג אין וואַרשע איז אין געוויסע קרייזן געוואָרן דווקא געהויבענער...

דאָס לעבן אין וואַרשע האָט באַקומען אַ שנעלערן טעמפּ. דערצו האָבן די גרויסע מפּלות, וואָס די דעמאָלסטיקע רוסישע אַרמיי האָט באַקומען אויפן ים און אויף דער יבשה, אַפילו דעם בירגער, וואָס איז אויך געווען רעוואָלוציאָנער געשטימט קעגן דער אַלטער רוסלאַנד, באַרויִקט. הייסט עס, ביסטו דאָך גאָרניט אַזוי שטאַרק, ווי מיר האָבן געמיינט, איז דאָך פאַר דיר ניטאָ וואָס מורא צו האָבן.

איך פערזענלעך האָב זיך געפילט אין אַ טאָפּלטער שטימונג. אַוודאי בין איך מיטן שכל געווען פאַר אַ רוסישער מפּלה, אָבער דאָס האַרץ האָט דאָך ווי געטאָן אויף די אומגעקומענע. און ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז עס איז געזונקען געוואָרן פון די יאַפּאַנער די גרויסע רוסישע קריגס־שיף „פּעטראָפּאַוולאָווסק", דאַכט זיך מיטן גענעראַל מאַקאַראָוו און מיטן קינסטלער ווערעשטשאַגין צוזאַמען, — בין איך געווען דערשיטערט, הגם עס איז אויסגעקומען פונקט דער ערשטער יאָרצייט נאָך קעשעניעווער פּאָגראָם־קרבנות און פרומע יידן האָבן דערין געזען אַן „אצבע אלקים"... אַנדערע אָבער, און אפשר איך אויך, האָבן דערביי זיך דערמאָנט אין דעם מדרש: מעשה ידי טובעים בים ואתם אומרים שירה...

מיין שוועסטער שרה־בתיה איז געווען וועגן מיין גורל זייער באַזאָרגט, מורא האָבנדיק, אַז אַלס רעזערוויסט וועט מען מיך ענדלעך דאָך רופן גיין אין מלחמה. זי האָט מיך שטאַרק צוגערעדט אַוועקצופאָרן אין אויסלאַנד און טאַקע וואָס גיכער:

— ראַטעווע זיך, ברודערל, — האָט זי מיט איר ליבן הומאָר מיך געטריבן, ניט קוקנדיק, וואָס דוד קאַסעל איז נאָך אַליין ניט געווען מאַטעריעל אײַנגעאָרדנט און דער פּאַרזאָרגער זייערע — און עס איז שוין אַ קינד געווען בײַ זיי — בין אַליין געווען איך. איך האָב עס געטאָן מיט גרויס פריידע, ניט פילנדיק קיין שום לאַסט.

אמת, איך האָב זיך אָנגעשטרענגט צו שרייבן וואָס מער. אַרום פּסח האָב איך געמוזט פאַרלאָזן די וואוינונג פון איין צימער אויף מיאָדאָווע-גאַס. אַ חברטע, ראָזע קאָטאָן, אַ גוטהאַרציק מיידל, אַ קורסיסטקע און אַ רעוואָלוציאָנערקע, — האָט מיין שוועסטער, ביז איך האָב געפונען אַ וואוינונג, איבערגעגעבן איר צימער... געלט איז זייער נייטיק געווען, געדענק איך, האָב איך זיך טאַקע דאָרט אין צימער, דערזעענדיק די לאַגע, גלייך אַוועקגעזעצט בײַם קליינעם טי-שעלע און אָנגעשריבן אַ פּסחדיקע דערציילונג פאַר „פריינד", „די קנעטערינס", ניט קוקנדיק, וואָס מיט צוויי טעג צוריק האָב איך זיי שוין געשיקט אַ פּסחדיקע דערציילונג „דער אורח", וויסנדיק אָבער, אַז „דער פריינד" וועט זיי ביידע דרוקן לכבוד יום-טוב און וועט שיקן געלט, וואָס איך האָב שוין געדאַרפט האָבן צוליב מיין שוועסטער, וועלכע איז מיר אַלס יונגע מוטער נאָך טייערער געוואָרן...

אירע חברטעס, די אַקושערקעס, ווי די דערמאָנטע ראָזע קאָטאָן און די סמאָרגאָנער מיידל אַניוטע קריזשיצקע, וואָס איז געווען די גאַנצע צען טעג, ווען מיין שוועסטער, אַלס „געווינערין", האָט זיך געפונען אין שפּיטאָל, די אומבאַצאָלטע באַרעמהאַרציקע שוועסטער — און די באַדינערינס פון שטאָטישן שפּיטאָל אַליין זיינען געווען זייער אויפמערקזאַם און בכלל זייער הומאַניש באַהאַנדלט — דאָך האָט מיין האַרץ אין מיר געוויינט אויף מיין שוועסטערס הילפלאָזיקייט און מיין געפיל צו איר איז געווען דאַן אַזוי גרויס, אַז איך וואָלט דעמאָלסט צוליב איר אַפילו אַ דראַמע — און אַ גוטע — געקענט אָנשרייבן, אַבי ס'זאָל איר גאָרניט פעלן... איבערהויפּט צו געפינען אַ דירה...

צום גליק איז „דער פריינד" טאַקע געווען פּינקטלעך. דערצו זיינען דאָס געווען פּסחדיקע דערציילונגען. קיין דירעקטע שייכות האָבן זיי צום פּסח ניט געהאַט: אין איינער איז באַהאַנדלט געוואָרן אַ

מוליער, וואָס ווערט אין די ערב־פּסחדיקע וואָכן אַ קאַלכער. אַ גאַנץ יאָר אַ פאַרשמירטער אין ליים און אין קאַלך, איז אַז ער קומט ערב־פּסח פאַרנאַכט אין שול, אַן אַרומגעוואַשענער, אַן איבערגעטאָנענער און זעצט זיך אַוועק הינטער דער בימה, גיבן אים אָפּ די ייִדן שלום־עליכם, ווי אַן אורח. אויך די דערציילונג „די קנעטערין" האָט פאַרמאָגט אַ סאָציאַלן מאָטיוו און האָט מיט פּסח דירעקט ניט געהאַט צו טאָן, ווי דאָס רוב אַלע מיינע געציילטע יום־טובדיקע דערציילונגען.

אָבער „דער פריינד" האָט פאַר זיי געצאָלט, ווי פאַר אמתע פּסחדיקע סחורה, אויב ניט טייערער — איז פּינקטלעכער און מיט גרויס צופרידנהייט...

און איך האָב ענדלעך געדונגען אַ וואוינונג פון דריי צימערן.

דער ליבער יעקב דינעזאָן, וואָס האָט ניט געהאַט קיין טבע צו מאַכן וויזיטן בכלל, האָט דאָך, ווי ער האָט דערהערט, אַז מיין שוועסטער איז אַ מוטער געוואָרן און מיר וואוינען אַלע אויף אָגראָדאָווע גאַס, געקומען צו גיין צו אונז אַ שמייכלענדיקער און אַ גליקלעכער, האָט פאַרבראַכט אַ פּאָר שעה אין ריידן און דערציילן... און דער רעזולטאַט פון זיין וויזיט איז געווען, אַז אין אַ פּאָר טעג אַרום איז אָנגעקומען פון אַ מעבל־געשעפט אַ שיין געפלאָכטן וועגעלע. דאָס האָט דער גוטער דינעזאָן געשיקט אַ מתנה פאַר דעם קינד.

דאָס וועגעלע איז געווען דער רייכסטער אין דעם ניט באַזונדערס רייכן הויף פון אָגראָדאָווע נומער דריי, וואו אונזער נייע דירה האָט זיך געפונען, הגם דער הויף איז געווען אַ גרויסער, אַ ברייטער און אַ ריינער.

ווי עס איז ניט געווען שווער, האָבן מיר דאָך גענומען אַ ביאַניע פאַר דעם קינד. זי איז געווען אַן אַלטע, קליינגעוויקסיקע, צעקנייטשטע פּוילישע פויערטע, וואָס איז מגולגל געוואָרן — פרעג ווי אַזוי — אין דער גרויסער שטאָט. זי איז געווען אַ דערשלאָגענע, אַ נכנעדיקע אַזאַ, הגם צו פיל שאַפן זיך מיט איר האָבן מיר זיך ניט, ניט איך, ניט מיין שוועסטער, ניט אַפילו דוד קאַסעל, דער

יונגער פּאָטער. פאַרקערט. ביי אונז האָט זי געפונען איר היים. איז אַ וואָך מאַטעריעל שלעכט געגאַנגען, האָבן מיר אָבער פאַר איר דער ערשטער אָנגעגרייט די זעמל מיט דער קאַווע אויף פרישטיק...

דאָס קינד פלעגט זי פאַרשלעפערן מיט אַ פּויליש וויגלידעלע, מיט אַ מאָדנעם ניגונדל, אין דער שטיל, אַזוי ווי מיט אַ שפּרוך... עפּעס האָט זי דערמאָנט אין די אַלטע ניאַניעס, וואָס ווערן באַזונגען פון די רוסישע פּאָעטן, איבערהויפּט פון פּושקינען...

---

# אַכטאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

דאָס מלחמה־בלעטל אין וואַרשע. — דוד קאַסעל און משה טייטש אַלס מיטאַרבעטער. — מיין ליד „שלום". — אַלע ווערק פאַר זעכציק רובל. — אברהם קאַטיק אין וואַרשע. — אַדוואָקאַט היגער. — פּרצעס באַנייטע „יודישע ביבליאָטעק". — י. מ. ווייסענבערגס ערשטע דערציילונג. — איך גרייט זיך פאָרן אין אויסלאַנד. — די לעצטע טעג אין וואַרשע. — בענדין. — ווידער ליפּע נאָוואָגרודסקי. — די גרענעץ־אַגענטן. — דער הויכער פּאָליאַק מיין פירער. — דאָס ערשטע דייטשע שטעטל.

ניט קוקנדיק, וואָס די טעגלעכע צייטונג „דער פריינד" און טיילווייז אויך „דער טאָג" האָבן געגעבן גענוג נייס וועגן דער מלחמה מיט יאַפּאַן, און די וואַרשעווער יידן האָבן די דאָזיקע נייס ממש געשלונגען, איז אָבער געווען אַ חסרון, וואָס די צוויי דערמאָנטע יידישע צייטונגען זיינען אַרויסגעגאַנגען אין פּעטערבורג (איצט לענינגראַד), און פלעגן אין וואַרשע ערשט אָנקומען אויפן דריטן טאָג. אמת, אַז אַ קריגס־שיף איז געזונקען געוואָרן, האָט מען שוין געהערט גלייך אויפן ערשטן טאָג, דערוויסנדיק זיך עס פון די וואַרשעווער פּוילישע צייטונגען און אויך פון דער „הצפירה", וואָס איז ערשינען אין וואַרשע, און אַפילו די, וואָס האָבן קיין צייטונגען ניט געלייענט, האָבן דאָס נייס גלייך געהערט פון אַנדערע... אָבער די־יעניקע, וואָס האָבן ניט געקענט לייענען ניט קיין פּויליש און ניט קיין לשון־קודש — און אַזעלכע האָט די וואַרשעווער יידישע באַפעלקערונג פאַרמאָגט אַ גרויסע צאָל — די־יעניקע האָבן געשמאַכט נאָך אַ יידישער צייטונג אין וואַרשע גופא, צו לייענען די מלחמה־נייס נאָך הייסערהייט, ניט אין דריי טעג אַרום — שוין אָפּגעקילטע...

האָט זיך געפונען אַ יידישער דרוקער מיטן נאָמען גאָלדשטיין, וואָס האָט געהאַט זיין דרוקעריי אין איין הויף מיט יעקב לידסקי אויף די נאַלעווקעס. און אָט דער דאָזיקער דרוקער — אַ

זשוואַווער יונגערמאַן, און ניט קיין עם־הארץ אין די שוואַרצע פינ־טעלעך בכלל, דערצו אַ גרויסער נצרך, ווייל פון דער דרוקעריי אַליין האָט ער קיין גרויסע גליקן ניט געמאַכט — האָט זיך געקליגט און האָט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן אַ מין מלחמה־צייטונגל, וואָס זאָל לעשן דעם דאָרשט פון די צענדליגער טויזנטער נייגעריקע יידן.

די צייטונגל איז געווען פון אַ קליינעם, שיר ניט בוך־פאָר־מאַט, און האָט פאַרמאָגט בלויז פיר זייטלעך. קיין שטענדיקן טיטל האָט זי ניט געטראָגן, דאָס וואָלט דאָך שוין געהייסן אַן אמתע צייטונג און אויף אַזאַ צייטונג האָט מען געמוזט האָבן אַ דער־לויבעניש אַזש פון פעטערבורג, און אַזאַ דערלויבעניש וואָלט מען דאַן זיכער ניט באַקומען. פאַר אַ יידישער צייטונג אין פוילן האָט די צאַרישע רעגירונג דעמאָלט שטאַרק מורא געהאַט.

גאָלדשטיינס קליינע צייטונגל האָט ביי יעדן נומער געביטן איר נאָמען, אַזוי אַז ס'האָט געהאַט דעם דין פון אַ העפט, וואָס ערשיינט יעדן טאָג... אויך אויף דעם האָט דער דרוקער גאָלדשטיין געמוזט האָבן אַ דערלויבעניש אַזש פון גראַדאָנאַטשאַלניק, וואָס ער האָט עס מיט גרויסער פּראָטעקציע באַקומען...

די צייטונגל האָט פאַרמאָגט בלויז 2 מיטאַרבעטער און דאָס זיינען געווען דוד קאַסעל און משה טייטש... איבעריקנס האָבן זיי די דאָזיקע גליקלעכע שטעלעס באַקומען דורך מיין פּראָטעקציע... עס איז אַ סברא, אַז ביי דער דאָזיקער צייטונגל האָבן זיי פאַר־דינט ביי אַ פינף רובל אַ וואָך... ס'איז נאָר אַ שאָד געווען, וואָס זי איז ערשינען אינגאַנצן ביי אַ זעקס וואָכן...

ניט נאָר משה טייטש, וואָס איז, אויסער דיכטער און בעלע־טריסט, אויך געווען זייער פעיק פאַר אַלערליי צייטונגס־אַרבעט, צוליב זיין באַזיצן די רוסישע, העברעישע און טיילווייז אויך די פוי־לישע און דייטשע שפּראַכן, אַזוי אַז ער האָט געקענט איבער־זעצן די אַלע נייס פון פאַרשיידענע צייטונגען, — ניט נאָר משה טייטש, אַן אָנפאַנגער, נאָר אַפילו דוד קאַסעל, משה טייטשס נאָענט־סטער חבר דאַן, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן „ערפאָלג“, אַלס צײ־טונגס־מאַן... ער האָט אויך, ווי משה טייטש, געכאַפּט גלייך דעם

שניט, ווי אַזוי צו באַפּוצן און צו פאַרבעלעטריסטעווען געווייסע מלחמה־נייס, ערשטנס, עס זאָל ניט קלינגען ווי נייס אַליין, וואָס דאָס וואָלט שוין געגעבן אַ חשד, אַז עס איז אַן אמתע צייטונג און מען וואָלט עס פאַרמאַכט, און צווייטנס, אויס ליבע צו דער קונסט אַליין...

ער האָט אַפילו געשריבן קליינע פעליעטאָנען אויף מלחמה־מאָטיוון. איך אַליין פלעג אים אַמאָל אַרויסהעלפן, ווי אַ נייעם, אַ ניט־גע־ניטן, הגם אין צייטונגס־אַרבעט בין איך געווען אַליין ניט געניט.

דער דרוקער און פאַרלעגער פון דער דאָזיקער העכסט משונהדיקער צייטונג, וואָס האָט אויסגעזען, ווי אַ שפּילצייג, וואָס קינדער מאַכן אַמאָל, נאָכמאַכנדיק די דערוואַקסענע מענטשן — דער דרוקער און פאַרלעגער האָט אויך פאַרלאַנגט מיין מיטווירקונג און אַפילו אָנגע־באָטן האָנאָראַר. נאַטירלעך, האָב איך זיך אַנטזאָגט. אָבער אום צו באַדאַנקען דעם פאַרלעגער, וואָס ער האָט געגעבן אַ שטעלע דוד קאַסעלן און אויך משה טייטשן, וואָס איז מיר, ווי אַ יונגער חבר, נאָענט געווען, האָב איך פאַר דער צייטונג געגעבן אַ מתנה אַ ליד... דאָס ליד האָט געטראָגן דעם טיטל „שלום!“...

דער דרוקער און אַרויסגעבער פון דער צייטונגל, גאָלדשטיין, איז פון דעם ליד גאָר געווען נתפּעל. ערשטנס — אַ מתנה און צווייטנס, איז טאַקע דאָס ליד אים געפעלן געוואָרן. דאָס ליד איז געגאַנגען אויפן ערשטן אָרט אין נומער... ווי עס וואָלט געווען וויכטיקער ווי די נייס אַליין...

דער דאָזיקער נומער איז ערשינען אַ פרייטאָג נאָכמיטאָג... גיי איך אַזוי אויף די נאַלעווקעס, באַמערק איך, ווי ביים ראָג גענשע און נאַלעווקעס איז אַ גרויסער געדראַנג, יידן מיט לאַנגע קאַפּאָטעס און אין היטעלעך שטופּן זיך, אַרבעטן מיט איילנבויגנס און ווילן צו עמעצן צוקומען... און איבער דעם טומל טראָגט זיך הויך אַ וואָרט:

שלום! שלום! שלום!

דערהערט די אויסרופן: שלום! — מיין איך אויך, אַז עס איז שוין געשלאָסן געוואָרן אַ שלום צווישן רוסלאַנד און יאַפּאַן — הגם עס איז ערשט געווען ביי אַ זעקס וואָכן ווי די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן און עס האָט זיך ניט געגלויבט, אַז אַזוי שנעל זאָל זי זיך ענדיקן — איך שטופּ זיך דורך... ערשט עטלעכע אָרעמע יידן,

וואָס גאָלדשטיין האָט זיי געגעבן צו פאַרשפּרייטן זיין צייטונגל און וואָס האָבן געוואָלט פאַרדינען אויף שבת, האָבן אויסגענוצט דעם טיטל פון מיין ליד און האָבן אים הויך אויסגערופן: שלום! שלום! שלום!

איך בין נשתומם געוואָרן... איך זאָל מיט אַ ליד מאַכן אַזאַ סענסאַציע און נאָך אין יענער צייט — האָב איך ניט דערוואַרט. איך האָב, נאַטירלעך, אַליין געקויפט אַ נומער פאַר פינף קאָפּיקעס און האָב זיך שטיל אַוועקגערוקט פון דעם עולם, ווי מורא האָבנ־דיק, אַז מען זאָל ניט דערזען, אַז איך בין עס דער שולדיקער פון דער פאַלשער ידיעה... אַז איך האָב אָבער פון דער ווייטן באַאָבאַכט די מינעס פון די ייִדן, וואָס האָבן געקויפט די צייטונגל און גייענדיקערהייט געלייענט מיין ליד וועגן „שלום", האָב איך קיין פּראָטעסט אין זייער אויסדרוק פון פּנים ניט באַמערקט... אַדרבא, זיי האָבן דאָס ליד געלייענט זייער פאַרטיפט, מיט גרויס ערנסט, און אָפּלייענענדיק, האָט אַ מאַנכער דאָס בלעטל באַהאַלטן אין קע־שענע, ווי אַ „זאַך", וואָס מען דאַרף שטאַרק אָפּהיטן און ערשט נע־מען זיך צו דעם אויף דאָס ניי אין דער היים...

אַוודאי האָט אויך מיין ליד „שלום" ניט געהאָלפן. ניט קוקנדיק, וואָס עס האָט אין אויפריכטיקע טענער דעם שלום באַזונגען, האָט דער קריג זיך נאָך מער צעפלאַקערט...

מען האָט שוין אָנגעהויבן מורא האָבן אויך פאַר מאָביליזאַציע אין פוילן, ווער רעדט שוין וועגן די רעזערוויסטן, וואָס זיינען ניט געווען געבאָרן אין פוילן, זיי האָבן אַוודאי זיך געשראָקן. איך האָב ענדלעך אָנגעהויבן מאַכן פּלענער, ווי אַזוי אַוועקצופאָרן אין אויס־לאַנד. די ערשטע מניעה איז געווען — געלט... עס האָט זיך צו דער רייזע געפאָדערט אַ גרעסערע סומע און קיין קליינע איז אויך ניט געווען...

עס איז געווען אין אַ נאָכמיטאָג. איך בין אַריין אין קאָ־מיקס קאַפע... די אַלע באַזוכער, דאָס רוב שטענדיקע געסט, וואָס האָבן קיין מורא ניט געהאַט צו ריידן פריי — האָבן אַרומגערעדט די מלחמה... — מען וועט אַפילו אַלטע לייט נעמען — האָט ענד־לעך איינער אַ סטראַשע געטאָן.

אַן אַנדערער האָט אַפילו באַוויזן, אַז ניט... רוסלאַנד וועט זיך ניט דערוועגן רופן דעם „זאַפּאַס“ פון פּוילן...

— זי וועט זיך שעמען פאַר אײַך! — האָט דער מחמיר גע־חוזקט...

דער מחמיר איז שוין געווען אַן עלטערער מענטש און אַ חלוש דערצו. איז ער געווען זיכער, אַז אים וועט מען סײַ ווי ניט רופן... האָט ער קענטיק הנאה געהאַט פון דעם, וואָס ער האָט געשראָקן דעם יינגערן עולם... קיין שלעכטס איז ער ניט אויסן געווען, נאָר אַז מען רעדט, רעדט מען... זאָגט ער זיך סתּם זײַן מיינונג...

דערווײַל האָב איך צווישן די אַמפּערנדיקע געסט באַמערקט אברהם קאָטיקן, דעם זון פון דעם אייגנטימער פון דעם קאַפע — יחזקאל קאָטיק. צי האָט ער זיך שוין דאַן באַזעצט אין וואַרשע, צי איז ער בלויז געקומען פון ביאַליסטאָק צוליב פּאַרלעגערישע פּלע־נער — געדענק איך ניט. אויסריידנדיק מיט אים אייניקע ווערטער, איז מיר גלײַך עפּעס אײַנגעפאַלן.

איך האָב אין קאַפע בײַ אַ טיש פון יונגע קאָלעגן און אַ פּאָר אַנדערע געסט אַ זאָג געטאָן:

— איך וואָלט איצט פאַרקויפט אַלע מײַנע ווערק — אַרום זעכציק דרוקבויגן — פאַר זעכציק רובל...

— גייט שוין, גייט... — האָבן זיך בײַ אברהם קאָטיקן אָנ־געצונדן די אויגן.

— איך פאַרזיכער אײַך...

— איך טאָר עס ניט טאָן.

— איך טו עס מיט פאַרגעניגן... אָן חרטה! — האָב איך פּעסט פאַרזיכערט.

— איך קויף בײַ אײַך! — האָט ער אויסגערופן.

און ער האָט מיר דערציילט, אַז ער האָט אין וואַרשע פאַר־אינטערעסירט אַ פּאָר רײַכע מענטשן פון דער העכערער יידישער אינטעליגענץ, צווישן זיי אַדוואָקאַט היגער.

נאַטירלעך, איז אברהם קאָטיק ניט אויסן געווען מיך צו עקס־פּלואַטירן. דער פאַרלאַג „בילדונג" איז איבערהויפּט ניט געווען זיין פּריוואַט־אייגנטום און ער איז ניט נאָר קיין פּראָפיטן ניט אויסן געווען, נאָר עס האָט נאָך אים אַליין געקאָסט גענוג מי און געלט, הגם ער איז אַליין ניט געווען קיין פאַרמעגלעכער, און געלעבט פון זיינע שטונדן, וואָס ער האָט געגעבן אין ביאַליסטאָק די קינ־דער און טיילמאָל דערוואַקסענע פון די רייכע... אברהם קאָטיק איז פּשוט אויסן געווען צו פאַרשפּרייטן ביכער צווישן פאָלק און איבערהויפּט בילדונג אין יידיש. אין דעם פּרט איז ער ווירקלעך געווען איינער פון די פּיאָנירן אין שענסטן און אידעאַליסטישסטן זין.

און דעריבער, אַז עס איז געקומען צו שרייבן דעם קאָנטראַקט ביי היגערן אין קאַנטאָר, איז קאָטיק אַוודאי קיין גזלן ניט גע־ווען... אויך היגער אַליין — איך געדענק שוין ניט, צי איז ער געווען אַן אַדוואָקאַט, צי אַ דאָקטאָר, — אַ הויכער, פעסטגעבויטער מאַן אין די דרייסיקער, מיט שיינע שוואַרצע אויגן, מיט אַן ענער־גישן בליק — האָט זיך באַצויגן צו מיר מיט גרויס אַכטונג און אַפילו מיט מיטגעפיל... און ער האָט מיר געגעבן אַ גאַנצן הונ־דערטער פאַר דעם רעכט אויף די זעכציק דרוקבויגן — דערציי־לונגען און לידער — וואָס איך האָב ביז יענער צייט — מאַי 1904— אָנגעשריבן...

נאָכן אונטערשרייבן דעם קאָנטראַקט — גענוי, וואָס אין קאָנ־טראַקט איז געשטאַנען — געדענק איך ניט — סיי־ווי־סיי האָט זיך פון דער גאַנצער אונטערנעמונג לסוף גאָרנישט אויסגעלאָזט — האָט מיך באַהערשט אַ געפיל פון חרטה... ווער ווייס ווען איך האָב דאָ פאַרנאַרט... פון דער אַנדערער זייט אָבער האָט מיך געפרייט, וואָס אויף אַרויסצוגעבן מיינע ווערק — אין זעכציק דרוק־בויגן — פיר בענדער — געפינען זיך דאָך שוין בעלנים און נאָך זועלכע — קאָטיק און היגער! דערפון האָב איך געדרונגען, אַז נאָך אַלעמען מוזן דאָך עפּעס מיינע ווערק יאָ ווערט זיין...

אמת, מיך האָט פאַרדראָסן, וואָס יעקב לידסקי, וועלכער איז געווען דער פאַרלעגער פון מיינע פריערדיקע קליינע זאַמלונגען, לי־

דער און דערציילונגען, האָט ניט גערי־זיקירט אַרויסצוגעבן אַלע מיינע ווערק. אין יענער צייט, ווען פּרצעס באַנד שריפטן, נאָכדעם ווי די ערשטע יובּיליי־אויסגאַבּע, וואָס מעצענאַטן האָבּן אַרויסגעגעבּן אין 1901, איז שוין אויספאַרקויפט געוואָרן, האָבּן זיך ניט געפונען קיין בעלנים אַרויסצוגעבּן פון די מאַטריצן אַפילו קיין נייע אויסגאַבּע,— האָט אַפילו יעקב לידסקי, מיט אַ גרויס פאַרשטענדעניש פאַרן ביכער־מאַרק, דאָך ניט ריכטיק אָפּגעשאַצט די גרויסע צאָל לעזער, וואָס יידישע ביכער וואָלט געעקנט האָבּן, און ער איז ביז 1906 אָנ־געגאַנגען מיט זיין פאַרלעגערישער טעטיקייט זייער פאָרזיכטיק... גרויסע קאַפּיטאַלן אַריינלייגן אין אַן אויסגאַבּע האָט ער ניט גע־וואַגט, און אפשר מאַטעריעל נאָך ניט אימשטאַנד געווען.

אַגב־אורחא, אָנשטאָט אַרויסצוגעבן פּרצעס געזאַמלטע ווערק האָט אַ געוויסער האַלבּ־אַסימילירטער קרייז געהאָלפן פּרצן אַרויסצוגעבּן „די יודישע ביבליאָטעק“, אַלס מאָנאַטשריפט, וועלכע האָט זיך גע־דרוקט אין קראָקע צוליב דעם, וואָס אויך אויף אַ מאָנאַטשריפט האָט מען ביי דער רוסישער רעגירונג קיין דערלויבעניש ניט גע־קענט באַקומען... אָבער „די יודישע ביבליאָטעק“ אַלס מאָנאַטשריפט האָט שוין ניט געטראָגן דעם כאַראַקטער פון די ערשטע „ביבליאָטעקן“, וואָס פּרץ האָט אַרויסגעגעבּן אַלס פּעריאָדישע זאַמלביכער. אין דער באַנייטער „יודישער ביבליאָטעק“ האָט שוין געפעלט דאָס פּרציס־טישע... דאָס מאָטאָ פון דעם זשורנאַל איז געווען „בילדונג“. די צייט האָט שוין אָבער געפאָדערט מער ווי בילדונג... און צייט־פראַגן באַלויכטן אין דער באַנייטער „ביבליאָטעק“, האָט שוין פּרץ, קענטיק, ניט געהאַט די מאַכט... דער קאָמיטעט פון אַסימילירטע, צי האַלב־אַסימילירטע יידן, וואָס האָט מאַטעריעל געשטיצט דעם זשור־נאַל, האָבן ניט געטיילט פּרצעס מיינונגען. זיי זיינען נאָר אויסן געווען צו מאַכן די יידישע מאַסן פאַר מענטשן, לויט זייער שניט. אויך דער ליטעראַרישער טייל פון פּרצעס באַנייטער „ביבליאָטעק“ האָט זיך ניט אויסגעצייכנט מיטן גייסט פון דער נייער צייט... קיין אָפּקלאַנג פון דעם קאַמף, וואָס עס איז שוין פאָרגעקומען אויף דער יידישער אַרבעטער־גאַס. לידעלעך האַלב־פילאָסאָפישע, מיסטישע, דערציילונגען אָן אַ סאָציאַלן הינטערגרונד — זיי האָבן אויסגעפילט

דעם ליטעראַרישן טייל פונעם באַנייטן זשורנאַל... זיין ערפאָלג איז טאַקע געווען זייער קליין און דער לעצטער — פערטער נומער — איז אַפילו ניט פאַרשפּרייט געוואָרן, און ווען איך בין שוין געווען אין 1905 אין קראָקע, האָב איך געפונען די העפטן זיך וואַלגערן אין יוסף פישערס דרוקעריי. דאָס לעצטע העפט איז אַפילו ניט אויסגעלייזט געוואָרן פון דרוקעריי... עס איז געווען אַזש אַ באַליידיקונג...

דענקווערדיק איז די באַנייטע „יודישע בבליאָטעק" אַלס מאָנאַטשריפט בלויז מיט דעם, וואָס אין דעם ערשטן העפט איז געווען געדרוקט י. מ. ווייסענבערגס ערשטע דערציילונג מיטן נאָמען „דור הולך ודור בא"... די דאָזיקע דערציילונג, ניט קוקנדיק, וואָס פון אַרבעטער-לעבן, איז מיט איר ליריש-עלעגישן, שיר ניט פּעסימיסטישן טאָן, — אין אַלגעמיין ניט ענלעך צו די ווייטערדיקע ווערק פון ווייסענבערג — דעם דיכטער פון אַ „טאַטע מיט בנים", „די משוגענע אין דאָרף", „די שלעכטע פרוי", דאָס וואַלד-מיידל" אאַז"וו, דאָך האָט זי שוין פאַרמאָגט יענע קינסטלערישע אייגנשאַפטן פון י. מ. ווייסענבערג, וואָס האָבן אים געמאַכט באַרימט אין דער נייער יידישער ליטעראַטור.

י. מ. ווייסענבערג איז שוין אין יענער צייט געווען אין וואַרשע. באַקענט האָב איך זיך מיט אים שוין ניט ביי פּרצן אין הויז, וואוהין איך בין אין יענעם זומער — 1904 — ניט אַזוי אָפט אַריינגעגאַנגען, נאָר אין זאַקסישן גאָרטן, וואו ער איז געזעסן מיט זיין שוין דעמאָלסטיקן „פאַרערער" — נאָמבערגן. נאָמבערג האָט מיר אים פאָרגעשטעלט. ער איז געווען געקליידט ווי אַן אַרבעטער, זיך געהאַלטן פּשוט, אַ ביסל מגושמדיק, אָבער ביי דעם ערשטן געשפּרעך מיט אים, אויסהערנדיק פון אים אייניקע, דאַן אייגנאַרטיקע מיינונגען, וואָס האָבן שוין פאַרמאָגט זייער אייזערנע לאָגיק — האָב איך גלייך פאַרשטאַנען, אַז אָט פון דעם פּראָסטן אַרבעטער, י. מ. ווייסענבערג, וועט די יידישע ליטעראַטור ניט נאָר באַרייכערט ווערן מיט נייע ווערק, נאָר וועט אויך באַקומען אַ נייעם טאָן, אַ העלערע פאַרב, און דער פאָלקס-מענטש וועט דורך אים אַנטדעקט ווערן מיט זיין פולער פּרימיטיווער און שאַפנדיקער קראַפט...

וועגן מיין פֿאָרן קיין אויסלאַנד האָב איך קיין סך ניט גערעדט. בלויז געציילטע האָבן געוואוסט, אַז איך גרייט זיך אַוועקצופֿאָרן. צווישן זיי איז געווען ליפֿע נאָוואָגרודסקי. ער האָט דאָס מיר געדאַרפֿט העלפֿן אַריבערגיין די גרעניץ.

צו גיין אין די קאַנצעלאַריעס זיך עוסקן וועגן אַ גובערנאַטאָרפּאַס איז שוין געווען אַ ריזיקע. דערצו האָב איך די מיליטערישע קאַנצעלאַריעס, וואו איך האָב געדאַרפֿט אָנקומען נאָך אַ דערלויבעניש צו פֿאָרן — פֿיינט געהאַט תכלית שנאה... אַלס רעזערוויסט איז מיר אויסגעקומען צו באַזוכן זיי, ווען איך פֿלעג דאַרפֿן פֿאָרן אַמאָל צו גאַסט קיין מינסק — זיך אויסמעלדן, און בעתן צוריקקומען זיך ווידער מעלדן. שוין דאָס אַליין איז פֿאַר מיר געווען אַן אָפּקומעניש. אַ פּאָר מאָל האָב איך זיך טאַקע ביים אָפּפֿאָרן ניט אויסגעמאָלדן אָדער ביים קומען צוריק — ניט איינגעמאָלדן. פֿלעג איך שוין באַקומען אַ „פּאָוויעסטקע", און ווע‍לכער מען פֿלעגט מיך רופֿן צום געריכט. פֿלעג איך באַצאָלן שטראָף דריי רובל, און אַ פּאָר מאָל בין איך טאַקע פֿאַרמשפּט געוואָרן צו צוויי טעג אַרעסט... עס איז כלומרשט געווען אַ לייכטער אַרעסט, ביי דער פּאָליציי, אָבער יענע צוויי טעג וועל איך קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן. ניט אַזוי דאָס „זיצן", ווי די מיטזיצער, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפֿונען פֿאַרברעכער פֿון דעם נידעריקסטן עלעמענט פֿון דער וואַרשעווער אונטערוועלט... דאָרטן גופֿא, אין אַרעסט־הויז, האָבן די דאָזיקע פֿאַרמשפּטע ערשט אָפּגעטאָן מעשים, פֿאַר וועלכע זיי האָבן ערשט געדאַרפֿט ווידער געמשפּט ווערן... נאָר די וועכטער אַליין האָבן פֿאַר זיי מורא געהאַט... די דאָזיקע אַרעסטאַנטן, וואָס פֿלעגן דאָס רוב זיצן צו עטלעכע טעג אָדער העכסטנס צו פּאָר וואָכן, האָבן זייערע פֿאַרברעכערישע נייגונגען ערשט אַרויסגעוויזן אין אַרעסט־הויז גופֿא אויף אַזעלכע אַרעסטירטע ווי איך און מיין גלייכן. קודם האָט איינער פֿון זיי, לויט דעם באַפֿעל פֿון זייער רבין, וואָס איז אויך „געזעסן", אָבער אין תפֿיסה געפֿירט זיין מלוכה — אַרומגעזוכט אין מיינע אַלע קעשענעס, צי האָב איך געלט... ניט געפֿונען קיין געלט, וואָס איך האָב, לויטן געזעץ, געמוזט איבערלאָזן גלייך ביים אַריין אין דער

קאַנצעלאַריע, האָבן זיי נאָכגעפרעגט, וויפיל האָב איך דאָרט איבער־געלאָזן:

— דריי רובל! — האָב איך זיך מודה געווען.

האָט איינער פון זייערע, אַ „גראַמאָטנער", שווייגנדיק גענומען אַ בלייפעדער, וואָס ער האָט ביי מיר טאַקע פריער צוגענומען, און געווענדט זיך באַפעלעריש:

— שרייב:

און ער האָט דיקטירט:

— טרי פונטאַ סאַכאַרו...

איך האָב געשריבן.

— פונט סיראַ.

איך האָב געשריבן...

טרי בולקי, טשעטווערט טשאַיו...

מיט איין וואָרט אַ רשימה פון שפּייז, וואָס כלומרשט איך, דער אַרעסטירטער, בעט ברענגען פון שפּייז־געוועלב, פאַר דעם געלט, וואָס איך האָב איבערגעלאָזט אין קאַנצעלאַריע... פאַר מיין אייגענעם געברויך, הייסט עס...

נאָכדעם, אַז דער וועכטער, ווען זיי האָבן איבערגעגעבן דאָס צעטעלע, האָט אין אַ האַלב שעה אַרום אַרויסגעטראָגן די אַלע אויסגערעכנטע „זאַכן", האָבן זיי זיך געזעצט פּראַווען די „סעודה", וואָס איך וואָלט זיי אייגנטלעך פאַרגונען פון גאַנצן האַרצן, — אַדרבא, עסט געזונטערהייט, זאָל אייך וואויל באַקומען... נאָר די רויבערישע אינסטינקטן, וואָס זיי האָבן בכלל באַוויזן, האָבן מיך דערצאָרנט, געלאָשן מיין ליבע און גלויבן אין מענטש, דאָך האָב איך זיי פאַרטיידיקט, אַז ניט זיי זיינען שולדיק, נאָר די אָרדענונג, די דערציִונג... ווער ווייס, וואָס זיי זיינען אין דער היים אין דער קינדהייט אויסגעשטאַנען? ווער ווייס, ווער זיינען זייערע עלטערן, אויב זיי האָבן אַזעלכע. דערצויגן, אויף דער גאַס, אומוויסנדע, אפשר באַליידיקטע אין דער פריסטער קינדהייט און יוגנט, איז זיי פרעמד יעדע מענטש־לעכע באַציִונג און יעדער באַגריף פון מאָראַל בכלל...

וואָלט איך שוין זיי דאַן אינגאַנצן מוחל געווען, אָבער ערשט אין אָוונט, פאַרן שלאָפן גיין — און שלאָפן איז מען געשלאָפן

אַלע אין איין גרויסן צימער — אויף נאַרעס, — האָבן זיי ערשט גענומען וואַרפֿן די האַרטע שטרויענע קישעלעך אויף אונז, די „יאָלדן“, ווי זיי האָבן די ניט פֿון זייער „חדר“ גערופֿן... זיי האָבן זיך געקליגט צו וואַרפֿן אַזוי, אַז עס זאָל טרעפֿן דווקא אין קאָפּ און איינס נאָך דאָס אַנדערע... אַ גליק, וואָס מיין סטראַטעגיק איז געווען ניט צו וואַרפֿן, חלילה, צוריק, ניט צו פּראָטעסטירן, ווייל די, וואָס האָבן פּראָטעסטירט און זיך געבייזערט, האָבן גאָר שלעכט אָפּגעשניטן. נאָכדעם, ווי איך האָב מקבל באַהבה געווען עטלעכע האַרטע קישעלעך אין פּנים און אין קאָפּ און האָב געשוויגן, האָבן זיי ענדלעך, ווי אַ העלד, אָפּגעלאָזט און האָבן זיך גענומען צו אַנדערע קרבנות... סיידן אַז איך האָב זיך אָנגענומען פֿאַר אַן אַנדערן, האָבן זיי ווידער גענומען וואַרפֿן די קישעלעך אויף מיר, שוין אַלס שטראָף...

ניט קוקנדיק אויף אַזאַ שטראָף פֿאַר ניט אויסמעלדן זיך אָדער ניט איינמעלדן זיך — בין איך דאָך אַוועקגעפֿאָרן פֿון וואַרשע, ווידער ניט כּשרערהייט, און מיט דער האָפֿענונג, אַז ביז איך וועל צוריקקומען פֿון אויסלאַנד אין וואַרשע וועלן שוין די אַלע שוועריקייטן און חומרהס אָפּגעשאַפֿט ווערן, האָב איך באַשלאָסן צו פֿאָרן אין אויסלאַנד אָן אַ גובערנאַטאָר־פּאַס.

געזען זיך אַ פּאָר טעג פֿאַרן אָפּפֿאָרן מיט ליפּע נאָוואָגרודסקי, האָט ער מיר געגעבן אויסקונפֿט וועגן דער גרענעץ. צוליב זיין האַנדל מיט „פּראַכט“, פֿלעגט ער אָפֿט זיך געפֿינען אין בענדין, אַ שטעטל לעבן דער דייטשער גרענעץ. אַדאַנק דעם, האָט ער דאָרט געקענט אייניקע „ערלעכערע“ אַגענטן, און מיט די באַקאַנטע אַגענטן פֿלעגט ער אַמאָל העלפֿן איבערפֿעקלען איבער דער גרענעץ אַ דורכגעפֿאַלענעם בונדיסט, צי אַזוי אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט לענגער אין וואַרשע ניט געקענט בלייבן. צוליב דעם טאַקע האָט ער געקענט די גרענעץ־אַגענטן. גראָד האָט ער דעמאָלסט געדאַרפֿט זיין אין בענדין, בין איך שוין געווען זיכער, ווי איך וואָלט געהאַט אַ גובערנאַטאָר־פּאַס....

אָנגעקומען קיין בענדין, האָט מיך שוין, לויט דער באַמיונג פֿון גוטן ליפּען, אין אַ פּאָר שעה אַרום צו דער גרענעץ געפֿירט

אַ הויכער יונגער פּאָליאַק, מיט אַן ענערגישן אויסדרוק אין זיינע קליינע גרויע אויגן. דער טאָג איז געווען אַ וואַרעמער, אַ זוני־קער; פעלדער מיט הויכע זאַנגען האָבן זיך געשפּרייט פון אַלע זייטן. אַ ריינער, בלויער הימל, געשפּרינקלט וואו־ניט־וואו מיט קליינע שפּילעוודיקע וואָלקנדלעך, האָט אויף מיר אַראָפּגעקוקט. אַרום און אַרום האָט געהערשט גרויסע רו. אַפילו דער פירער מיינער, ניט קוקנדיק אויף זיין גרויס פאַראַנטוואָרטלעכקייט און אויף דער סכּנה, וואָס עס שטייט אונז פאָר באַמערקט צו ווערן פון דער וואַך, האָט אויסערלעך אויסגעזען רויק און זיכער... מיר זיינען געגאַנגען און געגאַנגען, שטומערהייט. האָב איך געמיינט, אַז מען טאָר ניט ריידן... אָבער ענדלעך האָב איך זי ניט געקענט באַהערשן:

— יעשטשע דאַליעקאָ?...

— זאַראַז... — האָט ער באַרויקט...

נאָר אָט באַמערק איך, ווי דער פירער אַליין הייבט זיך אָן שרעקן. די זון האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרגיין. איך פיל, אַז דאָ ערגעץ אַרום איז גרענעץ, הגם קיין אונטערשייד אין דער לופט און אין דער אומגעבונג איז ניט געווען צו מערקן...

— אפשר לויפן?? — גיב איך פרעגנדיק אַן עצה...

— דו ווילסט — גוט... — איז ער גלייך מסכּים.

און דאָס, וואָס ער איז גלייך מסכּים מיט מיר — ער, אַ גע־ניטער פירער, וועמען איך טרוי אָן מיין לעבן און מיין פרייהייט, — מאַכט נאָך שווערער מיר אויף דער נשמה... אָבער איך זע, ווי ער לויפט שוין. לויף איך אים נאָך... אַזוי ביי אַ פערטל שעה...

ענדלעך קומען מיר אַרויף אויף אַ נאַקעט פעלד. פון וויטן מערקן זיך שפּיצן פון אַ טורעם...

איך קוק זיך אום... וויל געפינען אַ צייכן, אַז שוין... אָבער דער פירער זאָגט מיר אַליין אָן די שמחה...

— יוזש... שוין, הייסט עס, איבערגעגאַנגען...

פרייד... באַפרייונג... באַנייונג... מיר דאַכט, איך באַקום פליגל...

און די זון — וואו פאַרגאַנגען?... ווען פאַרגאַנגען? — זי ווייזט זיך ווידער אויפן מיטן הימל און באַגריסט אונזער אָנקום...

איך פרעג איבער, ניט גלויבנדיק אין דעם גליק:
— דאָס איז שוין טאַקע דייטשלאַנד?...
— טאַק, פראָשע פאַנאַ... ענטפערט דער פירער מיט שטאָלץ...
און ער רופט פאַר מיר אָן דעם נאָמען פון דעם דייטשן גרע־נעץ־שטעטל.

---

# ניינאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

דער אָנקום קיין ווין. — טירקענשטראַסע נומער 9. — די רעדאַקציע פון „דער וועלט". — דער „אוצר" אין טישקעסטל. — א. קאָראַלניק אַלס יונגער סטודענט און שריפטשטעלער. — דער קבלת־פנים. — די התקרבות. — דער סטודענטן־רעסטאָראַן. — די יונגע פוילישע גרעפין. — פריילין מיצצי. — מיין וואוינונג מיט א. קאָראַלניק.

קיין באַשטימטן פּלאַן האָט מיין רייזע קיין אויסלאַנד ניט געהאַט. איך האָב, לויט דער עצה פון מיין שוועסטער שרה־בתיה, געזאָלט פאָרן אין דער שווייץ. אין וועלכער שטאָט — איז ניט געווען קיין אונטערשייד. ס'איז רעכט געווען בערן, אויך ציריך און אפילו זשענעווע. אין יעדער פון די דאָזיקע שטעט האָב איך געהאַט באַקאַנטע צווישן דער דאָרטיקער יידישער שטודירנדיקער יוגנט...

אָבער אַז איך בין אינדערפרי אָנגעקומען אין ווין און אויף ווינער וואָקזאַל געדאַרפט וואַרטן אַ דריי שעה ביז אַ צוג קיין שווייץ, האָט מיך אַ ציי געטאָן צו גיין דערווייל אָנקוקן די שטאָט, וועגן וועלכער איך האָב אַזוי פיל וואונדערלעכעס געהערט. אַז איך בין אָפּגעגאַנגען אַ פּאָר גאַסן און האָב דערזען די שיינקייט פון שטאָט, האָב איך שוין אַ טראַכט געטאָן צו בלייבן דאָרט אַ פּאָר טעג און טאַקע אָנזען ווין, ווי געהעריק. איך האָב אָבער אין ווין ניט געהאַט קיין שום באַקאַנטע, און אויב יאָ, האָב איך ניט געוואוסט זייערע אַדרעסן. אָבער דאָ האָב איך זיך דערמאָנט אָן דער פריינדלעכער רעצענזיע, וואָס איז געווען געדרוקט נאָך מיט אַ יאָר צוריק אין דער דייטשער „וועלט" וועגן מיין קליינער זאַמלונג „ערצעהלונגען און בילדער", פון א. קאָראַלניק. האָב איך זיך שוין דערמאָנט, אַז דער דאָזיקער א. קאָראַלניק האָט געשריבן אויך פיל אַנדערע אַרטיקלען אין דער דייטשער ציוניסטישער „וועלט" און איך

האָב זיך שוין משער געווען, אַז א. קאָראַלניק וואוינט אַוודאי אין ווין. און ווײַבאַלד ער האָט געשריבן וועגן אַ ביכעלע יידישע דערציילונגען, איז אַ סימן, אַז ער קען יידיש, איז ער דאָך אַן אייגענער מענטש, וועל איך אים אויסזוכן און ער וועט מיר אפשר זיין אַ וועגווייזער אין דער גרויסער וואונדערלעכער שטאָט, וואו איך האָב שוין באַשלאָסן צו בלייבן עטלעכע טעג...

דעם אַדרעס פון דער רעדאַקציע „די וועלט" האָב איך גע־וואוסט: טירקענשטראַסע נומער 9. און איך האָב אָנגעהויבן נאָכ־צופרעגן זיך אויף טירקענשטראַסע נומער 9...

אָבער לויט די ענטפערס, וואָס איך האָב באַקומען פון די פריינדלעכע און געמיטלעכע פאַרבייגייער, דאָס רוב אַרבעטער — עס איז געווען אין פרימאָרגן — לויט די ענטפערס האָב איך פאַר־שטאַנען, אַז דער ציוניזם איז ביי די ווינער אַרבעטער, קענטיק, ניט פּאָפּולער. זעלטן ווער עס האָט פון אַזאַ צייטונג און אַזאַ מין שטראַסע געהערט, און אויב יאָ געהערט — האָט ער ניט געוואוסט, וואו זי געפינט זיך. ביז איינער גאָר אַ פריינדלעכער האָט מיר געזאָגט, אַז די „גאַסע" געפינט זיך ערגעץ אין ניינטן באַצירק און מען מוז אַהין פאָרן מיטן טראַמוויי... ער האָט מיר אָנגעוויזן אויף וועלכן טראַמוויי אַרויפצושטייגן און דער קאָנדוקטאָר, אויסהערנדיק מיך, האָט שוין שמייכלענדיק געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ... ער האָט, הייסט עס, צוגעגעבן, אַז אין ווין געפינט זיך יאָ אַזאַ מין „שטראַסע"... און אין פאַרלויף פון צען מינוט רייזע בין איך שוין געשטאַנען לעבן הויז נומער 9 און אַריינגעקוקט אין טיפן הויף, וואו אינעווייניק האָט זיך געדאַרפט געפינען די רעדאַקציע פון „די וועלט" און אין דער רעדאַקציע מיין אומבאַקאַנטער פריינד א. קאָ־ראַלניק...

עס איז נאָך אָבער געווען צו פרי אַריינצוגיין. דער זייגער אין דעם דערבייאיקן קאַפע־הויז, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון דעם גרויסן שויפענסטער, וועלכן אַ יינגל האָט איבערגעווישט, דער זייגער האָט ערשט געהאַלטן ביי האַלב נאָך אַכט... בין איך טאַקע אַריין אין קאַפע צו טרינקען אַ קאַפע...

אָנשטאָט אַ קאַפע האָט מיר דער הויכער אויסגעפּוצטער קעלנער צוגעטראָגן אַ פּאָר צייטונגען: די „נייע פרייע פּרעסע", „די צייט" און די „פראַנקפורטער צייטונג" — אַלץ געהויבענע צייטונגען. ער האָט מיך, קענטיק, אָנגענומען פאַר איינעם פון די מיטאַרבעטער אין „דער וועלט". נאַטירלעך, האָט מיר שוין ניט געפּאַסט צו באַשטעלן עפּעס עסן אָדער טרינקען, און איך האָב זיך פאַרטיפט אין דער „נייער פרייער פּרעסע"... אַ גליק, וואָס ענדלעך האָט ער מיך שוין געפרעגט, וואָס איך ווינטש אויף פרישטיק. דאָס לייכטסטע איז געווען צו ענטפערן קאַפע אונד בוטער־בראָד... אָבער אויך לויט די דריי אומשולדיקע ווערטער האָט ער דערקענט, אַז איך בין אין ווין ניט געבוירן און אַפילו אין לעמבערג אויך ניט... האָט ער בלויז אַ פריינדלעכן שמייכל געטאָן און גלייך צוגעטראָגן אויף אַ שיין טעצל דאָס באַשטעלטע. איך בין געווען דער איינציקער גאַסט אין קאַפע.

ניט קוקנדיק, וואָס דאָס קאַפע־הויז איז ניט געווען קיין ערשט־קלאַסיקע, אָבער די קאַווע, אויבן מיט דער שוימענדיקער „זאַנע" איז מיר זייער געפעלן געוואָרן. עס האָט מיך, נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט אין צוג — דערמונטערט און איך האָב זיך צערעדט מיטן קעלנער, וועלכער איז טאַקע געווען זייער נייגעריק צו וויסן, ווער איך בין.

אָבער צו־לאַנג פאַרברענגען מיט אים האָב איך ניט געהאַט קיין געדולד. דערצו זיינען אַריין נאָך אַ פּאָר געסט. ניט נאָר ער, נאָר אַפילו איך האָב זיך מיט זיי דערפרייט. צו־אומהיימלעך איז מיר געווען אין דעם לערן גרויסן קאַפע־הויז.

באַצאָלט האָב איך אים נאָך מיט דייטשיש געלט, וואָס איך האָב באַקומען, אויסבייטנדיק מיט דער הילף פון דעם גרעניץ־פירער, דעם פּאָליאַק, אַ טייל פון מיין רוסיש געלט. וויל איך שוין באַמערקן, אַז דער פּאָליאַק, וואָס האָט מיך דורכגעפירט די גרעניץ, האָט מיך, ביים שיידן זיך ביי דעם דייטשן גרעניץ־שטעטל — צי האָט עס ניט מיסלאָוויץ געהייסן? — זייער פריינדלעך באַהאַנדלט, גאָר ניט ווי אַ גרעניץ־פירער, נאָר ווי אַן אייגענער מענטש. ער האָט טאַקע פאַר מיר געקויפט דעם בילעט ביז אָסוועטשין און

געוואַרט, ביז דער צוג איז אַוועק, און ווען איך בין שוין געזעסן אין דייטשן וואַגאָן, האָט ער מיר נאָך צוגעשמייכלט, ווי צו מוטיקן מיך... דערפאַר געדענק איך אים נאָך ביז היינט און לאָמיך האָפן, אַז אין דעם באַפרייטן פוילן האָט ער געפונען אַ בעסערע פּרנסה, ווי פירן איבערן גרענעץ מענטשן, אָדער שמוגלען סחורה... הגם מיר האָט ער אין יענער צייט געטאָן אַ גרויסע טובה מיט זיין פריערדיקער פּרנסה...

מיט מיינע דייטשע מטבעות האָט דער ווינער קעלנער ניט געבראַקירט, און רעשט האָט ער מיר שוין געגעבן עסטרייכיש געלט. ניט זייענדיק נאָך באַהאַוונט אין זיי, האָב איך דעם קעלנער געגעבן אַ טרינקגעלט ביי אַ האַלבער קראָנע. ער האָט מיך דריי מאָל באַדאַנקט: „דאַנקע שיין, דאַנקע זייער, דאַנקע פילמאַלס...“ האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז איך האָב איבערגעטריבן מיטן טרינקגעלט, אָבער קיין חרטה האָב איך ניט געהאַט...

די ווייזער אויפן זייגער פון קאַפע־הויז האָבן שוין געוויזן ניין. האָב איך זיך געלאָזט אויף גאַנס באַראָט אין הויף פון הויז נומער ניין...

די רעדאַקציע פון „דער וועלט“ האָט זיך געפונען טיף אין הויף, די לעצטע געביידע. אינמיטן פון הויף האָט זיך געפונען די ציוניסטישע בּיוראָ, וועלכע איך האָב פאַרביייענדיק באַטראַכט מיט גרויס אינטערעס. און האָב זיך געחידושט אויף איר אויסערלעכן אָרעמען אויסזען... אַרויף אויף די טרעפּ, וואָס האָבן געפירט צו דער רעדאַקציע פון „דער וועלט“, האָב איך געמיינט, אַז איך וועל דאַרפן קלינגען. אָבער די טיר צו דער רעדאַקציע איז געווען אָפן. דער אַריינגאַנג פריי. איך בין אַריין. פאַר מיר האָט זיך געעפנט אַן אומגעהייער גרויסער צימער, אין וועלכן עס זיינען געשטאַנען אינגאַנצן צוויי אַלטע שרייבטישן, איינער פון אַנדערן ווייט — אַ מהלך... ביי איין טישל, וואָס איז געשטאַנען אין דער מיט פון גרויסן ליידיקן צימער, איז געזעסן אַ יונגערמאַן מיט אַ ייִדישלעכן אויסזען.

איך האָב זיך צו אים געווענדט און דווקא אין דייטש:

וואו און ווען קען מען זען א. קאָראַלניקן... און דערביי האָב איך זיך שוין אַליין פאָרגעשטעלט.

פאַר דעם יונגנמאַן איז מיין נאָמען, דאַכט זיך, געווען פרעמד. הייסט עס, זיכער — אַ דייטש-יידישער יונגערמאַן. אָבער א. קאָראַלניק — יאָ, ער אַרבעט דאָ אין דער רעדאַקציע און צען אַ זייגער וועט ער קומען — און אויב איך וויל, קען איך וואַרטן.

און ער האָט מיר, פריינדלעך צושמייכלענדיק, אָנגעוויזן אויף אַ שטול ביים טיש, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון טיר.

אַז איך האָב זיך שוין אַוועקגעזעצט ביים טיש — עס איז געווען אַ גרויסער אַלטער טיש, האָב איך געזוכט מיט עפּעס צו פאַרנעמען די צייט, האָב איך ניט ווילנדיק אַן עפן געטאָן דעם גרויסן טישקעסטל.

פאַר מיר האָט זיך אַנטפּלעקט אַן אוצר: יידישע צייטונגען פון גאָר דער וועלט, איבערהויפּט פון אַמעריקע. צייטונגען, וואָס ניט נאָר איך האָב זיי קיינמאָל ניט געזען, נאָר זייערע טיטלען ניט געהערט. עס איז מיר געוואָרן ליכטיק אין די אויגן... — אַן אמתער אוצר...

איך האָב שוין געוואָלט, אַז א. קאָראַלניק זאָל קומען וואָס שפּעטער, איך זאָל האָבן די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט אָט די אַלע צייטונגען.

איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז דאָ אין דער רעדאַקציע פון „דער וועלט" ווערן די דאָזיקע יידישע צייטונגען ניט איבערגעלייענט... ניטאָ, קענטיק, קיין בעלנים אויף זיי און קיין גרויסע קענער פון יידיש איז דאָ מסתמא אויך ניטאָ. פיל פון די בלעטער זיינען אַפילו ניט געווען פונאַנדערגענומען, און ווי זיי זיינען אָנגעקומען פון דער פּאָסט, צי פון דער שיף, מיט וועלכער זיי האָבן דורכגעמאַכט זייער פאַר-וואָכיקע רייזע, אַזוי זיינען זיי נאָך געלעגן איינגעוויקלט אין די באַנדעראָלן...

האָב איך געוואַגט זיי פונאַנדערצווויקלען. גרויסע צייטונגען: מאַנכע האָבן פאַרמאָגט צו אַכט, מאַנכע צו מער זייטן און איינגעטונקט מיט כל-טוב... זייער אינהאַלט און זייער ריכטונג האָב איך נאָך

ניט געקענט באַנעמען... אויף זייערע ערשטע זייטן האָבן גע־פינקלט די גרויסע קעפּ וועגן אַלערליי אומגליקן און גליקן, וואָס עס האָט פּאַסירט אויף דער וועלט מיט מענטשן בכלל און מיט ייִדן בפרט... און איבערהויפּט אין ניו־יאָרק....

אָבער דער עיקר האָבן מיך אינטערעסירט די אינעווייניקסטע זייטן, די אַרטיקלען, די דערציילונגען און לידער... אָט האָב איך אין איין נומער געפונען אַ ליד פון מאָריס ראָזענפעלד... אָט — אַ דער־ציילונג פון תּשרק און אָט איז גאָר אַן אַרטיקל פון אַ פּראָ־פעסאָר, פּראָפעסאָר געצל זעליקאָוויץ... עס האָט געקלונגען אַזוי אויסטערליש — אַ פּראָפעסאָר אַ ייִדישער שרייבער און דערצו מיטן נאָמען געצל... אַזוינס קען טאַקע פּאַסירן נאָר אין דער פרייער אַמעריקע...

איך האָב זיך איינגעטרונקען אין די אַלערליי צייטונגען, אין זייערע בונטע אָפּטיילונגען און הגם קיין באַגריף פון זייער ווערט האָב איך נאָך ניט באַקומען, צו רעשיק, צו שרייעריש זיינען זיי געווען, אַז איך זאָל קענען באַגרייפן גלייך זייער מהות, אָבער דער פאַקט אַליין, אַז אין אַמעריקע ערשיינען אַזוי פיל ייִדישע צייטונגען און אין אַזאַ גרויסן פאָרמאַט, ניט ווי „דער פריינד" און „דער טאָג" אין פיר פאַרהעלטנישמעסיק קליינע זייטן — דאָס אַליין האָט מיך געפרייט און געגעבן האָפענונג... אמת, וואו־ניט־וואו האָב איך שוין געמערקט, אַז קיין פּראָגרעסיוון כאַראַקטער טראָגן זיי ניט... די טיטלען פון די ראָמאַנען און די אונטערטיטלען זיינען געווען ניט לויט מיין געשמאַק, און אין איין צייטונג האָב איך באַמערקט זיך דרוקן אַ ראָמאַן פון אַ באַרימטן ראָמאַניסט, וואָס האָט זיך נאָך קונה־שם געווען אין רוסלאַנד...

איך האָב אָבער אויך געפונען טאַלאַנטפולע אין אַ פּאָר פע־ליעטאָנען, וואָס איך האָב איבערפלעכלעך איבערגעקוקט... צי איז דאָס געווען פון תּשרק, צי פון זעליקאָוויץ — אָבער פאַר יענער צייט זיינען זיי שוין געווען געשריבן אין אַ שיינעם ייִדיש און האָבן פאַרמאָגט גייסטרייכן וויץ און אַפילו הומאָר...

הגם קיין ייִדישע אַרבעטער־צייטונגען זיינען אין דעם פּאַק צײ־טונגען ניט געווען, האָב איך זיך שוין אין דער רעדאַקציע פון דער

דייטשער „וועלט“ דערפילט היימישער... אַרומגערינגלט מיט אַלערליי יידישע צייטונגען פון אַמעריקע, האָב איך זיך שיר ניט פאַרגעסן, אַז איך געפין זיך אין ווין, געמיינט, אַז איך זיץ ביי זיך אין דער היים און לייען יידיש און אָט באַלד עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין איינער פון מיינע נאָענטסטע...

די טיר האָט זיך טאַקע געעפנט און עס איז אַריין אַ יונ־ גער בלאָנדער בחורל פון אַ יאָר 19—20, אַ וואָרף געטאָן אַ האַלב מילדן, האַלב איראָנישן בליק אויף מיר, נאָכדעם צוגעגאַנגען צום צווייטן טישל, וואו עס איז געזעסן דער שוין דערמאָנטער יונגער־ מאַן און פאַרטיפט עפּעס געשריבן...

יענער יונגערמאַן האָט דעם אַריינקומענדיקן אָנגעוויזן אויף מיר. האָב איך שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ער, א. קאָראַלניק... איך האָב זיך אויפגעשטעלט און זיך געלאָזט גיין אַנטקעגן...

איז דאָס טאַקע א. קאָראַלניק? אַוודאי יאָ... אַזאַ יונגער! אַ וואונדער... אָבער איך האָב עס בלויז געטראַכט, און פאַרקערט, אים האָב איך געגעבן צו מערקן, אַז טאַקע אַזוי דאַרף אויסזען א. קאָראַלניק...

וואָס זאָל איך לייקענען — א. קאָראַלניק איז מיר געפעלן געוואָרן. מיט אַ געוויסער דיסטאַנץ, אָבער ער האָט זיך צו מיר גלייך דערנעענטערט, מיך אויסגעפרעגט וועגן מיינע צילן, נאָכדעם מיר געבעטן וואַרטן אַ ביסל, אָט טאַקע ביי דעם פּאַק צייטונגען, וואָס פריער האָב איך שוין באַוויזן פונאַנדערצונעמען און אָנוואַרפן אויפן טיש אין דער שענסטער אומאָרדענונג...

— פאַר אייך וועלן זיי אפשר זיין אינטערעסאַנט... — האָט ער געערדט צו מיר אין רוסיש (מיט דייטש האָט ער זיך ניט נאָ־ ריש געמאַכט מיט מיר), — און ער האָט איראָניש אַ שמייכל געטאָן...

איבעריקנס האָט ער זיך אָפּגעפאַרטיקט נאָך שנעלער, ווי איך האָב ערוואַרט. ער איז אַרויס פון אַ וויטן צימער, וואו עס איז קענטיק געווען די קדשי־קדשים פון דער ציוניסטישער רעדאַקציע — און מיך גערופן צו גיין מיט אים...

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט ער געהאַט געגוג צייט, הגם ער איז געווען אַ מיטאַרבעטער, ניט נאָר פון „דער וועלט“, נאָר אויך פון דער ווינער טעגלעכער ראַדיקאַלער צייטונג „די צייט“ און אין דער זעלבער צייט אויך געשריבן פאַר רוסישע זשורנאַלן, שוין ניט רעדנדיק, וואָס ער איז נאָך געווען אַ סטודענט דערצו. דאָס האָב איך אַלץ דערפאַרן, גייענדיק מיט אים דורך די רווישיקע ווינער גאַסן פון ניינטן באַצירק... ער האָט זיך ניט באַרימט, פאַרקערט, מיט ביטול צו אַלע די דאָזיקע אַרבעטן, האָט ער אַ פאַרבענקטער נאָך עפּעס גרעסערס, העכערס, געקוקט ערגעץ אין דער ווייט. גערעדט האָט ער לאַנגזאַם און שטיל. און אומעטיקלעך און קלוג צוגעשמייכלט... עפּעס אַ פיינער אומעט האָט געווייעט פון זיינע רייד און פון זיין גאַנצן באַנעמען זיך. יוגנטלעכע רייד, אומצופרידנקייט און אין דער זעלבער צייט — פאַרבאָרגענער שטאָלץ...

איך ווייס ניט — ער מיר, צי איך אים בין נאָענט געוואָרן. — מיר האָבן זיך שוין ניט צעשיידט דעם גאַנצן ערשטן טאָג, ביז שפּעט אין אָוונט, ווען איך בין געגאַנגען שוין שלאָפן אין האָטעל „ראָסיאַ“, וואו אויך ער האָט פאַר מיר באַשטעלט אַ צימער... אויף מאָרגן זיינען מיר געגאַנגען עסן אין דעם רעסטאָראַן, וועלכן עס האָט געהאַלטן אַ יידיש-דייטשע פרוי, אַן אַלמנה, וואו עס האָט געקאָסט אַ קראָן אַ גאַנץ גוטער מיטאָג. אין דעם דאָזיקן האַלב-פריוואַטן רעסטאָראַן האָבן געגעסן בלויז יידישע סטודענטן, ניט רעכענענדיק די סטודענטקע, די יונגע פוילישע גרעפין, מיט דעם געשוירענעם שיינעם קאָפּ און מיט דעם אומעט אין די בלויע אויגן. און פאַרוואָס איז זי אומעטיק געווען? — זי, די פוילישע יונגע גרעפין, איז געווען פאַרליבט אין אַ יידישן סטודענט און דער סטודענט האָט, ווייזט אויס, ליב געהאַט גאָר אַן אַנדערע... איך האָב שטאַרק מיטגעפילט דער דאָזיקער פוילישער גרעפין און באַוואונדערט איר גוטסקייט און איר צוגעלאָזטקייט צום יידישן פאָלק, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין איר קומען אַלע טאָג עסן אַ מיטאָג, אַ האַלב-יידישלעכן און אינגאַנצן אַ כשרן — און פריינדלעך פאַרבראַכט מיט די יידישע סטודענטן און אַ פּאָר יידישע סטודענטקעס.

אָבער אינטערעסאַנטער פון אַלע איז אין רעסטאָראַן געווען די יונגע קעלנערין מיצי... זי האָט באמת פאַרגעשטעלט מיט איר יוגנט, נאַיוויטעט, לוסטיקייט און געמיטלעכקייט — „דאָס זיסע מיידל", מיט וועלכער ווין רימט זיך אַזוי... קיין גרעפין איז זי טאַקע ניט געווען, זי האָט געשטאַמט פון פשוטן פאָלק, נאָר זי איז מיר גע־ווען געפעלן מער ווי די גרעפין. אָבער מיצי האָט שוין אויסגעקליבן איר שאַץ איינעם פון פאָלק... אַלנפאַלס אַזוי האָט זי אַליין זיך באַרימט און זי האָט די סטודענטן בלויז אַמיזירט מיט איר קלינגענ־דיקן געלעכטערל און ליבן שמייכל, וואָס האָט פאַרזיסט און באַ־טעמט די אַלע געריכטן, וואָס זי אַליין האָט אַזוי חנעוודיק, אַזוי גראַציעז דערלאַנגט צום טיש און אַזוי זינגענדיק איבערגעפרעגט יעדן סטודענט, וואָס ער ווינטשט. און דערלאַנגענדיק דאָס לעצטע גע־ריכט — די „מעל־שפּייזע" — האָט זי שוין געלויכטן ווי די זון... אָבער גלייך נאָך דער „מעל־שפּייזע" פלעגט די דאָזיקע זון ביז מאָרגן פאַרשווינדן...

אַוודאי האָט זי געמיינט, אַז אויך איך בין אַ סטודענט — פון ניט קיין סטודענטן האָט זי אין דעם געמיטלעכן רעסטאָראַן ניט געוואוסט — און אויב אַ סטודענט, מעג ער אַפילו דאַרפן נאָך יאָרן לערנען, ביז ער וועט דעם דאָקטאָר־טיטל באַקומען, און מעג ער אַפילו קיינמאָל דעם טיטל ניט באַקומען, — איז ער שוין אַ דאָקטאָר, אַ הער דאָקטאָר, — נו, בין איך אויך געקרוינט געוואָרן פון מיצין מיט דעם טיטל דאָקטאָר.

— הער דאָקטאָר, וואָס ווינטשן זי...

לכתחילה האָב איך איר געפּרוווט אויפווייזן איר פעלער, וואָס זי מאַכט: איך בין ניט קיין דאָקטאָר... אָבער זעענדיק, אַז עס העלפט ניט, האָב איך דעם אומפאַרדינטן טיטל אָנגענומען פאַר ליב...

איבעריקנס, האָב איך זיך פון דעם דאָזיקן טיטל אין ווין זיך ניט געקענט באַפרייען. איך בין שוין געבליבן דאָקטאָר אויך ביי דער דייטשער באַלעבאָסטע, ביי וועלכער איך האָב, שוין שפּעטער־צו, געוואוינט אין איין צימער מיט א. קאָראַלניקן, און אַלע אינ־

דערפֿרי האָט זי אונז צוגעטראָגן נאָך אין בעט די טאַסע קאַװע מיט אַ זעמל....

ס'איז ניט קיין באַלעבאָסטע געװען — נאָר אַ מאַמע... אי־בערהויפּט צו א. קאָראַלניקן, װעלכן זי האָט מיט גרויס אָפּשײ, ניט קוקנדיק אויף זײַן יונגקייט, גערופֿן „הער דאָקטאָר“. אין זײַן זכות האָט זי מיך שוין אויך גערופֿן מיט דעם זעלבן טיטל...

# פערציקסטער קאַפּיטל

די אַנגעשטעלטע און באַאַמטע אין דער ציוניסטישער „וועלט״. — ד״ר הערצלס קראַנקהייט. — די לעגענדן וועגן זיין גוטסקייט. — די פּועלי-ציוניסטן אין ווין. — די בוכהאַנדלונג אין טאַבאָרשטראַסע. — אינזליכט דער רעוואָלוציאָנער. — „דער יודישער אַרבייטער״. — מיין מיטאַרבעטערשאַפט אין „יודישען אַרבייטער״. — די היימישע סביבה. — אינזליכט ווערט אַ פאַרלעגער פון אַ ביבעלע מיינע רעוואָלוציאָנערע לידער. — מיין אומדירעקטע מיטאַרבעטערשאַפט אין „דער וועלט״. — „דער אַלטער מגיד״. — א. קאַראַלניק אַלס איבערזעצער. — ד״ר ווערנער, רעדאַקטאָר פון „דער וועלט״. — אופשימאָני דער אַטלעט. — דער פאַלקאָוויניק אין דער אַדמיניסטראַציע.

אין דער רעדאַקציע „די וועלט" בין איך שוין געוואָרן אַ שטיקל בן-בית. אַן אייגענער מענטש הייסט עס. קיינער פון די אַנגעשטעלטע און פון די באַאַמטע, סיי פון דער רעדאַקציע, סיי פון דער ציוניסטישער ביוראָ, וואָס האָט זיך אין זעלבן הויף געפונען, האָט ניט געוואוסט, אַז איך בין ניט נאָר ניט קיין ציוניסט, נאָר אַ שטאַרקער קעגנער, אַפילו אַ קעמפער קעגן זיי... זייער נאַיִוויטעט האָט מיך צייטנווייז גערירט. אין זייער „אומוויסנהייט" בנוגע דעם יידישן לעבן, האָבן זיי געגלויבט, אַז יעדער יידישער שרייבער איז אַ ציוניסט. בפרט אַז זייער פירער הערצל האָט זיי געלערנט, אַז ניט קיין ציוניסט איז קיין ייד ניט, אָדער עפּעס ענלעכעס האָט ער געזאָגט. קיין וויכּוחים מכּוח ציוניזם האָב איך מיט קיינעם ניט געפירט. ווען כ'בין געקומען קיין ווין, איז דער „גרויסער פירער" שוין געווען שטאַרק קראַנק. דער גאַנג פון זיין קראַנקהייט און אויך די סיבּה איז געווען פאַרוויקלט אין געהיימניס, ווי די קראַנקהייט פון אַ קיניג, אַרום וועמעס קראַנקנבעט עס קומען פאָר אין דער שטיל אַלערליי אינטריגעס... אין דער ציוניסטישער ביוראָ, טירקענ-

שטראַסע נומער 9, האָט זיך געשפּרייט אַן אָנגעשטרענגטער אומעט. די מענטשן האָבן גערעדט שטילער און סודותדיקער... ניט היטנדיק זיך פון מיר, האַלטנדיק מיך פאַר אַן אייגענעם מענטשן, האָבן מאַנכע פון זיי אַפילו מיר מרמז געווען, אָנגעוואונקען די אורזאַכן פון דעם גרויסן פּירערס קראַנקהייט, — אוגאַנדע, די אָפּאָזיציע... און דערביי האָבן זיי דערמאָנט דעם נאָמען פון אַ רוסישן ציוניסטישן טוער... דאָס איידעלע האַרץ פון דעם גרויסן פירער האָט ניט אויסגעהאַלטן די אַטאַקעס פון די קעגנערס, אין דעם ציוניסטישן לאַגער גופא, איבערהויפּט פון דעם „רוסישן" ציוניסט... דעם נאָמען פון דעם רוסישן קעגנער האָט מען דערמאָנט מיט מורא... און הגם איך בין קיין „אוגאַנדיסט" אויך ניט געווען, איז דאָך מיין סימפּאַטיע געווען אויף דער זייט פון ד״ר הערצל... אפשר דערפאַר, ווייל ער איז מיטן אוגאַנדע־פּראָיעקט שטאַרק דורכגעפאַלן ביי די ציוניסטן... געמיינט האָט ער דאָך צו העלפן דעם פאָלק, און אין זיין אויפריכטיקייט האָב איך, שוין זייענדיק אין ווין, ניט געצווייפלט. ער, אַלס מערב־אייראָפּעישער ייד, וועמען דאָס עכטע יידישע לעבן איז לחלוטין פרעמד געווען — האָט געזוכט צו העלפן דעם יידישן פאָלק לויט זיין אייגן־געמאַכטן רעצעפּט. און אויב דער ערשטער רעצעפּט — ארץ־ישראל — האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ניט גאָר געלונגען, האָט ער פאַרשריבן אַ צווייטן רעצעפּט — אוגאַנדע...

אויב זייענדיק אין וואַרשע, האָב איך אין מיין קאַמף קעגן ציוניזם אויך ניט געשוינט ד״ר הערצלען, פאַרוואָס אַ פּאָליטישער ציוניסט פלעגט מיך שיר ניט וועלן דורס זיין, איז מיר אין ווין גופא ד״ר הערצלס נאָמען טייער געוואָרן. די לעגענדן, וואָס האָבן זיך שוין גענומען וועבן וועגן אים — נאָך ביי זיין קראַנקהייט. האָבן זיין טעטיקייט פאַרגרעסערט, פאַרשענערט און ער איז אין זיי אויסגעוואַקסן אַלס איינע פון די גרעסטע יידישע פערזענלעכקייטן. איבערהויפּט האָבן מיך גערירט די לעגענדן וועגן אים אַלס גוטהאַרציקן, וואָס האָט זיך אָפּגערופן אויף די פערזענלעכע נויטן פון זיינע באַזוכער, פּשוטע יידן פון פאָלק, און ער האָט געהאָלפן זיי מיט דער ברייטער האַנט פון זיין אייגענעם געלט, הגם ער איז געווען ניט רייך...

פילע פון די לעגענדן, וואָס האָבן כאַראַקטעריזירט ד״ר הערצ־לען אַלס אַ מענטשן מיט אַ גאָלדן האַרץ, האָבן מיטגעווירקט, אַז איך, אַ געוועזענער קעגנער, זאָל ווערן אויב ניט אַ פאַרערער פון זיינע אידעען, איז כאָטש אַ פריינד פון אים אַליין... זיין געזונט־צושטאַנד, וואָס האָט שוין דאַן, ביי מיין אָנקומען קיין ווין, זיך שטאַרק פאַרערגערט — האָב איך פון טיפן האַרצן באַדויערט. און די באַריכטן, וואָס איך פלעג באַקומען אין הויף פון טירקענשטראַסע נומער 9, וועגן דער פאַרערגערטער לאַגע, האָט שוין געמילדערט מיין קעגנערשאַפט צום ציוניזם בכלל, פון וועלכן ער איז דער שעפער געווען און פאַר וועלכן ער האָט זיין לעבן אַוועקגעגעבן... איך האָב שוין ניט געהאַט קיין מוט צו ציינגן זיך אַלס קעגנער... איך בין געווען דאַן אַ באַאָבאַכטער פון אַלץ, וואָס קומט דאָרט פאָר, אָבער ניט צוליב וועלכע עס איז פּאָליטישע צוועקן...

ניט האָבנדיק קיין אַנדערע סביבה בכלל, און פילנדיק זיך פרעמד אין דער גרויסער שטאָט ווין — האָב איך זיך אפשר אַליין ניט ווילנדיק צוגעטוליעט צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. טאָמער האָב איך זיך פאַרבענקט נאָך אַ יידישער סביבה, פלעג איך זיך לאָזן אויף טאַבאָר־שטראַסע, וואו עס האָט זיך געפונען די יידישע בוכהאַנדלונג, וואָס הגם איר עמבלעם איז געווען דער ציוניסטישער מגן־דוד, האָט זי אָבער געהערט צום פּועלי־ציוניסטישן פירער אינז־ליכט, און אויסער וואָס ער אַליין איז געווען אַ פריינדלעכער, רעוואָ־לוציאָנעריש געשטימטער יונגער בחור, וואָס האָט גאַנץ קונציק צו־זאַמענגעבונדן ציוניזם מיט סאָציאַליזם אַדאַנק די דעמאָלסטיקע פּועלי־ציוניסטישע טעאָרעטיקער, איז זיין בוכהאַנדלונג געווען אַ זאַמל־פּונקט פון אַלע יידיש־ריידנדיקע און יידיש־ליבהאָבער, וואָס זיינען מגולגל געוואָרן אין ווין—ווער פון רוסלאַנד, ווער פון גאַליציע. אינזליכט אַליין, צי אַ געבוירענער אין ווין, צי געקומען אַהין אַלס יינגל, פון גאַליציע, האָט גערעדט אַ שיינעם יידיש און האָט אַפילו גע־שריבן יידישע אַרטיקלען... ער איז געווען דער אַרויסגעבער פון דעם אָרגאַן „דער יודישער אַרבייטער“, וואָס איז דאַן ערשינען כלומרשט אַלע צוויי וואָכן, אָבער די אַבאָנענטן, צי די לעזער בכלל, האָבן געדאַנקט גאָט, ווען ס׳איז ערשינען איינמאָל אין אַ חודש,

צי אַפילו אין זעקס וואָכן... אַוודאי האָט „דער יודישער אַרבייטער" זיך גענייטיקט אין מיטאַרבעטער און, דערוויסנדיק זיך פון מיר, האָט מיך די דאָרטיקע קליינע פועלי־ציוניסטישע גרופּע אַוודאי אויסגענוצט. איבעריקנס האָב איך אַליין געגעבן אַרטיקלען מיטן גוטן ווילן, הגם קיין האָנאָראַר האָט מען ניט געצאָלט. נים רעכענענדיק דאָס „בּיסעלע" ציוניזם, וואָס „דער יודישער אַרבייטער" האָט לפנים וועגן אַנטהאַלטן — איז עס אין יענער צייט געווען באמת אַ רעוואָלוציאָנערע צייטשריפט. מען האָט געקעמפט קעגן דעם בורזשואַזן ציוניזם, קעגן קאַפּיטאַל בכלל און קעגן יידישע קאַפּיטאַליסטן בפרט... האָב איך שוין אין דער יידישער בוכהאַנדלונג אויף דער טאַבאָר־שטראַסע, וואָס איז אויך געווען די רעדאַקציע פון „יודישען אַרבייטער" — זיך פּשוט געפילט ווי אַ פיש אין וואַסער. עס איז נאָר געווען אַ שאָד, וואָס אַ לענגערע צייט, ניט קענענדיק זיך אָריענטירן אין די ווינער גאַסן, האָב איך ניט געקענט אַליין טרעפן אַהין און האָב פאַרדולט די קעפּ פון אַ סך אומשולדיקע דייטשן, און אפשר אויך יידן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי דייטשן, פרעגנדיק, ווי אַזוי קומט מען צו טאַבאָר־שטראַסע...

דער וועג צו טאַבאָר־שטראַסע איז דווקא געווען זייער אַ שיינער. מען האָט געדאַרפט דורכגיין דעם שיינעם ברייטן בריק, וואָס איז געהאַנגען איבערן זינגענדיקן דונאַי... דערצו „דער פראַניץ־יאָזעפס־קאַי", איינער פון די שענסטע פלעצער אין ווין, וועלכן איך פלעג מוזן דורכגיין — האָט מיך באַצויבערט און דערהויבן מיט זיין שיינקייט, ברייטקייט און מאַיעסטעטישקייט... און אויב איך פלעג אַפילו אַ ביסל בלאָנדזשען, ביז איך האָב דערגרייכט די טאַבאָר־שטראַסע, איז אָבער כדאַי געווען צו בלאָנדזשען... בפרט אַז צייט האָב איך אין ווין געהאַט גענוג.

אין אינזליכטס בוכהאַנדלונג, און, אַז מען וויל, האָט מען עס אויך געקענט רופן פאַרלאַג, ווייל אינזליכט האָט אויסער זיין אַרויסגעבן „דעם יודישען אַרבייטער" און אַנדערע פועלי־ציוניסטישע פלוגבלעטלעך, אויך זיך פאַרמאָסטן אַרויסצוגעבן אַ זאַמלונג פון מיינע לידער און דווקא די מער רעוואָלוציאָנערע, וואָס האָבן אין רוסלאַנד דאַן, צוליב דער שטרענגער צענזור, ניט געקענט ערשיינען. — אין

אינזליכטס בוכהאַנדלונג האָב איך שוין געקענט פריי אַרויסזאָגן זיך קעגן ציוניזם. סיי אינזליכט סיי זיינע פריינד און געסט האָבן שוין געוואוסט, אַז איך געהער צו אַן אַנדער לאַגער, אמת, ניט אַזוי פיל, ווי עס איז געווען אין דער ווירקלעכקייט. און אויב אַפילו יאָ, האָבן זיי מיר פאַרגעבן. דערפאַר האָב איך זיי אַרויסגעהאָלפן מיט ליטעראַרישע נאָטיצן, אין וואָס „דער יודישער אַרבייטער" האָט זיך זייער שטאַרק גענייטיקט. איך האָב זיי אַפילו געגעבן אַן אַרטיקעלע וועגן מאָרים ראָזענפעלד. מיט איין וואָרט — איך בין שיר ניט געוואָרן פאַררעכנט פאַר אַ מיטגליד פון דער רעדאַקציע פון דער פּועלי=ציוניסטישער צייטשריפט, וועלכע, ווי געזאָגט, איז געווען שטאַרק רעוואָלוציאָנעריש רעדאַקטירט. הלוואַי אויף אונזערע היינטיקע פּועלי=ציוניסטן געזאָגט געוואָרן — כאָטש אַ דריטחלק....

ווער רעדט אין דער באַציִונג צו יידיש איז דער דעמאָלסטיקער פּועלי=ציוניסטישער „יודישער אַרבייטער" געווען קאָנסעקווענט. אמת, אויך די אַלגעמיינע ציוניסטן אין ווין, די פירער פון דער ציוניסטישער „וועלט" זיינען נאָך דעמאָלסט ניט געווען קיין קענער פון יידיש און צו דער יידישער שפּראַך האָט זיך „די וועלט" באַצויגן מיט גרויס רעספּעקט, כמעט גלייך ווי צו העברעִיש.

קיין גרויסע לומדים סיי אין יידיש, סיי אין העברעִיש זיינען צווישן די ווינער פירער, און אַפילו צווישן די מיטאַרבעטער פון „דער וועלט" טאַקע ניט געווען. מיט דער אויסנאַמע פון א. קאָראַלניק זיינען אַלע מיטאַרבעטער געווען ווייט פון ביידע יידישע שפּראַכן און ליטעראַטורן. דער רעדאַקטאָר פון „דער וועלט", ד"ר זערנער, איז געווען אַן עם=הארץ גמור. מיט זיין אומוויסנקייט אין יידישקייט האָט ער געהאַט אַ נאָמען אַפילו צווישן די ווינער ציוניסטן, וואָס זיינען אויך ניט געווען קיין לומדים. איך האָב דעמאָלסט ניט געקענט באַגרייפן, ווי אַזוי אַזאַ מין „ייד", אַפילו אַ מערב=אייראָפּעישער, קען זיין דער רעדאַקטאָר פון „דער וועלט". אַ גליק, וואָס א. קאָראַלניק איז געווען איינער פון די נאָענטסטע מיטאַרבעטער פון „דער וועלט", שיר ניט דער רעדאַקטאָר, כאָטש אָן דעם רעדאַקטאָר=טיטל — און אפשר האָט ער דעם טיטל פון רעדאַקטאָר פון אַ געוויסער אָפּטיילונג אין „דער וועלט" יאָ געהאַט. סיי=ווי=

סיי — א. קאָראַלניק איז געווען דער „געלערנטער ייד“ פון „דער וועלט“. אויסער אים געדענק איך ניט קיין איינעם פון די מיט=גלידער פון דער רעדאַקציע, וואָס זאָל האָבן אַ ידיעה אין יידישקייט. איינעם פון די מיטאַרבעטער געדענק איך אַזוי ווי איצט אַפילו מיט זיין נאָמען — אופשימני האָט ער געהייסן. אַז איך האָב אים דער=זען דאָס ערשטע מאָל, האָב איך ניט געקענט גלויבן, אַז ער איז אַ שרייבער בכלל, ניט נאָר אַ ייד... אַ הויכער, אַ ברייטבייניקער, האָט ער אויסגעזען ווי אַן אַטלעט... ער איז אָבער יאָ גע=ווען אַ שרייבער, אַ ייד און אַ ציוניסט דערצו. אַ מיטאַרבעטער איז ער געווען ניט נאָר אין „דער וועלט“, נאָר אויך אין דער „אַל=געמיינער ווינער אילוסטרירטער צייטונג“, וואָס איז געווען איינע פון די פאַרשפרייטסטע צייטונגען אין ווין און איז געווען באַשטימט פאַר די אָפּגעשטאַנענסטע מאַסן פון דער ווינער באַפעלקערונג... איר צירקולאַציע האָט זיך געציילט ביז אַ מיליאָן... וואָס דער דאָ=זיקער אופשימני האָט געשריבן אין „דער וועלט“, ווייס איך עד=היום ניט... איך ווייס נאָר, אַז ער פלעגט קומען אַלע טאָג אין רעדאַקציע און אַז ער פלעגט אַריינקומען פלעגט ער אין דער פאַר=גליווערטער רעדאַקציאָנס=אַטמאָספערע אַריינברענגען פיל לעבן און פריילעכקייט מיט זיין פערזענלעכקייט אַליין... אַ פיזיש שטאַרקער, אַ צופרידענער, איז ער שטענדיק געווען אין גוטן הומאָר, שטענ=דיק געשמייכלט, געטריבן שפּאַס מיט די פיזיש=שוואַכערע מיטאַר=בעטער. צו זיינעם אַ האַנט=דרוק, וואָס ער פלעגט געבן ביים אַריינ=קומען, צי ביים אַוועקגיין, האָט מען געדאַרפט זיין אַליין אַ גיבור, צו פאַרטראָגן דאָס... אמת, מיר פלעגט ער געבן די האַנט מיט רחמים. ער האָט מיך פאַרזיכערט, אַז ער האָט געלעזן מיינע זאַכן אין דער דייטשער איבערזעצונג און זיך צו מיר באַצויגן זייער פריינד=לעך. איך האָב דעם דאָזיקן אופשימני דווקא זייער גערן געהאַט. ער איז מיר געפעלן געווען מיט זיין פרייער האַלטונג, מיט זיין ניט אָנ=געצווינגנקייט... עס האָט מיר בלויז געוואונדערט, וואָס ער, אַזאַ ריז, האָט אויסגעוויילט אַזאַ איידעלע פּראָפעסיע, ווי ליטעראַטור... איך האָב וועגן דעם געפרעגט קאָראַלניקן, האָט ער געענטפערט מיט אַ שמייכל, אַז אים אַליין וואונדערט עס אויך...

הגם ד״ר ווערנער, דער רעדאַקטאָר פון „דער וועלט" (דער שעף-רעדאַקטאָר פון „דער וועלט" איז פאַר דעם געווען ד״ר הערצל) איז ניט געווען באַהאַוונט אין דער יידישער ליטעראַטור, האָט ער אָבער אַדאַנק א. קאָראַלניקס פאָרשטעלן מיך — יעדעס מאָל, ווען ער האָט מיך געטראָפן אין רעדאַקציע, פריינדלעך באַגריסט. ער איז בכלל געווען אַ מענטש אַ פריינדלעכער, אַ גוטמוטיקער... האָט ער מיר איינמאָל אַפילו פאָרגעשלאָגן, איך זאָל געבן אַ דערציילונג פאַר „דער וועלט".

איך האָב גראָד דעמאָלסט אָנגעשריבן — טאַקע אין דעם זעלבן צימער, אין וועלכן איך האָב נאָך אַליין געוואוינט מיט א. קאָראַלניקן — מיין דערציילונג „דער אַלטער מגיד". דער מאָטיוו האָט זיך גראָד געפּאַסט פאַר „דער וועלט". אָבער דווקא ווייל עס האָט זיך געפּאַסט, האָב איך זיך געוואַקלט צו געבן עס, מען זאָל מיך, חלילה, ניט חושד זיין, אַז איך בין אין ווין נכשל געוואָרן... דער סוד זשעט איז מיר נאָך איינגעפאַלן מיט אַ יאָר צוריק, ווען איך בין דווקא געווען געשטימט קעגן ציוניזם. אין דערציילונגען אָבער האָב איך קיינמאָל ניט מקפּיד געווען... דער העלד פון דער דערציילונג איז געווען אַן אַלטער מגיד, וואָס האָט אין פאַרלויף פון זיין לעבן פאַרמאָגט בלויז זעקס דרשות און מיט די זעקס דרשות פלעגט ער אַרומפאָרן אָדער אַרומגיין צופוס — איבער יידישע שטעטלעך, און אין פאַרלויף פון אַ וואָך פלעגט ער זיי אַלע אָפּזאָגן, און נאָכדעם די זעלבע דרשות איבערזאָגן אין אַ צווייטן שטעטל. אויף צו מסדר זיין אַ נייע דרשה, האָט שוין זיין פאַנטאַזיע ניט געטראָגן. און ער וואָלט מיט זיינע זעקס דרשות שוין אויסגעלעבט זיינע יאָרן, איז אָבער געקומען דער ציוניזם מיט די נייע מטיפים און עס האָט זיך געפּאָדערט אַ נייע דרשה פאַרן עולם...

און איידער איך האָב די דאָזיקע דערציילונג מיט נאָך אַ דערציילונג — „אברהם דער סאַדאָווניק", וואָס איך האָב כמעט אין איין צייט אָנגעשריבן אין קאָראַלניקס צימער, — איידער איך האָב די דאָזיקע דערציילונג אַוועקגעשיקט אין „פריינד", האָט א. קאָראַלניק זי איבערגעזעצט פון מאַנוסקריפּט אין דייטש און ער, אַלס

שטענדיקער מיטאַרבעטער, האָט עס אַליין איבערגעגעבן אין „דער וועלט“....

אַז די דערציילונג האָט זיך אָפּגעדרוקט, האָב איך אַוודאי געוואָלט אויסקויפן מיין „זינד“ מיטן האָנאָראַר, וואָס איז מיר שוין דעמאָלסט, בלייבנדיק שיר ניט אָן אַ קרייצער, שטאַרק נייטיק געווען. קאָראַלניק האָט זיך פון זיין חלק אָפּגעזאָגט, הגם קיין גביר איז ער דאַן און אפשר אויך פיל שפּעטער — ניט געווען. דינגען זיך מיט אים האָב איך ניט געוואָגט, ניט קוקנדיק, וואָס איך בין געווען עלטער פאַר אים מיט אַ יאָר אַכט־ניין און האָב שוין געהאַט אַ שטיקל נאָמען אַפילו אין ווין, ביי מאַנכע מערב־אייראָפּעיִשע יידן, מיט אמתע דאָקטאָר־טיטלען און ניט נאָר מיט טיטלען, וואָס די קעלנערס גיבן אין די רעסטאָראַנען צוליב העפלעכקייט אָדער צוליב אַ טרינקגעלט...

אָנגעטראָפן האָט דער האָנאָראַר גאַנצע צען גולדן (און אפשר בלויז צען קראָנען — כ'געדענק שוין ניט...). די פראַגע איז נאָר געווען, ווי אַזוי באַקומט מען עס?...

דער געלטגעבער, דער אויסצאָלער הייסט עס, איז געווען איינער אַן „אָבערסט“, אַ רעזיגנירטער, אַ אמתער מיליטערמאַן. ער איז געווען, הייסט עס, מיט יאָרן צוריק, נאָך פאַרן ציוניזם, אַ פּאָלקאָווניק אין דער עסטרייכישער אַרמיי. ווי אַזוי ער איז געקומען צום ציוניזם, ווייס איך ניט... איך ווייס נאָר, אַז אין דער אַדמיניסטראַציע האָט געהערשט אַ שטאַרקע דיסציפּלין, פּונקט ווי אַמאָל אין זיין „רעגימענט“, און אַפילו אופּשימני האָט, דאַכט זיך, פאַר אים מורא געהאַט, און איז געשטאַנען פאַר אים אויסגעצויגן, ווי אַ סטרונע, אויב אופּשימני האָט איבערהויפּט געקענט פאַרגליכן ווערן צו אַ סטרונע...

וואָס אָנבאַטרעפט מיך, האָב איך שוין מיט דעם דאָזיקן ציוניסטישן פּאָלקאָווניק געהאַט צו טאָן נאָך איידער איך האָב געדאַרפט באַקומען דעם האָנאָראַר... עס איז מיר „נעמלעך“ אָנגעקומען אויפן אַדרעס פון „דער וועלט“ אַ ביסל געלט פון וואַרשע פון י. לידסקי. האָב איך דאָס געלט געדאַרפט קריגן טאַקע פון דעם פּאָלקאָווניקס האַנט. האָט ער מיך גענומען אויפן פאַרהער, צי

בין איך עס דער זעלבער אבראַהאַם רייזען, ווייל אויף דער געלט־זענדונג שטייט דייטלעך אַבראַם רייזין... זאָל איך אים ווייזן מיינע פּאַפּירן. האָב איך בלויז געהאַט אַ רוסישן פּאַספּאָרט, וועלכן ער האָט ניט געקענט לעזן... האָט ער פון מיך געפאָדערט סתם קאָנ־ווערטן מיט אַדרעסן אויף מיין נאָמען... איז צום אומגליק אויף איין אַדרעס געווען געשריבן אַבראַם רייזין און אויף איינעם אַבראַהאַם רייזען... מילא, דעם חילוק פון אַבראַהאַם ביז אַבראַם וואָלט ער שוין ווי עס איז נאָכגעגעבן, אַז עס איז אַלץ איינס, אָבער צווישן רייזין און רייזען איז אַ גרויסער אונטערשייד, צי זיינען דאָס ניט אַמאָל באַזונדערע אינדיווידואומס.

און ריידנדיק מיט אים און ווייסנדיק, אַז ער איז אַ פּאָלקאָווניק, האָט זיך שיר ניט אָפּגערופן דער „סאָלדאַט" אין מיר. איך האָב זיך קוים איינגעהאַלטן ניט צו סאַליוטירן אים.

נאַטירלעך, צו קריגן די סומע ביי אים פּאַר מיין אָפּגעדרוק־טער דערציילונג אין „דער וועלט", איז מיר שוין אָנגעקומען גרינ־גער. דאָס איז דאָך שוין געווען האָנאָראַר. איז ער שוין געווען עטוואָס מילדער, דאָך נאָך אַלץ געגנוג מיליטעריש־שטרענג. עס ווייזט אויס, אַז בעלעטריסטיק האָט ער אין „דער וועלט" ניט גע־לייענט און קיין גרויס כבוד אויף קינסטלער בכלל ניט געלייגט... און אויסער וואָס ער האָט מיר דערלאַנגט אַ געדרוקטן צעטל, און געהייסן מיר אונטערשרייבן מיין נאָמען צו באַשטעטיקן, אַז איך האָב די סומע באַקומען אין פולן און איך האָב ניט קיין שום טענות צו „דער וועלט" — האָט ער מיט מיר וועגן ליטעראַרישע ענינים ניט גערעדט.

---

# איינאונפערציקסטער קאַפּיטל

מיין ערשטע פאָרלעזונג. — דער יידישער סטודענטנפאַראיין אין ווין. — ניט קיין רגיל. — דער דאַנק פון פּרעזידענט. — די יידיש-דייטשע סטודענטן. — הוגאָ צוקערמאַן אַלס יידיש-ליבהאָבער און איבערזעצער. — זיין חבר פרויד. — די מאָנאַטשריפט „אונזער האָפנונג" פאַר דער יידיש-דייטשער יוגנט. — מיט אַ באַנד שלום-עליכם אונטערן אָרעם. — די הייליקע תמימות. — מיינע דערציילונגען אין דער ליטעראַרישער ביילאַגע פון „Vorwärts". — דער טריומף. — די געשיכטע פון דער דערציילונג „אַ דראַמע איבער פינף קאַרטאָפל". — די מאָדעל פון דער דערציילונג „שלמה דער שניידער". — מיין בריוו צו די אַמעריקאַנער „יידישע גאַזעטען". — די סענסאַציע. — גרייזעלם פאָרשלאָג צו גרינדן אַ פאָנד. — זיין ערשטער דאָלער.

צוליב מיין חברן זיך מיט א. קאָראַלניקן, וועלכער איז געווען אַ סטודענט, האָב איך זיך שוין אין אַ קורצער צייט באַקאַנט מיט דעם נאַציאָנאַל-געשטימטן טייל פון דער יידישער סטודענטנשאַפט אין ווין. די יידישע סטודענטן פון רוסלאַנד, הגם ציוניסטיש-געשטימט, זיינען אָבער אין יענער צייט ניט געווען קעגן יידיש, בפרט אַז אַ טייל פון זיי זיינען געווען פועלי-ציוניסטן אָדער סתם נאַציאָנאַליסטן. איינקע פון זיי האָבן זיך צו מיר באַצויגן זייער וואַרעם. אַ-בערהויפּט צוויי ברידער סטודענטן וואָס האָבן געשטאַמט פון גראָדנער גובערניע. איינער פון זיי, דער יינגערער, אַ סטודענט פון פילאָסאָפישן פאַקולטעט, איז געווען דער פרעזידענט פון דעם יידישן סטודענטן-פאַראיין, וואָס האָט פאַרמאָגט אַן אייגענעם לאָקאַל. האָט ער מיר „אָפיציעל" איבערגעגעבן די איינלאַדונג פון פאַראיין, אַז איך זאָל אין דעם סטודענטן-לאָקאַל פאָרלעזן פון מיינע ווערק. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב געדאַרפט אַרויסטרעטן עפנטלעך און נאָך פאַר אַזאַ געהויבענער אוידיטאָריע... אָפּ-

זאָגן אָבער האָט ניט געפּאַסט. אין יענער צייט זיינען סטודענטן געווען דער געהויבנסטער „קלאַס“ צווישן דער אינטעליגענץ, דער הייוון פון אַלע נייע באַוועגונגען בכלל.

די דריי יידיש־געשטימטע סטודענטן, וואָס איך האָב נאָך זייענדיק אין וואַרשע אין פּרצעס סביבה קענען געלערנט און טייל־ווייז זיך אַפילו געחברט אָדער גאָר באַפריינדעט מיט זיי, זיינען געווען: יצחק גרינבוים, נוח דאַווידזאָן און מ. נ. סירקין (ניט פאַר־מישן אים מיט ד״ר נחמן סירקין). זיי זיינען אויך געווען ציוניסטיש געשטימט, דאָך האָבן זיי שוין דאַן אין וואַרשע געשטאַרקט די האָפענונג, אַז יידיש, וואָס זיי האָבן, איבעריקנס, גאַנץ געלויפיק גע־רעדט — וועט ווערן אויך די שפּראַך פון דער יידישער העכערער אינטעליגענץ. דערצו זיינען טאַקע אָט־די דריי דערמאָנטע וואַרשעווער סטודענטן פּערזענלעך געווען זייער סימפּאַטיש. נוח דאַווידזאָן מיט זיין שלאַנקער וואוקס און די שיינע בלויע אויגן, הגם צו אַריסטאָ־קראַטישער האַלטונג; דער ווירעוודיקער יצחק גרינבוים מיט זיין תמימותדיקן גלויבן, אַז שטענדיק איז ער גערעכט, וואָס ער האָט דאָס אַרויסגעוויזן נאָך אַלס יונגער סטודענט אין זיינע דעבאַטן מיט פּרצן — אין פּרצעס הויז; און סירקין, אָט דער ליבער מענטש, וואָס ניט קוקנדיק וואָס ער האָט געשטאַמט פון גרויסן יחוס, פון די סירקינס! — דערצו אַ סטודענט, האָט ער זיך שטענדיק באַ־גייסטערט פאַר דעם לעבן פון די אָרעמע פאָלקסמאַסן און ביי אַ געלעגנהייט פאַרטיידיקט אַ ליד אָדער אַ דערציילונג מיינע, וועלכע האָט געשילדערט דאָס צו אָרעמע לעבן און האָט ניט אויסגענומען ביי די מפונקים און „עסטעטן“....

אויף אַזאַ אופן, לויט מיין דעמאָלסטיקער מיינונג וועגן יידישע סטודענטן און דער האָפענונג אויף זיי בנוגע יידיש — האָב איך די פאָרלעזונג אָנגענומען און אין דעם באַשטימטן אָוונט, האָב איך אין דעם ווינער יידישן סטודענטן־פאַראיין פאַר אַן עולם, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ פערציק־פופציק סטודענטן — מער וואָלט דער לאָ־קאַל ניט געקענט אַריינעמען — פאָרגעלייענט מיינע דערציילונגען „דער בוים“, „שכר־לימוד“, „יאַזעפ אין דער יידישער גאַס“ און „אַ

דראַמע איבער פינף קאַרטאָפל“... אויף „אַנקאָר“ האָב איך זיי געגעבן אייניקע לידער. איך קען זיך ניט באַרימען, אַז דער ערפאָלג איז געווען זייער גרויס. ניט זייענדיק קיין רגיל הויך פאָרצולעזן מיינע „זאַכן“, האָב איך, וואַרשיינלעך, פילע כאַראַקטעריסטישע שטעלן ניט באַטאָנט, ניט אַקצענטירט, ווער רעדט וועגן אינטאָנאַציע — דערפון איז אַוודאי קיין זכר ניט געווען. דאָס האָב איך זיך ערשט אויסגעלערנט מיט דער צייט... אָבער דער פרעזידענט פון פאַראיין האָט מיר דאָך נאָך דער פאָרלעזונג אָפיציעל אין אַ קורצער רעדע באַדאַנקט אין נאָמען פון דעם יידישן סטודענטן־פאַראיין און די שטימונג איז געוואָרן אַ גאַנץ געהויבענע, און אַפילו איך אַליין, כאָטש איך האָב געזען באַשיינפערלעך, אַז איך האָב ניט צו שטאַרק אויסגענומען, האָב איך זיך איינגערעדט, אַז אַדרבא־ואַדרבא. דערצו האָב איך זיך געטרייסט, אַז אַ צווייטן מאָל, אויב עס וועט אויסקומען צו פאָרלעזן פאַר אַן עולם, וועלן „מיר“ עס מאַכן בעסער...

צי זיינען אויף מיין ערשטער פאָרלעזונג אויך געווען די יידיש־דייטשישע סטודענטן, קען איך ניט באַשטימען. ווי מיר דאַכט, האָבן זיי זיך גרופירט אַרום אַן אַנדער יידישן פאַראיין, הגם צו די „רוסישע“ סטודענטן האָבן זיי זיך באַצויגן מיט דער גרעסטער סימפאַטיע און אויפריכטיקער קאָלעגיאַליטעט. דאָס קאַפע־הויז אויף נייפלינגער פלאַץ, וואָס האָט געהערט צו אַ דייטשישן יידן מיטן נאָמען שטיין, וואו עס איז געווען דער זאַמלפונקט פון די יידיש־נאַציאָנאַלע סטודענטן, יידיש־דייטשישע שריפטשטעלער און יידישער יוגנט בכלל, פלעגן זיך צונויפקומען די יידיש־דייטשישע מיט די יידיש־רוסישע סטודענטן און געמיינשאַפטלעך פאַרברענגען ביי איין טיש...
צווישן די יידישע סטודענטן אין דייטשלאַנד האָט אויף מיר נאָך דאַן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק סיי מיט זיין אויסערלעכער בליענדיקער שיינקייט, סיי מיט דער שיינקייט פון זיין גייסט — הוגאָ צוקערמאַן, וועלכער איז פיל שפעטער, אין אָנפאַנג פון דער וועלט־מלחמה, באַרימט געוואָרן מיט אַ ליד, וואָס האָט אויסגעדריקט דעם גאַנצן שרעק און די גאַנצע זינלאָזיקייט פון קריג, הגם ער, אַ שלום־מענטש, איז געגאַנגען קעמפן פאַר עסטרייך, צוליב יידישע און מענטשלעכע מאָטיוון. אין דעם זין איז ער געווען ענלעך צו גאַר־

שינען, וועלכער האָט אין די זיבעציקער יאָרן אָנטייל גענומען אין דעם רוסיש-טערקישן קריג אַלס פרייוויליקער, הגם אויך גאַרשין האָט געהאַסט די מלחמה מיט אַלע פיברען פון זיין גרויסער נשמה...

אַלס סטודענט אָבער, האָט הוגאָ צוקערמאַן אָריגינעלעס ווייניק געשאַפן. ער האָט זיך באַנוגנט מיט איבערזעצן פון יידיש אין דייטש. אַזוי האָט ער אויך פון מיר, נאָך איידער מיין קומען אין ווין, איבערזעצט אייניקע לידער און דערציילונגען פאַר „דער וועלט“ און אַנדערע יידיש-דייטשישע צייטשריפטן... אַלס געבוירענער אין ברין, האָט ער קיין יידיש ניט געהערט ריידן און האָט אויס ליבע צו דעם יידישן פאָלק און צו דער יידישער ליטעראַטור יידיש געלערנט שוין אַלס סטודענט אין ווין. ער איז געווען דער איינציקער צווישן אַלע יידיש-דייטשישע סטודענטן, וואָס האָט ניט נאָר, אַלס נאַציאָנאַל-געשטימטער, אַרויסגעוויזן צו מיר אינטערעס, אַלס צו אַ יידישן דיכטער, נאָר אויך ווי צו איינעם, וואָס געפינט זיך אין דער פרעמד... צו זיין גוטסקייט, מילדקייט און אָפּנהאַרציקייט איז ניט געווען קיין שיעור. ער איז בכלל געווען שטענדיק פאַרנומען מיט אָרעמערע קאָלעגן-סטודענטן און אפילו סתם יידישע אינטעליגענטן, וואָס זיינען פאַרוואָרפן געוואָרן צוליב אַלערליי אומשטענדן אין ווין. אים האָב איך אַוודאי געקענט פאַרגעבן זיין ביסל ציוניזם. ביי אים, אין זיין גרויסער תמימות — איז דער ציוניזם געווען אַ דערנעענטערן זיך צו די יידישע מאַסן, צו זייער שפּראַך און צו זייער קולטור. זיין ציוניזם, ווי בכלל דער ציוניזם פון דער מערב-אייראָפּעישער יוגנט, אין יענער צייט, איז געווען ראַדיקאַל געפאַרבט, זאָגאַר סאָציאַליסטיש. און אויב ער איז געווען דעמאָלסט, ווי מיר דאַכט, קעגן די פירער פון דער עסטרייכישער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אַדלער און עלענבאָגן, איז נאָר דערפאַר, ווייל זיי זיינען געווען קעגן דער אָנערקענונג פון דער יידישער נאַציאָנאַליטעט...

הוגאָ צוקערמאַן האָט אין יענער צייט — צוזאַמען מיטן יידיש-דייטשישן סטודענט פרויד — אַרויסגעגעבן אַ מאָנאַטשריפט אין דייטש — פאַר דער יידישער יוגנט אין עסטרייך — מיטן נאָמען „אונזער האָפנונג“. דער בעלעטריסטישער טייל איז געווען אויסגע-

פילט פון דערציילונגען און לידער, איבערזעצט פון יידיש. יידיש איז
ביי די דעמאָלסטיקע מערב־אייראָפּעיִשע יידישע סטודענטן געווען שיר
ניט הייליקער ווי העברעיִש, אַדאַנק דעם, וואָס יידיש איז געווען לייכ־
טער צו לערנען. מישנדיק זיך מיט די יידישע סטודענטן פון רוס־
לאַנד, וועלכע האָבן שוין אין יענער צייט צוביסלעך אַפילו צווישן
זיך יידיש גערעדט — איז זיי דאָס יידיש לערנען אָנגעקומען נאָך
גרינגער.

איז טאָקע געווען רירנד צו זען אַ יידיש־דייטשישן סטודענט
זיך אַרומטראָגן מיט אַ באַנד שלום־עליכם מיט אַן ערנסטן, שיר ניט
הייליקן אויסדרוק אויפן פּנים, ווי ער וואָלט געטראָגן אונטערן אָרעם
אַן „עין־יעקב“, צי אַ משניות, און ניט אַ בוך פון דעם גרעסטן
יידישן הומאָריסט. מען האָט געדאַרפט זיין אַ שלום־עליכם צו שיל־
דערן אָט די נאַיִוויטעט פון די מערב־אייראָפּעיִש־יידישע סטודענטן
אין יענער צייט. עס האָט געשטעקט פיל הומאָר אין דעם, ווי אַ
יידיש־דייטשישער סטודענט, האָט נאָך געטען און נאָך קאַנטן, זיך גע־
נומען שטודירן אין שטיינס קאַפע־הויז אַ בלעטעלע שלום־עליכם
און שטודירן בכּובד־ראש...

אָבער אָנשטאָט עס זאָל אַרויסרופן ביי מיר אַ שמייכל פון אי־
ראָניע, האָט עס ביי מיר אַרויסגערופן גרויס פאַרערונג צו די דאָזיקע
יידישע לעזער, וואָס האָבן אין אַ געוויסן זין דערמאָנט דעם דאָרפס־
צדיק, וואָס אָנשטאָט צו דאַוונען אין מחזור, ווי די וואוילקענעוודיקע
יידן אין בית־מדרש, האָט ער יוצא־געווען מיט אַ פייף צום רבונו־
של־עולם, און לויט דער לעגענדע, ווערט זיין פייף מער אָנגענו־
מען, ווי דאָס דאַוונען פון דעם למדנישן יידן...

און אָט איז איינמאָל אַריין אין קאַפע־הויז „שטיין“ — הוגאָ
צוקערמאַן און, דערזעענדיק מיך זיצן אין אַ ווינקל, אפשר אַן או־
מעטיקן, האָט ער מיט אַ שטראַלנדיקן פּנים, — איבעריקנס, זיין
פּנים האָט שטענדיק געשטראַלט פון ליבשאַפט און גוטסקייט צו
מענטשן — האָט ער מיר אָנגעזאָגט, אַז אין די ליטעראַרישע ביי־
לאַגן פון דעם בערלינער דייטשישן סאָציאַל־דעמאָקראַטישן „פאָר־
ווערטס“ זיינען איבערזעצט פון מיר צוויי דערציילונגען.

— דאָס איזט אַיין טריומף פיר זי! — האָט ער אויסגערופן מיט באַגייסטערונג, זעענדיק, אַז איך אַליין האָב זיך ניט אַזוי שטאַרק דערפרייט, הגם הנאה האָט עס מיר אַוודאי געטאָן.

און ער האָט מיר גענומען דערקלערן, היציק, מיט ברענענדקע אויגן, וואָס פאַר אַ באַדייטונג דאָס האָט פאַר מיר אַליין און אויך פאַר דער יידישער ליטעראַטור.

— וויסן זי — אין דעם ליטעראַרישן ביילאַגן דרוקט מען בלויז פון גרויסן שריפטשטעלער, ווי מאַקסים גאָרקי, קנוט האַמסון...

און גלייך האָט ער שוין פאַר אַ רעדל סטודענטן, וואָס האָבן זיך געבילדעט אַרום אונזער טישל — דערקלערט דעם זיג, וואָס די יידישע ליטעראַטור האָט דערמיט באַקומען.

ליידער האָט ער די צוויי ביילאַגן צום „פאָרווערטס", וואו מיינע דערציילונגען האָבן זיך געדרוקט, מיט זיך ניט געהאַט. ער האָט מיר אָבער אָנגערופן די נעמען פון די דערציילונגען. איינע פון זיי איז טאַקע געווען די דערציילונג: „אַ דראַמע איבער פינף קאַרטאָפל". אין דער איבערזעצונג האָט עס געהייסן: „אום פינף קאַרטאָפעל".

דערהערט, אַז די דערציילונג איז געדרוקט אין דייטש, און נאָך אין אַזאַ געהויבענער צייטשריפט, האָב איך אַ שמייכל געטאָן. זיך דערמאָנט אָן דער הייסער דיסקוסיע, וואָס די דאָזיקע דערציילונג האָט אַרויסגערופן אין פרצעס הויז, ווען זי איז געווען אין יאָר 1901 אָפּגעדרוקט אין „יוד". פרץ האָט געטענהט, און אַ ביסל אויפגערעגטערהייט, און דווקא אין רוסיש, אַז עס איז ניט „פּסיכאָלאָגיאַ גאָלאָדאַ, נאָר פיזיאָלאָגיאַ גאָלאָדאַ..." האָט דאָס מיך דאַן פאַרדראָסן, הגם אין וואַרשע — און אפשר אויך ערגעץ אַנדערש-וואו, האָט די דאָזיקע דערציילונג געמאַכט אַ גרויסן פוראָר. מיר אַליין האָט די דאָזיקע דערציילונג צופרידנגעשטעלט, צוליב דעם הומאָר, וואָס זי האָט פאַרמאָגט. איך בין דווקא אין דער דערציילונג ניט אויסן געווען צו שילדערן די אָרעמקייט. אַנטשטאַנען איז די דערציילונג אויף אַזאַ אופן:

געזאָלט האָב איך אָנשרייבן אין אַ פּאַטעטישן טאָן אַ דערציילונג „דער קראַנקער פינגער", ווי אַזוי ביי אַבחורל אַ שניידערס

אַ געהילף, וואָס איז אויך ביים שניידער אויף קעסט, רייסט אָן פון אַ נאָדל-שטאָך אַ פינגער. אינדערפרי, מען דאַרף עסן „אָנבייסן“ און דער פועל וואַגט ניט צו גיין צום טיש, ווייל ער האָט אַ גאַנצן אינדערפרי, צוליבן קראַנקן פינגער, ניט געאַרבעט... שילדערנדיק, ווי אַזוי די שניידערין גרייט צום טיש, — זי האָט געקאָכט אָנבייסן געשיילטע קאַרטאָפל — בין איך מיטגעריסן געוואָרן פון דער סצענע אַן און פאַר זיך און האָב פאַרגעסן אין דעם אָרעמען געהילף און בין אַזוי פאַרפירט געוואָרן אין אַן אַנדער ריכטונג...

די דאָזיקע דערציילונג, בין איך מודה, האָב איך געשריבן אין עקסטאַז פון גרעסטן הומאָר. פילע שטעלן האָב איך געשריבן אין אַ לאַכנדיקן צושטאַנד. איבערהויפּט ביי דער ערשטער העלפט. דער באַלעבאָס פון צימער, וואו איך האָב דעמאָלסט געוואוינט, דער סטאָליער ראָזענבלאַט, האָט אַזש מיין לאַכן דערהערט און איז אַ פאַרוואונדערטער אַריינגעלאָפן מיט דעם הובל אין דער האַנט צו זען וואָס מיט מיר קומט פאָר...

דער גוטהאַרציקער לעזער קען דרינגען דערפון, אַז איך בין אַ ייד אַ גזלן אָן אַ האַרץ, וואָס ביי אַזאַ טרויעריק בילד האָב איך געלאַכט. אין דער אמתן אָבער איז דאָס בילד אַן און פאַר זיך ניט אַזוי טרויעריק, איבעריקנס פאַר מיר אַליין. אויך דער העלד פון דער דערציילונג, שלמה שניידער, איז בדרך-כלל געווען אַ צופרידענער מענטש און אַ גוטמוטיקער. ער האָט מיר בלויז גערינט אַלס מאָדעל צו מיין בילד, וועלכן איך האָב שוין געשאַפן לויט פאַנטאַזיע. ער אַליין, שלמה דער שניידער, — איך האָב אים אין דער דערציילונג אַפילו ניט משנה שם געווען — איז געווען אונזערער אַ שכן. מיין מאַמע, ווען זי פלעגט פאַר מיר, ווען איך בין נאָך אַ קליין יינגעלע געווען, נייען אַליין אַ מלבושל, פלעגט זי טאַקע מיט דעם שטאָף גיין צו שלמה דעם שניידער, ער זאָל עס צושניידן... ער איז געווען אַ פריילעכער ייד און אַ גוטער ביז גאָר. מיין מאַמע, כאָטש פון גרויסן יחוס, אָבער אַ דעמאָקראַטישע נאַטור, פלעגט דווקא ליב האָבן צו פאַרברענגען מאַנכע ווינטער-אָוונטן ביי שלמה דעם שניידער און פאַר איינוועגס עפּעס נייען דאָרטן פאַר מיר צי פאַר אַן אַנדער קינד. פון שלמה

דעם שניידער פּלעגט זי קומען מיט פּעק מעשיות. ער איז געווען אַ ייד אַ באַרעדטער, און דערציילנדיק אַלערליי מעשיות, אמתע און אויסגעטראַכטע, צי פון אים אַליין צוגעפּאַרבטע, פלעגט ער ניט זעלטן פאַרשניידן אַ פּאָר הויזן, צי אַ רעקל, און נאָכדעם איז גע־ווען צרות... אָבער שלמה דער שניידער האָט זיך שוין אַן עצה געגעבן... אין דעם פּרט איז ער געווען ניט קלענער, ווי לייזער דער שניידער פון מענדעלעס „קליין מענשעלע"... איך האָב דעם דאָזיקן שלמה דעם שניידער אויך שטאַרק ליב געהאַט און פלעג אים דאַנקבאַר זיין, וואָס ער פלעגט מיר, ווען איך פלעג אַלס קליין יינגל קומען צו אים, דערלויבן אויפצוקלייבן די לאַנגע „קראַי־קעס", וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אונטער זיין שניידערשן טיש. די דאָזיקע „קראַיקעס" האָב איך גענוצט פאַר לייצעס, צו שפּילן זיך מיט אַ חברל אין פערדלעך, און אַמאָל אויך, אויב זיי זיינען גענוג שטאַרק געווען — צו פאַרגאַרטלען זיך, אין אַ קאַלטן ווינטער־טאָג...

האָט מיר טאַקע נאָכדעם פאַרדראָסן, וואָס אַזאַ וואוילן יידן האָב איך באַשריבן אין אַזאַ טאָן... בפרט ווען זיינע קינדער, שוין דאָ אין אַמעריקע, האָבן מיר, — און מיט רעכט — פאַרגעוואָרפן... זיינע קינדער, שוין דאָ אין אַמעריקע, אינטעליגענטע און באַוואוסט־זיניקע אַרבעטער, האָבן מיר אָבער מיט דער צייט פאַרגעבן, דער־ווייסנדיק זיך פון מיר אַליין שוין, אַז איך האָב אין מיין דערציי־לונג „אַ דראַמע איבער פינף קאַרטאָפל" באמת ניט זייער ליבן פאָטער געמיינט און ניט זייער גוטע, האָרעפּאַשנע מאַמע, פריידען.

אַזוי צי אַזוי, דאָס וואָס דווקא די דערציילונג „אַ דראַמע אי־בער פינף קאַרטאָפל" איז אָפּגעשאַצט געוואָרן פון אַזאַ עסטעט, ווי פּאַול באַרכאַן, — שפּעטער איז ער געוואָרן בעל־מחשבותעס שוואָגער — וועלכער האָט די דערציילונג, ווי פיל אַנדערע פון מיר, איבערזעצט, האָט דאָך באַוויזן, אַז עס איז דאָ גערעכטיקייט אויף דער וועלט...

געוואָלט האָב איך זען, ווי אַזוי די דערציילונג „אַ דראַמע איבער פינף קאַרטאָפל" און אויך די צווייטע, „קאַלט", וואָס דער איבער־זעצער (אויך באַרכאַן) האָט זי משנה־שם געווען אויף „דער אָפען" („דער אויוון"), קוקן אויס אין דייטש, —

האָט שוין הוגאָ צוקערמאַן גלייך אָנגעשריבן אַ פּאָסט־קאַרטל אין דער רעדאַקציע פֿון דייטשישן „פֿאָרווערטס“ און געבעטן די נומערן, וואו עס זיינען געווען געדרוקט די צוויי איבערזעצטע דערציילונגען. צו מיין פֿאַרוואונדערונג האָב איך זיי באַקומען אויפֿן דריטן טאָג. די דאָזיקע פּינקטלעכקייט האָט מיך שטאַרק איבערראַשט. מיט די דאָזיקע צוויי נומערן האָב איך זיך געשפּילט, ווי אַ קינד מיט אַ שפּילצייג, ביז עס איז אַראָפּ די ערשטע פֿרייד און איך האָב שוין געזוכט העכערע דערגרייכונגען.

אָבער הוגאָ צוקערמאַן און זיין חבֿר, דער רעדאַקטאָר פֿון „אונזער האָפֿנונג“, פֿרויד, האָבן שוין אויף מיר געקוקט ווי אויף אַ שרייבער, וואָס אויך די דייטשע ליטעראַטור אָנערקענט, און מיין נאָמען צווישן די יידיש־דייטשע סטודענטן האָט זיך ברייט צעטראָגן....

אָבער — ווי פֿלעגט זאָגן מיין זיידע פּסח: צו פּרנסה קומט דאָס ניט... און פּרנסה האָט טאַקע געפֿעלט... דער פּעטערבורגער „פֿריינד“ האָט אויף מיינע בריוו, וואו איך האָב געפֿאָדערט האָנאָראַר פֿאַר מיינע דערציילונגען, ניט געענטפֿערט, און אויב שוין יאָ געענטפֿערט, איז אויסגעקומען דער חשבון, אַז איך בין נאָך זיי שולדיק... „דער טאָג“ האָט שוין געהאַלטן ביים אונטערגיין — און טאַקע דערפֿאַר איז „דער פֿריינד“ אַזוי האָפֿערדיק געווען. — צו „דעם טאָג“ האָט שוין אַפֿילו ניט געלוינט צו שיקן אַ בריוו, עס איז געווען אַ שאָד די מי און די מאַרקע... „דער טאָג“ האָט נאָך אויך געהאַט אָפּגעשפּאָרט עטלעכע לידער פֿון מיר, וואָס איך האָב זיי נאָך געשיקט ווינטער פֿון וואַרשע — אויף זומער... יעקבֿ לידסקי איז מיר אויך קיין בעל־חובֿ ניט געווען. ער האָט שוין געשיקט קיין קראָקע „זעצן“ מיין צווייטע זאַמלונג לידער, מיט דעם נאָמען „לידער פֿון לעבן“, וואָס דעם מאַנוסקריפּט האָב איך אים נאָך געגעבן אין וואַרשע... פֿלעג איך בלויז פֿון קראָקע קריגן צוגעשיקט די קאָרעקטורן, אָבער פֿון לידסקין קיין געלט ניט. דעם האָנאָראַר, שוין 25 רובל, האָט ער נאָך באַצאָלט אין וואַרשע. אויך פֿאַר מיין צווייטער קליינער זאַמלונג דערציילונגען „די יודישע גאַס“, וואָס ער האָט שוין אַרויסגע־

געבן אין וואַרשע, האָב איך שוין אויך לאַנג באַקומען דעם צענרובל־דיקן האָנאָראַר... האָב איך גענומען „שטודירן" די יידיש־אַמעריקאַנישע צייטונגען, אויסגעזוכט דעם אַדרעס פון די „יידישע גאַזעטען" — איך האָב דעמאָלסט ניט געוואוסט, אַז דאָס איז די זעלבע רעדאַקציע וואָס פון „יידישען טאַגעבלאַט" — און האָב זיי אָנגעשריבן אַ בריוו, — איך זאָג זיי, ווייל איך האָב ניט געוואוסט ווער עס איז אַפילו דער רעדאַקטאָר, — אַז איך געפין זיך איצט אין ווין, און כדי זיי זאָלן מיר וואָס שנעלער אַרויסשיקן געלט, האָב איך זיי געשריבן, אַז מיין מאַטעריעלע לאַגע איז זייער ניט קיין געהויבענע, און איך האָב זיי צוגעזאָגט צו שיקן אַלע וואָך אַ דערציילונג און אַ צוויי־דריי לידער...

אָפּגעוואַרט פיר וואָכן און גענישטערט אין אַלע נומערן „יידישע גאַזעטען", וואָס פלעגן איינמאָל אַ וואָך אָנקומען אין רעדאַקציע פון „דער וועלט" — ניטאָ! ניט די דערציילונג געדרוקט, ניט קיין בריוו...

נאָר אָט איינמאָל גיב איך אַן עפן דאָס גרויסע טישקעסטל, אין דעם שוין באַקאַנטן טיש אין ערשטן צימער פון דער רעדאַקציע „וועלט" — ערשט מיר גיט אַ שפרונג אין די אויגן אַ שורה מיט אַ אינהאַלט בערך אַזוי:

דער באַרימטער (צי דער גרויסער) דיכטער אברהם רייזען געפינט זיך אין ווין און גייט אויס פון הונגער אין די ווינער גאַסן...

איך האָב פאַר איבערראַשונג, באַליידיקונג און שרעק אַראָפּגעלאָזט די צייטונג אויף דער ערד. איך בין קענטיק געוואָרן זייער בלאַס, ווייל דער באַאַמטער, הער פּאָליאַק, וואָס האָט זיך אין זעלבן צימער געפונען, האָט, באַמערקנדיק מיין אויפגערעגטן צושטאַנד, דערשראָקן געפרעגט:

— הערר רייזען, וואָס האָט פּאַסירט?

— פאַרברעכער! האָב איך אַ געשריי געטאָן און געקלאַפּט איבערן טיש.

ער האָט ניט פאַרשטאַנען, אין וואָס עס גייט, און ער האָט מיך אָנגעקוקט דערשראָקן און פאַרווירט, ניט וויסנדיק, וועמען איך מיין עס מיט די „פאַרברעכער"...

— ערציילען זי דאָך! — האָט ער שוין ווי באַפוילן.

— הערען זי דאָך... זעהען זי דאָך.... — האָב איך שוין אויפגעהויבן די צייטונג פון דער ערד און געטייטלט אויף דער סענסאַציע מיט די פינגער... — זעהען זי דאָך... הערען זי דאָך (איך האָב נאָך געמוזט ריידן דייטש, ווייל הער פאָליאַק „וואַר איין דויטשער יודע אויס ברין"...). איך האָבע זיי פּריוואַט געשריבן, דאַס איך געלט נייטיק האַבע, אונד קיין איין וואָרט וועגן הונגער געשריבן. און די קערלען שרייבן — זעען זי, דער באַרימטער דיכטער גייט אויס פאַן הונגער אין ווינער גאַסן... זאָלכע שאַנדע!...

— שאַודערליך! — האָט דער רויקער „דייטש" קוים רעאַגירט אויף מיין אומגליק...

עס איז אָנגעקומען א. קאָראַלניק. איך האָב זיך דערפרייט. ער וועט מיך פאַרשטיין. צו אים האָב איך זיך שוין געווענדט אין יידיש:

— זעט, וואָס זיי האָבן מיר אָפּגעטאָן!...

ער האָט דורכגעלייענט שנעל, פליכטיק, ווי זיין שטייגער איז דאַן געווען, ווען ער האָט אַריינגעקוקט אין אַ יידישער צייטונג. — אַ „זשאַרגאָנישע" הייסט עס, און נאָך פון אַמעריקע — און האָט אי מיט אַ פילאָסאָפישער רויִקייט, אי מיט אַן איראָנישן שמייכל אַ זאָג געטאָן:

— נו, דאָס איז דאָך די אַמעריקאַנער יידישע פּרעסע. איך קען זיי. אַ סענסאַציע געמאַכט.

— סטייטש, איך האָב זיי געשריבן פּריוואַט, און ניט אַז איך גיי אויס פון הונגער, איך האָב דאָס וואָרט „הונגער" אַפילו ניט דערמאָנט, פּשוט געשריבן, אַז כ'בין אין ווין און שלאָג זיי פאָר מיין מיטאַרבעטערשאַפט, און אַזוי ווי איך בין אין דער פרעמד, בעט איך זיי, זיי זאָלן מיר גלייך אַרויסשיקן דעם האָנאָראַר...

האָט שוין קאָראַלניקן מיין פאַרצווייפלטער טאָן, קענטיק, גערירט און ווי מיטפילנדיק האָט ער זיך אָנגערופן:

— עס איז ווירקלעך אַ געמיינהייט... איר מוזט גלייך אָפּלייקענען עס, אויב זיי וועלן עס נאָר דרוקן...

אָבער איידער איך האָב צייט געהאַט אָפּצולייקענען עס, האָב איך, זוכנדיק אין די ווייטערדיקע זייטן פון די „יידישע גאַזעטען", צי שוין פון „יידישען טאַגעבלאַט", געפונען נאָך אַ שרעקלעכערן סורפּריז. דער דאָזיקער סורפּריז איז באַשטאַנען אין אַ בריוו אין רעדאַקציע פון אַ פאַרערער גרייזעל, אין וועלכן ער זאָגט שוין מזכּר דעם גאַנצן יידישן פאָלק, אַז נאָר ביים יידישן פאָלק איז מעגלעך, אַז אַזעלכע שרייבער, ווי אברהם רייזען, זאָלן אויסגיין אין גאַס פון הונגער. און דעריבער שלאָגט ער פאָר, אַז מען זאָל זאַמלען אַ פאָנד, און ער אַליין הייסט עס, שיקט דעם ערשטן דאָלער...

גרייזעלס „בריוו אין רעדאַקציע" האָט שוין דעם פּוס פול געמאַכט... קאָראַלניק, ווי ער וואָלט געזען נקמה אין דער יידישער קולטור בכלל, פון וועלכער ער איז דאַן פלומרשט ווייט געווען — אין דער אמתן האָט ער אפילו דאַן אַליץ געוואוסט, וואָס עס קומט פאָר אין דער יידישער ליטעראַטור און אין יידישן לעבן בכלל, — א. קאָראַלניק האָט צוגעשמייכלט, ווי איינער זאָגט:

— נו, יאָ... וואָס האָט איר ערוואַרט פון דער אַמעריקאַנער יידישער פּרעסע...

מיין וויטאָג איז נאָך געוואָרן גרעסער, וואָס גרייזעל דער אויטאָר פון בריוו און פון פּלאַן פון דעם פאָנד, איז געווען מיינער אַ גוטער באַקאַנטער נאָך פון מינסק, ווען איך האָב אַלס זיבעצניאָריקער בחור דאָרט פאַרבראַכט אַ ווינטער. ער האָט געהערט צום זעלבן קרייז, וואו איך האָב זיך געפונען, אַ חבר פון יודל סלעפּיאַן, בן-ציון שילער און שערמאַן. הייסט עס, איז ער שוין דאַן געווען אין אַמעריקע און האָט געוואָלט אַ געוועזענעם חבר טאָן אַ טובה...

אַוודאי האָב איך גלייך אַוועקגעשיקט אַ שטרענגן בריוו, און אפשר אַ טעלעגראַמע, — הגם איך צווייפל איצט, צי האָב איך דאַן געשיקט אַ טעלעגראַמע, — וואו איך האָב געבעטן רחמים, אַז מען זאָל שוינען מיין כּבוד און אויפהערן צו דרוקן אַזוינע באַריכטן וועגן מיר און אָפּשטעלן דאָס זאַמלען דעם „פאָנד". איך האָב שוין מורא געהאַט צו דערמאָנען נאָך אַמאָל אַפילו וועגן האָנאָראַר, זיי זאָלן ווידער ניט מאַכן קיין סענסאַציע...

פון יענעם טאָג אָן פלעג איך מיט שרעק איבערקוקן יעדן נומער צייטונג, וואָס איז אָנגעקומען פון אַמעריקע... ביים עפענען אַ נומער האָט מיך פאַרפאָלגט די מורא, אַז אָט באַלד, באַלד וועט אַ פינקל טאָן פאַר מיינע אויגן אַ שורה מיט גרויסע ווערטער, מיט אַ שרעקלעכער סענסאַציע...

אָבער סיי וועגן מיר, סיי וועגן דעם „פאָנד" איז מער קיין זכר ניט געווען. אין איין נומער האָב איך אין אַ וואָך אַרום געפונען מיין דערציילונג און אין אַ וואָך שפּעטער האָב איך באַקומען פינף דאָלער האָנאָראַר פאַר איר. כשרע, פאַרדינטע פינף דאָלער...

וואָס „דאָס יידישע טאַגעבלאַט" האָט דעמאָלסט געטאָן מיט גרייזעלס דאָלער, ווייס איך עד־היום ניט....

# צוויי און צוואַנציקסטער קאַפּיטל

דער ווינער קאָרעספּאָנדענט פון „פריינד“ און „וואָסכאָד“. — ד״ר הערצלס טויט. — דער „פריינד“ בלייבט אָן אַ קאָרעספּאָנדענט. — מיין פליכט צום „פריינד“. — מיינע טעלעגראַמען. — די הלוויה ביי דעם קאַפע־אייגנטימער, הער שטיין. — ד״ר חיים ווייצמאַן און אוסישקין אין ווין. — איך דעם הויף פון ד״ר הערצלס וואוינונג. — אַרטור שניצלער. — ד״ר הערצלס לוויה. — מיין געדריקטע שטימונג. — מיין באַקאַנטשאַפט מיט ד״ר נתן בירנבוים. — קאַפע סולער. — א. קאָראַלניקס אינטערוויוען מיט מינים־טאָרן. — ד״ר נתן בירנבוים. — זיין פרוי. — מיין געשפּרעך מיט אים. — „אידישע אָוונטן“. — ד״ר נתן בירנבוים אַ באַאַמטער אין אַרבעטס־ביוראָ. — ער פאַרלירט זיין שטעלע. — זיין קאַמף פאַר יידיש און פאַר מזרח־אייראָפּעיִש־יידישער קולטור.

צווישן מיינע נאָענטע באַקאַנטע פון דעם יידישן סטודענטן־קרייז אין ווין איז אויך געווען דער סטודענט שאָר, וואָס איז געווען דער ווינער קאָרעספּאָנדענט פון „פריינד“ און אויך פון רוסישן „וואָסכאָד“. ער האָט זיך דאַן געגרייט צום לעצטן עקזאַמען אויף דאָקטאָר־מעדיצין און ער האָט שוין געקוקט אויף זיך ווי אויף אַן אמתן דאָקטאָר, מיט גרויס ווערדע. צו מיר האָט ער זיך באַצויגן קאָלעגיאַל און שיר ניט חבריש. פאַרבונדן האָט אונז איין גורל דערמיט, וואָס מיר האָבן ביידע געוואַרט אויף געלט פון „פריינד“ און דאָס רוב זיך ניט דערוואַרט. „דער פריינד“ איז צייטנווייז געווען ניט פּינקטלעך. איז טאַקע שאָר געוואָרן ברוגז אויפן „פריינד“ און אויפגעהערט צו שיקן קאָרעספּאָנדענציעס פון ווין...

האָט זיך „דער פריינד“ באַגאַנגען אָן בריוו פון ווין, בפרט אַז די נייס פון ווין זיינען געווען גענוג אַלט. ווידער דער אַנטיסעמיטיזם אין ווין מיט לועגערן בראש און נאָכאַמאָל וועגן דער אַסימילאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג און וועגן געמישטע

חתונות און אַפילו שמד... וואָס אָנבאַטרעפט דעם אַנטיסעמיטיזם, האָב איך אים אין ווין אויסערלעך ניט געמערקט. קיין געמישטע חתונות האָב איך אויך ניט בייגעוואוינט און קיין משומדים האָב איך, הלוואַי ווייטער, אין ווין ניט באַגעגנט... פאַרקערט, איך האָב אין ווין געזען און אַפילו קענען געלערנט אַ באַרימטן גלח, וואָס איז געווען אַ פייערדיקער ציוניסט, און זעלבסטפאַרשטענדלעך — אַ אוהב־ישראל... איך געדענק אים ווי איצט. אַ הויכער, פעסטגעבויטער מאַן אין די פופציקער, מיט אַ תמימותדיקן אויסדרוק אויפן פנים. ער איז געווען זייער באַרעדעוודיק און אים אָפּשטעלן, ווען ער האָט זיך צערעדט וועגן דעם יידישן פאָלק, וואָס האָט געגעבן דער וועלט די ביבל — איז געווען זייער שווער, אַפילו פאַר ד"ר חיים ווייצמאַן (און אפשר איז ער נאָך דעמאָלסט בלויז אַ סטודענט געווען) און אַפילו פאַר אוסישקינען, פאַר וועמען דער דאָזיקער גלח האָט ליב געהאַט אויסצולייגן זיינע טעאָריעס, געפינענדיק זיך מיט די ציוניסטישע פני אין קאַפע שטיין, אויף וויפּלינגער פלאַץ.

האָב איך שוין געהאַט די געלעגנהייט, זייענדיק אין זייער סביבה, אויסצוהערן דעם גלחס מיינונגען, וואָס זיינען, אַגב, געווען גענוג לאַנגווייליק...

צוליב וואָס זיינען דעמאָלסט די צוויי שוין דאַן באַרימטע ציוניסטישע פירער, ווייצמאַן און אוסישקין, געקומען קיין ווין, געדענק איך ניט. אפשר צוליב ד"ר הערצלס קראַנקהייט, וועלכע האָט זיך פאַרערגערט פון טאָג צו טאָג.

און אָט געדענק איך ווי איצט דעם דערשיטערנדיקן איינדרוק, וואָס עס האָט אַרויסגערופן די ידיעה, אַז דער ציוניסטישער פירער ד"ר הערצל האָט געשלאָסן זיינע אויגן...

איך אַליין, ווי פאַרגעסנדיק אינגאַנצן מיינע אַנטי־ציוניסטישע איבערצייגונגען אָדער אָפּלייגנדיק זיי אויף אַן אַנדער צייט, האָב זיך געפילט, ווי איך וואָלט געטראָפן געוואָרן פון אַ גרויסן אומגליק. דאָ האָט אַוודאי מער געווירקט דאָס פערזענלעכע פון ד"ר הערצל, אַ מענטש אין די בליענדסטע יאָרן, און ווי איך האָב אים געקענט, לויט די אַלע פאָרטרעטן און שילדערונגען פון די, וואָס האָבן אים פערזענלעך געזען — מיט אַזאַ הדרת־פנים, וואָס האָט אימפּאָנירט,

באַפוילן און באַהערשט — און אַזוי יונג פֿאַרשניטן געוואָרן, ווי אַ בוים — דאָס האָט מיך טיף גערירט און דערשיטערט.

ווייסנדיק, אַז שאָר איז אוים קאָרעספּאָנדענט פֿון „פֿריינד", האָב איך דערפֿילט אַ פֿליכט צו שיקן טעלעגראַמען אין זעלבן „פֿריינד", וועגן אײַנדרוק, וואָס ד"ר הערצלס טויט האָט געמאַכט אין ווין. איך האָב אָבער ניט געהאַט די געלט־מיטלען דערצו, האָב איך זיך געווענדט נאָך אַ הלוואה צום אייגנטימער פֿון דעם קאַפֿע, וואָס איך פֿלעג באַזוכן מיט קאָראַלניקן יעדן טאָג—הערן שטיין... דער אייגנטימער פֿון דעם קאַפֿע, שטיין, איז געווען נאַציאָנאַל־געשטימט, נאַציאָנאַל אויך זײַן אייגענעם שטייגער, דערצו האָט אים אימפּאָנירט, וואָס איך האָב אים אַמאָל געמאַכט אַ קאָמפּלימענט, אַז ער איז זייער ענלעך צו פּרצן— און דאָס איז טאַקע אַן אמת געווען, אַחוץ וואָס אים האָט גע־פֿעלט דאָס שטראַליקע פֿון פּרצעס אויגן און פֿון פּנים בכלל... פֿון פּרצן האָט ער געוואוסט, הגם קיין גרויסער למדן אין יידיש איז ער ניט געווען, נאָר צוליב דער נאַציאָנאַלער באַוועגונג און אפשר מער צוליב זיינע נאַציאָנאַלע געסט, וואָס האָבן באַזוכט זײַן קאַפֿע, האָט ער זיך דערמאָנט אָן די יידישע אותיות פֿון סידור און אָנגעהויבן סילאַבירן „דעם פֿריינד", וואָס ער האָט פֿאַר די יידישע געסט פֿון זײַן קאַפֿע־הויז אַבאָנירט... צו זײַן פֿרייד איז ניט געווען קיין גרענעץ, ווען אים פֿלעגט געלינגען ריכטיק צוזאַמענשטעלן די ווערטער און אַרויסבאַקומען מער אָדער ווייניקער דעם זין פֿון אַ פּאָר שורות. דעמאָלסט פֿלעגט זיך זײַן פּנים צעשטראַלן און ער פֿלעגט טאַקע שוין אויסזען אינגאַנצן ענלעך צו פּרצן, שוין מיט די שטראַלן אין די אויגן...

דער דאָזיקער גוטמוטיקער ווינער ייד האָט מיר אויסגעבאָרגט 30 גולדן און איך האָב „געקלאַפּט" צום „פֿריינד" אַ טעלעגראַמע נאָך אַ טעלעגראַמע און דווקא מיט מײַן אונטערשריפֿט... אין איין טעלעגראַמע האָב איך אַפֿילו איבערגעגעבן די מיינונג פֿון ד"ר מאַקס נאָרדוי וועגן דעם גרויסן פֿאַרלוסט.

מיינע טעלעגראַמען זיינען געווען די איינציקע אין „פֿריינד", וואָס האָבן איבערגעגעבן די שטימונג וועגן הערצלס טויט אין ווין און אַפֿילו דעם אינהאַלט פֿון די רעדעס.

דאָס איבּעריקע האָבּ איך מיטגעטיילט אין אַ קליינער קאָרעספּאָנדענץ אונטער מיין פּסעוודאָנים בּן-קלמן.

אַוודאי האָבּ איך אויך בּייגעוואוינט די לוויה פון גרויסן, פאַר דער צייט פאַרשטאָרבּענעם פירער.... די נאַציאָנאַלע סטודענטן, וואָס האָבּן געהאַלטן — זיך בּייטנדיק — די ערנוואַך, האָבּן, ניט וויסנדיק מיין שטעלונג צום ציוניזם, ווי אַן אייגענעם מענטשן מיר מיטגעטיילט, אַז צו דער לוויה וועט מען מוזן קומען אין שוואַרצע אָנצוגן און אין צילינדערס. נאַטירלעך האָבּ איך די דאָזיקע בּאַשטימונג ניט אויסגעפאָלגט און בּין געקומען אינדערפרי צום הויז פון ד״ר הערצל, פון וואַנען די לוויה האָט זיך אָנגעהויבּן, — אין מיין געוויינלעכן אָנצוג, אין געוויינלעכן ווייכן הוט...

אָט ווי איצט געדענק איך דאָס קליינע, ציכטיקע הויפל אין איינער פון די שטילסטע ווינער גאַסן, וואו די בּאַשיידענע וואוינונג פון דער פאַמיליע הערצל האָט זיך געפונען.

איך בּין געשטאַנען אויפן הויף און אין טיפן טרויער אָבּסערווירט דעם קליינעם עולם, וואָס איז בּאַשטאַנען פון דער ווינער קינסטלערישער, ליטעראַרישער און אפשר אויך פּאָליטישער וועלט...

אָט האָט מיר א. קאָראַלניק, צי אַן אַנדערער, אָנגעוויזן אויף איינעם, וואָס איז געשטאַנען צווישן אַ קליינער גרופּע און שטיל עפּעס גערעדט צו זיי. דאָס איז געווען אַרטור שניצלער. איך האָבּ אים בּאַטראַכט גענויער, געזוכט אין זיינע געזיכטסצוגן דעם פּיינעם, ראַפינירטן קינסטלער. איצט געדענק איך בּלויז זיין רויט פראַנצויזיש בּערדל און זיין מיטלמעסיקן וואוקס...

אָבּער דאָס אַליין, וואָס שניצלער, הגם אַ ייד, אָבּער אַן אַלגעמיינער שריפטשטעלער, וואָס האָט נאָך אין יענער צייט אין זיינע ווערק אַפילו קיין יידישן טיפּ ניט געשילדערט און וואָס האָט זיך געהאַלטן ווייט פון יידישקייט — דאָס אַליין, וואָס ער איז געקומען צו דער לוויה, האָט געהאַט פאַר מיר דאַן אַ גרויסע בּאַדייטונג...

הגם איך האָבּ געוואוסט, אַז אויסער שעפער פון ציוניזם איז ד״ר הערצל אויך געווען אַ שריפטשטעלער און אַלס אַזאַ אַרטור שניצלערס אַ קאָלעגע און אפשר אַ נאָענטער פריינד.

דער בערך גרויסער עולם, וואָס איז אויפן הויף ניט אַריין, האָט געוואַרט אויף דער גאַס. די פּראָצעסיע האָט זיך ערשט אין גאַנג פאַרגרעסערט, אָבער ווי מען איז אַרויס פון שטאָט און ווען דער וועג האָט זיך שוין געצויגן דורך פרייעם פעלד, איז דער באַגלייטנדיקער עולם קלענער געוואָרן, און דערמיט איז נאָך דער צוג געוואָרן פייערלעכער, אימפּאָזאַנטער... איך זאָג אימפּאָזאַנט, פייערלעך, ווייל קיין גרויסע אַבלות האָב איך צווישן די באַגלייטער ניט באַמערקט. מיר איז גראָד אויסגעקומען צו גיין אין איין ריי מיט מנחם-מענדל אוסישקין. ער איז געגאַנגען מיט פעסטע טריט, געקוקט פאָראויס און געפירט אַ רויקן געשפּרעך מיט זיין שכן אין דער ריי, צי איז דאָס געווען א. קאָראַלניק, צי ד״ר ווייצמאַן, צי אפשר גאָר מאָצקין — גענוי געדענק איך ניט.

געדענק איך ווי איצט, אַז מיר האָט שטאַרק פאַרדריקט דאָס האַרץ אָט דווקא דער אויסגעהאַלטענער טאָן פון דער לוויה. פאָראויס איז געגאַנגען דער וואָגן מיטן אָרון... דער טאָג איז געווען אַ שיינער, אַ זוניקער... דער וועג צווישן פעלדער און ביימער. דאָרט, אין אָרון, ליגט דער יונגער, שיין-געשטאַלטיקער ד״ר הערצל און מען פירט אים ערגעץ אויף אייביק אַוועק.

דאָס האַרץ האָט שטאַרק געדריקט. איך האָב זיך ניט געקאָנט באַהערשן. מער שלינגען די טרערן האָב איך שוין ניט געקענט. איך האָב געמוזט אַרויס פון דער ריי, און געבן די טרערן פרייהייט.

איך האָב זיך געשעמט פאַר זיך אַליין. ערשטנס, וויינען בכלל, און צווייטנס נאָך איינעם, וועלכער איז געווען ערשט מיט אַ קאָרגן יאָר צוריק דער טרעגער פון אידעען און אידעאַלן, וואָס זיינען געווען להיפוך מיינע אידעען און מיינע אידעאַלן. און דווקא איך בין דער איינציקער, — אַלנפאַלס קיין אַנדערן וויינען האָב איך ניט באַמערקט — וואָס גייט נאָך דעם ארון און וויינט.

אין דעם טויט פון ד״ר הערצל האָב איך דאַן בלויז געזען דאָס פאַטאַלע, די טראַגישע זייט און אויך די ברוטאַליטעט פון לעבן בכלל... פון די, וואָס קומען ירשענען, איבערנעמען... און זייערע טריט זיינען פעסט, אַפילו נאָכגייענדיק אַן אָרון...

עס האָט עפּעס ווי געטאָן, שטאַרק פאַרדראָסן...

* * *

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער האָט מיר א. קאָראַלניק איבער־געגעבן, אַז ד״ר נתן בירנבוים, וואָס האָט דאַן נאָך געוואוינט אין ווין, האָט געפרעגט אויף מיר און ער וויל מיך זען. האָט עס מיר זייער געשמייכלט. ד״ר בירנבוים איז שוין דאַן געווען אַ נאַציאָ־נאַלע פיגור, און נאָך זיין אַנטוויקלונג אין דעם פּאָליטישן ציוניזם — פון אַן אַנדער מין ציוניזם איז ער אַליין דער פאָטער געווען — האָט זיין שפּעטערדיקע ליבלינגס־אידעע, אַז דער קערן פון יידישן פאָלק זיינען די מזרח־יידן מיט זייער קולטור און יידישער שפּראַך, שוין געהאַט אָנגענומען געוויסע פאָרמען, און אַלס אַזאַ איז ער מיר שוין מער אָדער ווייניקער געווען באַקאַנט — אפילו מיט זיין פּסעוודאָנים אַחר.

האָב איך אַוודאי מיט גרויס פאָרכטיקייט זיך געגרייט צו גיין זען זיך מיט דער דאָזיקער באַרימטער פּערזענלעכקייט, מיט וועלכער דער יונגער א. קאָראַלניק איז געווען נאָענט באַקאַנט און אַפילו באַפריינדעט. דאָס באַגעגעניש האָט געדאַרפט פאָרקומען אין דעם „רייכן" קאַפע סולער, וועלכעס איך האָב נאָך ביז יענעם אָוונט ניט באַזוכט, ניט וויסנדיק אַפילו פון זיין עקסיסטענץ.

דאָס קאַפע „סולער" (צי שולער) איז ווירקלעך געווען איינס פון די שענסטע קאַפע־הייזער אין ווין, וועלכע האָט בכלל אין שיינע קאַפעהייזער ניט געמאַנגלט. שוין דער אַריינגאַנג אַליין מיט דער געפליגלטער טיר, וואָס אין יענער צייט איז דאָס פאַר מיר געווען אַ נייס — האָט מיר אימפּאָנירט.

א. קאָראַלניק, וואָס איז אַפילו ניט געווען קיין גרויסער לעבּ־יונג אין יענער צייט, איז אָבער אויך אין דעם דאָזיקן רייכן קאַפע געווען אַן אייגנייער. אַלס מיטאַרבעטער, פון דער אַלגעמיינער דייטשער צייטונג „די צייט", וואָס האָט מיט איר פּאָליטישער באַדייטונג און פּרעסטיזש זיך געקענט גלייכן צו דער ווינער „נייער פרייער פּרע־סע", האָט א. קאָראַלניק זיך געדאַרפט טרעפן מיט פאַרשיידענע באַרימטהייטן און אַפילו פּאָליטיקער, און צוליב דעם האָט ער באַ־

זוכט און איז געווען אַפילו באַוואוסט אין די רייכסטע קאַפּעען. אַגבֿ־אורחא — האָט ער אַלס מיטאַרבעטער אין „דער צייט" געהאַט אַ פליכט צו אינטערוויוירן מיניסטאָרן אָדער אַזוי אַרויסקריגן נייס ביי זיי... אָט ווי איצט געדענק איך, ווי אַזוי איך האָב אים אַמאָל באַגעגנט אין אַ שוואַרצן אָנצוג און אין אַ צילינדער־הוט, וואָס האָט זיין יוגנטלעכן פּנים צוגעגעבן שיר ניט אַ קאָמישן אויסדרוק...

— איך גיי צום מיניסטער... אויף אַן אינטערוויו פאַר „דער צייט"... האָט ער קאַלטבלוטיק געענטפערט אויף מיין וואונדערן זיך, וואָס אין אַ מיטן מיטוואָך האָט ער זיך אויסגעפּוצט אַזוי... און באַלד אַליין געלאַכט פון זיין פאַרשטעלן זיך...

— „סלוזשבאַ", — האָט ער זיך פאַרטיידיקט מיט אַ שמייכל...

דאַן האָט אויף מיר זיין שליחות געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. אַזאַ יונגער און נאָך אַ „רוסישער" דערצו און האָט שוין צו טאָן מיט מיניסטאָרן. היינט וואָס וועט שוין שפּעטער זיין! ער זאָל נאָך אַמאָל אַליין ניט ווערן קיין מיניסטער און איך זאָל אים אינגאַנצן ניט פאַרלירן, אַלס פריינד — אמת, איך בין שוין דאַן אַזוי נאָענט געוואָרן מיט אים, אַז אַפילו ער זאָל ווערן אַ מיניסטער, האָב איך געוואוסט, וועט ער שוין אויך ניט פראַווען קיין גדלות קעגן מיר און איך וועל נאָך אַלץ האָבן אַ צוטריט צו אים...

אַוועקגעזעצט זיך דערווייל ביי אַ טישל אין איינעם פון די רייכערע ווינקלען פון קאַפע, וואָס צו דעם אַרויפגאַנג האָבן געפירט ברייטע טרעפּ מיט ווייכע טעפּעכער באַדעקט — האָבן מיר געוואַרט אויף ד"ר נתן בירנבוים.

און אָט איז אָנגעקומען ד"ר נתן בירנבוים, באַגלייט פון זיין דאַן נאָך זייער יונגער פרוי. אַ הויכע, אַ שלאַנקע, מיט אַ יידישלעכן אויסדרוק און פאַרזאָרגטקייט אין די שוואַרצע מילדע אויגן, האָט זי אויסגעזען ווי אַ יונגע רביצין, וואָס היט אָפּ מיט גרויס געטריישאַפט איר מאַן, דעם למדן און תּלמיד־חכם, און קוקט אים שטענדיק אין די אויגן אַריין, צי איז עפּעס, חלילה, ניט באַקוועם, צי פעלט אים עפּעס ניט...

אַ שטאַרקן איינדרוק האָט אָבער אויף מיר געמאַכט ד"ר נתן בירנבוים מיט זיין שטאַטלעכער פיגור און זיין אויסדרוקפולן, עכט

אָריענטאַלישן פּנים. זיין שײנע שוואַרצע באָרד, איבעריקנס, שוין דאַן, נאָך פּאַר פּערציק, דורכגעװעבט װאו־ניט־װאו מיט אַ זילבער־נער האָר, זײנע שוואַרצע דורכדרינגענדיקע אויגן, װאָס האָבן אויסגע־דריקט אי װילן, אי נאָכגעביקייט, װאָס האָבן אי באַהערשט, אי באַ־רויִקט, — האָט מיך אינגאַנצן פאַרכאַפּט. ניט קוקנדיק, װאָס איך בין שוין דאַן געװען בײ אַכט־און־צוואַנציק יאָר, בסך־הכל מיט אַ צען יאָר יינגער פון אים, האָב איך זיך געפילט, װי אַ קלײנער יינגל אין דער אָנװעזנהייט פון אַ גרויסן רבּין... און דאָ האָב איך טאַקע מורא געהאַט, אַז אָט דער גרויסער רבי װעט מיך פאַר־הערן. איך, אַ מזרח־ייד, אַ שרײבער אויף דער שפּראַך, פון װעל־כער ער, אַ „דײטשער" ייד, איז אַן אָנהעננער... און דאָ רעדט ער אַזאַ געשליפענעם דײטש. עס באַפאַלט אַ פּחד. דערצו די לע־גענדעס װעגן אים, אַז ער איז נאָך גרעסער װי הערצל, אַז איי־דער הערצל האָט אָנגעשריבן זײן „יידנשטאַט", האָט ער שוין גע־גרינדעט דעם ערשטן נאַציאָנאַלן פאַראײן פון יידיש־דײטשע סטו־דענטן, װעלכן ער האָט אַ נאָמען געגעבן „קדימה"... און אַז ער האָט די אידעע פון דער װידעראויפלעבונג פון דעם יידישן פאָלק פאַרטיפט, װי אַ דענקער און װי אַ גרויסער שריפטשטעלער בכלל.

אָבער גלייך האָט ער מיר מתּיר געמאַכט און ניט נאָר מתּיר געמאַכט, נאָר אַפילו גוטמוטיק באַפוילן, אַז איך זאָל ריידן פּשוט יידיש:

— איך פאַרשטײ זײער גוט פּשוט יידיש, — האָט ער מיר דערקלערט.

אין יידיש איז מיר שוין געװען לײכטער צו צײגן זיך מיט מײן ליטעראַרישקײט און נײער יידישקײט בכלל. באַלד האָט זיך אַרויסגעװיזן, אַז ד"ר בירנבוים איז אויך אַ דיכטער; ער האָט אונז, איבערהויפּט א. קאָראַלניקן, געװיזן אַ דײטש זאַמלהעפט, מיט זײנס אַ געדיכט.

װיבאַלד אַז אַ מענטש „דיכטעט" אויך, איז װי גרויס ער זאָל ניט זײן, די סכּנה דאָך ניט אַזױ גרויס.

האָט ער מיר שוין, װי אַן עלטערער חבר, דערקלערט, און „צוואַר" אין אַ שװערלעכן דײטש, אַז ער האָט אין װין געגרינ־

דעט אַ נייעם פאַראיין פון יידישע סטודענטן, וואָס זיינען אָנהענ־גער פון יידיש. און דער צוועק פון פאַראיין איז צו באַקענען דאָס ווינער פובליקום מיט דער יידישער ליטעראַטור דורך איבערזעצונ־גען. צוליב דעם צוועק אַראַנזשירט דער פאַראיין מאָנאַטלעך „יידישע אָוונטן" און אַליץ וואָס אויף די דאָזיקע אָוונטן, וועלכע ווערן באַזוכט פון אַ גרויסן עולם, ווערט פאָרגעטראָגן, ווערט דערנאָך אַרויסגע־געבן אין אַ זאַמלונג מיטן זעלבן טיטל „יידישע אָוונטן" (יודישע אַבענדע").

נאָכדעם האָט ער שוין פאַרבראַכט מער מיט א. קאָראַלניקן, זיך אַריינגעלאָזן אין גאָר הויכע דרכים און אויף אַ גאָר הויכער שפּראַך, וואָס דעמאָלסט, בין איך מודה, איז דאָס פאַר מיר גע־ווען נאָך שווערער פון תּרגום. פון צייט צו צייט האָט זיך ד״ר בירנבוים ווידער געווענדט צו מיר מיט אַ פראַגע, דאָ וועגן פּרצן, וועמען ער האָט שוין פון לאַנג זייער הויך געשעצט און האָט שוין אַפילו איבערזעצט אין דייטש אַ באַנד פון אים פאַרן „יודישען פאַרלאַג" אין בערלין.... — דאָ וועגן גאָר פּשוטע אַלטעגלעכע פראַגן, טאַקע וועגן פּרנסה, וואָס טראַכט איך צו טאָן אין ווין.

פּרנסה האָט, קענטיק, אים אַליין געפעלט. אין יענער צייט איז ער געווען אַ באַאַמטער אין דעם ווינער אַרבעטס־ביוראָ (אויף אויס־זוכן אַרבעט פאַר אַרבעטסלאָזע) און ער האָט באַקומען אַ קלעגלעכן געהאַלט... צוליב זיין יידישיסטישער טעטיקייט און אויך צוליב זיין סאָציאַליזם .האָט ער מיט דער צייט אויך אָט די אָרעמע שטעלע פאַרלאָרן און פון דעמאָלסט אָן האָט זיך אָנגעהויבן זיין גרויסער קאַמף פאַר יידיש און פאַר דער קולטור פון די מזרח־אייראָפּעישע יידן בכלל.

---

# דרייאונפערציקסטער קאַפּיטל

אין אַן אומעטיקן טאָג. — דער ווינקעלער. — די שיינע קעלנע־רין. — דער נס. — אַ זומערוואוינונג אין ווין. — דער ערשטער אַנטיסעמיט. — זיין טאָכטער. — א. לובעצקי. — זיינע פילע טאַלאַנטן. — זיין פּסיכאָלאָגישער ראָמאַן אין „השלח“. — זיינע תּלמידים. — ראובן בריינין אַלס גאַסט אין ווין. — זיין באַגלייטער דער „אַפריקאַנער אידישער מיליאָנער“. — פרייליין קאַל־מענסאָן פון מינסק. — קרעמענעצקי דער ציוניסט און פאַבריקאַנט. — סמיט, דער איינציקער יידישער אַרבעטער אין זיין פאַבריק. — אַרכיטעקט מאַרמאָרעק. — פּראָפעסאָר יערוזאַלעם.

אָפּגעריסן פון דער וואַרשעווער ליטעראַרישער סביבה, פון די יידישע פאָלקסמאַסן בכלל, האָב איך אין ווין, נאָך אַלע אָפּיציעלע פריינדשאַפטן און פריינדלעכקייטן פון די יידישע נאַציאָנאַל־געשטימטע סטודענטן, אין וועמעס קרייז איך האָב זיך געפונען — זיך דאָך געפילט איינזאַם און פאַרבענקט. עס זיינען געווען טעג, ווען איך האָב זיך קיין אָרט ניט געקענט געפינען און דאַן פלעג איך אָן שום ציל גאַנצע שטונדן אַרומוואַנדערן איבער די ווינער גאַסן, רינגען און פּלעצער.

וואַנדערנדיק אַזוי איינמאָל אין אַן אָרעמערן „בעצירק“, האָב איך זיך אַריינגעדרייט אין ערגעץ אַ גאַס, אַ פרעמדע, אַ שטילע. עס איז געווען אַ הייסער טאָג, אַ זייגער דריי־פיר. און פּלוצים איז מיר באַפאַלן די פראַגע: וואוהין גיי איך און וואָס טו איך בכלל אין ווין? עס איז מיר באַפאַלן אַן אַנגסט. איך בין געבליבן שטיין, ניט קענענדיק און ניט וויסנדיק וואוהין צו מאַכן אַ טראָט ווייטער, צי צוריק. אין קאָפּ איז געוואָרן לער, קיין איין מחשבה האָט אים ניט באַשעפטיקט און אָט דווקא די לערקייט האָט גע־דריקט. אויך דאָס האַרץ איז געוואָרן לער פון אַלע פאַרלאַנגען. איך האָב נאָך אַזאַ זעלן־צושטאַנד ביז יענעם טאָג קיינמאָל ניט

דורכגעמאַכט... אַן אומעט, אַ ניט-באַפרוכטנדיקער, איז מיך באַפאַלן. עס איז מיר געווען, ווי איך וואָלט ניט געוואוסט, וואָס צו טאָן מיט זיך אַליין. איך האָב געזוכט אַ טרייסט, אַן אָנהאַלט און ניט געפונען, אַ מין קאָשמאַר אויף דער וואָר... בין איך אַזוי געשטאַנען איניקע מינוט און ניט געקענט זיך באַשליסן, וואוהין צו גיין און וואָס ווייטער פאָרצונעמען... און אָט שטייענדיק אַזוי און אומקוקנדיק זיך, איז מיין בליק געפאַלן אויף אַן אויפשריפט אין באַשיידענע דייטשע בוכשטאַבן „ווינקעלער". איך האָב אַפילו ניט געטראַכט, אַריינצוגיין אינעווייניק. וואָס האָב איך צו טאָן אין אַ ווינקעלער? נאָר ווי אַ געהיימע האַנט וואָלט מיך אַ שטויס געטאָן און ניט קלערנדיק צוליב וואָס — האָב איך זיך אַ קערעווע געטאָן צום ווינקעלער און ווי מאַשינאַל האָב איך זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אַ פּאָר אונטערשטע טרעפּ... אַדאַנק, וואָס די טיר פון ווינקעלער איז געשטאַנען אָפן, בין איך גלייך שוין געווען אינעווייניק... פון פאָרנט איז קיינער ניט געווען. איך האָב זיך געוואָלט אומקערן צוריק, אָבער פון דעם צווייטן צימער האָט זיך באַלד באַוויזן אַ מיידלשע געשטאַלט. אַ גאַסטפרײַנדלעכע, אַ ליבע יונגע ווינערין האָט מיך ליב-שמייכלענדיק באַגעגנט. איך האָב זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ טאַבורעט ביי אַ קליינעם, ניט געפאַרבטן דעמבענעם טישל. די אומגעבונג אַן אָרעמע, אָבער אַ ריינע, אַ ציכטיקע און אַ געמיטלעכע...

וואָס צו באַשטעלן האָב איך ניט געוואוסט. אויף דער מיידלס ערשטער פראַגע, וואָס איך ווינטש, וואָס האָט געקלונגען ווי מוזיק, האָב איך ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. אַז מען קען באַשטעלן אַ גלאָז ווייַן, האָב איך ניט געוואוסט, צי ניט געוואַגט. ערשט, אַז איר שמייכל און באַזונדערס איר יוגנט און שיינקייט האָבן אָנגעהויבן מיך צו באַרוישן, האָב איך שוין דרייסטער אַרויסגעזאָגט:

— ראַטן זי זעלבסט, — און געשמייכלט צו איר ווי אַ באַגליקטער...

— איין גלאָז ווייַן... — האָט זי שוועסטערלעך צוריקגעשמייכלט.

איך פאַרשלאָג האָב איך שוין ניט געקענט בײַשטײן. זי האָט מיר גלייך צוגעטראָגן אַ הויכע און שמאָלע גלאָז מיט ווייסן ווײַן. איך האָב געגעבן דעם ערשטן שלוק... עס האָט מיר אָנגענומען אַ נײַע פרייד, אַ פאַרלאַנג צו לעבן. די פריערדיקע שטימונג איז אין־גאַנצן אַוועק.

איך האָב זי אָנגענומען פאַר דער האַנט, זי האָט זיך ניט געוועהרט, פאַרקערט, אַ שמייכלענדיקע איז זי קעגנאיבער מיר געשטאַנען און מיך געמוטיקט מיט אירע נייגעריקע און אין דער זעלבער צייט פריינדלעכע בליקן.

— זעצן זי זיך, ליבעס קינד...

זי האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן מיר, אויפן שמאָלן טאַבו־רעט. איך האָב זי אַרומגענומען און באַשאָטן איר בליענדיק געזיכט מיט פלאַמענדיקע קושן. זי האָט זיך ניט געוועהרט. געקוקט אויף מיר מיט אירע שיינע פריילעכע אויגן און האָט מיט האַלב־אויפ־געעפנטע ראָזיקע ליפּן געטריי געשמייכלט מיר אַנטקעגן.

איך ווייס ניט, צי דער ווײַן, צי די קושן — איך בין געוואָרן באַרוישט. די יונגע קעלנערין — און אפשר איז זי געווען די טאָכטער פון דעם אייגנטימער פון ווײַנקעלער, איבעריקנס אין ווײַנ־קעלער האָט זיך דעמאָלסט קיינער אויסער אונז ביידן ניט געפונען— זי האָט מיך אויפגעמונטערט. סײַ מיט איר פרישקייט און שיינקייט, סײַ מיט איר גוטסקייט. איך האָב שוין ניט געקאָנט באַגרייפן, ווי אַזוי איך האָב מיט עטלעכע מינוט פריער געקענט זיין אַזוי פאַר־צווייפלט, ווען אויף דער וועלט געפינען זיך אַזעלכע געבענטשטע וועזנס, ווי אָט די וואונדערלעכע מיידל...

דאָס אומדערוואַרטע גליק איז געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב ניט געוואָלט אים לאָזן צו לאַנג געדויערן, ניט אויסשעפּן אים. איך האָב געוואָלט אים מיטנעמען מיט זיך, און דערפאַר האָב איך זיך אויפגעהויבן פון טאַבורעט, וואו איך בין מיט איר געזעסן אָרעם אין אָרעם, האָב געפרעגט אויפן פרייז פון דער גלאָז ווײַן, וועלכע איך האָב איבעריקנס אויסגעטרונקען אינגאַנצן.

דער פרייז איז געווען אַזוי קליין, אַז עס האָט מיך אַזש איבעראַשט: 25 העלער... איז דען ווײַן אַזוי ביליק? ביז דאַן האָב

איך געמיינט, אַז ווײַן איז בלויז פאַר רייכע... און דערצו האָב איך זי אַזוי שטאַרק געקושט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז אויך די קושן וועט זי צורעכענען. אָבער ניין. עכטע קושן געוועזן... ניט צו באַצאָלן. דאָס האָט סיי זי, סיי מיך נאָך מער דערהויבן. איך האָב זיך מיט איר געזעגנט ווי מיט אַ נאָר-וואָס מיר נאָענט-געוואָרענער פריינדין. זי האָט מיך באַגלייט ביזן שוועל און אַ שמייכלענדיקע נאָך געגריסט מיט דער האַנט, ווען איך בין שוין געווען אין דרויסן... „אויפווידערזען"...

פאַר איבערראַשונג האָב איך דאַן פאַרגעסן צו מערקן דעם נאָמען פון דער גאַס. אָבער סיי-ווי-סיי האָב איך ניט געטראַכט מער צו גיין אין דעם דאָזיקן ווינקעלער, ווי איך וואָלט ניט וועלן מיט די ווייטערע באַזוכן אָפּווישן דעם שטאַרקן איינדרוק פון דעם ערשטן.

די דאָזיקע פּאַסירונג—און אייגנטלעך קען עס אַפילו ניט הייסן פּאַסירונג, ווייל עס האָט גאָרניט פּאַסירט — האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. עפּעס האָט עס אויסגעוויזן ווי אַ נס, אָדער ווי אין אַ צויבער-מעשהלע, ווי אין אַ חלום...

צוריק בין איך שוין געגאַנגען מיט פעסטע, מונטערע טריט, ווי אַ זיגער.

מער האָבן מיך אַזעלכע שטימונגען ניט באַפאַלן און קיין ווינקעלער מיט אַזאַ ליבנסווערדיקער קעלנערין האָט זיך ניט געוויזן. די נאַכט-קאַפעען און קאַבאַרעטן, וואו איך פלעג יאָ אַמאָל אַריינקומען, זיינען שוין געווען גאָר פון אַן אַנדער כאַראַקטער. אַהין בין איך געגאַנגען אויך צוליב לאַנגווייליקייט, אָבער מער צו באַאָבאַכטן דאָס ווינער רוישיקע לעבן. פון די דאָזיקע נאַכט-קאַפעען בין איך אָבער אַלעמאָל אַרויס גייסטיק אַן אַנטוישטער... אין זיי האָט געפעלט די עכטע פרייד און דאָס עכטע לעבן. די דאָזיקע איינדרוקן האָב איך איבערגעגעבן אין צוויי מיניאַטורן: „דער פאַלשער טאָן" און „דער קעלנער" און פיל שפּעטער — אין אַנדערע — גרעסערע דערציילונגען.

צייטנווייז האָב איך ליב געהאַט צו באַזוכן דעם ווינער פּראַטער, אַ מין ניו-יאָרקער קוני-איילאַנד, אָבער פאָלקסטימלעכער און

מיט מער געשמאַק. אויך די פרייד איז דאָרט געווען אַ רויִקערע און אַן עכטערע, אָבער די מוזיק, וואָס האָט אין פּראַטער אין פאַר־שיידענע פלעצער געשפּילט, איז געווען פון זעלבן מין, וואָס מען הערט אין קוני־איילאַנד, און עס האָט פונקט אַזוי געגרילצט. אמת, די הילצערנע מוזיקאַנטן, וואָס זיינען געשטאַנען אין דער הייך אויף אַזאַ מין שפּילקאַסטן און פלעגן זיך ביי יעדן שטיק באַוועגן און שפּילן אויף אַלערליי אינסטרומענטן, און אַ הילצערנער קאַפּעל־מייסטער האָט מיט גרויס איבערגעבנהייט דיריגירט און געפאָכעט מיט זיין שטעקעלע אין אַלע זייטן, פונקט ווי אַ לעבעדיקער קאַ־פּעלמייסטער — דאָס האָט שטאַרק אַמוזירט אַפילו מיך...

* * *

צווישן די פּאָר יידישע שריפטשטעלער, וואָס האָבן געוואוינט אין ווין, איז געווען א. לובעצקי, אַ מערקווערדיקער, אינטערעסאַנטער טיפּ. אַ מענטש מיט פאַרשיידענע טאַלאַנטן, האָט ער ניט געקענט זיין „איך" אַרויסצייגן אין קיין איינעם... געשריבן יידיש און העבּ־רעיִש, האָט ער אָבער ריידן קיין איין שפּראַך ניט געקענט ריכטיק. גערעדט האָט ער כלומרשט דייטש, אָבער זיין דייטש איז געווען אַ גרילצנדיקער, און ער פלעגט יעדער זאַץ צוזאַלצן מיט אַ העבּ־רעיִשן וואָרט: „עס וואַר איין גראָסער פּחד אַנצושאַוען"... אָדער: „וויר האַבּן שאָן דאָס זעלבע איבּערגעחזרט..."

מיט דעם דאָזיקן א. לובעצקי איז מיר גראָד אויסגעקומען צו וואוינען אַ פּאָר חדשים אין איין האָטעל, אויף אַ זומערוואוינונג, אייניקע מייל פון ווין. דער האָטעל האָט געהערט צו אַ ווינער דייטש, וואָס האָט באמת ניט ליב געהאַט קיין יידן, אָבער אַזוי ווי דעם האָטעל האָט ביי אים פאַר די זומערדיקע חדשים גע־האַלטן אין „אַרענדע" אַ יידישע פרוי פון אונגאַרן, אַן אַלמנה, זיינען שוין אַלע געסט באַשטאַנען פון לויטער יידן און אַפילו פון אייניקע „רוסן", צווישן וועלכע איך בין איינער געווען... ווען ניט דער דאָזיקער האָטעל־אייגנטימער, וואָלט איך ניט געהאַט די זכיה אָנצוזען אַ ווינער אַנטיסעמיט מיט מיינע אייגענע אויגן... ער איז געווען דער איינציקער ווינער גוי, וואָס איך האָב געקענט אַלס

אַנטיסעמיט, אָבער אויך ער האָט זיך געמוזט חנדלען צו די יידישע געסט, ווייל דער רעסטאָראַן און די בירהאַלע, וואָס דער האָטעל האָט פאַרמעגט, האָט געהערט צו אים אַליין, און ער האָט ניט געוואָלט פאַרלירן די יידישע געסט אַלס קונדן... דערצו האָט ער געהאַט אַ טאָכטער, שוין אַן עלטערע מיידל, און דווקא ניט קיין שיינהייט, וואָלט ער אַפילו ניט געווען דעקעגן צו באַקומען איינעם פון די יידישע יונגעלייט פאַר אַ חתן פאַר איר. זי וואָלט אַוודאי ניט געווען דעקעגן, ווער רעדט איינעם פון די צוויי שילער פון א. לובעצקי, שיינע יידישע בחורים פון רוסלאַנד, וועמען לובעצקי האָט געגעבן לעקציעס אין געזאַנג און „געשטעלט" זייערע שטי-מען... — מיט זיי וואָלט זי אַוודאי ניט געבראַקירט. צום אומגליק האָט יעדער איינער פון זיי באַזעסן אַ שאַץ פון זיין גופא און אַ שענערע און אַ יינגערע פון איר. אַז די דאָזיקע צוויי „שאַצן" פלעגן אין די זונטאָגס באַזוכן לובעצקיס צוויי תלמידים, פלעגט טאַ-קע סיי דער פאָטער, סיי די טאָכטער זיי ניט זייער פריינדלעך אויפנעמען, כאָטש די „שאַצן", יונגע שיינע ווינערינס, זיינען גע-ווען עכטע קריסטינס....

ווי אַזוי קומט צו א. לובעצקין שילער פון געזאַנג, דאַרף קיין פראַגע ניט זיין. א. לובעצקי האָט טאַקע אַליין זינגען ניט געקאָנט, און אפשר אַמאָל, איידער נאָך איך האָב אים געקענט — איז ער יאָ אַ זינגער געווען, נאָר ער האָט פאַרלאָרן זיין שטים — אָבער די טעאָריע פון געזאַנג האָט ער יאָ געוואוסט, און ניט נאָר געוואוסט, נאָר ער האָט אַפילו אויסגעפונען אַ נייע מעטאָדע, ווי אַזוי צו שטעלן „שטימעס"... ער האָט מבטל געווען די אַלע ווי-נער פראָפעסאָרן פון געזאַנג, האָט אַן אויפגערעגטער באַוויזן מיט אותות-ומופתים, אַז זיי פאַרדאַרבן מיט זייערע פאַלשע מעטאָדן די שטימען פון גאָר גרויסע זינגער, וואָס זיינען אַריינגעפאַלן צו זיי אין די הענט. אַוודאי האָט לובעצקי אין זיין טעאָריע אַליין געגלויבט און מיט דעם כוח פון זיין גלויבן איז אים אויך געלונגען צו באַקומען יונגע זינגער אַלס תלמידים און נעמען פאַר אַ לעקציע אַ בערך היבשן פרייז...

עס איז געווען שטאַרק אינטערעסאַנט בייצוּוואוינען אַ לעקציע

פון א. לובעצקי מיט זיינע תלמידים, פיר אין צאָל, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אַ פּאָר מיט ווירקלעך גרויסע שטימען. איי-נעם, אַ יונגן חזן אין אַ ווינער טעמפּל, האָט לובעצקי פאָרגעבּרייט צו דער גרויסער אָפּערע... עס איז געווען בלויז אַ פראַגע פון נאָך אַ פינף לעקציעס... צופעליק האָב איך דעם דאָזיקן חזן אין יאָרן אַרום געטראָפן אין בערלין.

— איר זינגט אין דער היגער אָפּערע? — האָב איך אים גע-פרעגט.

— וואָ אָפּעראַ? — האָט ער זיך געקלאָגט, — איך בין יעצט קאַנטאָר אין בודאַפּעשט...

און דערביי האָט ער זיך אויסגעדריקט וועגן לובעצקין ווי וועגן איינעם, וואָס האָט מיט זיינע „שטים-מעטאָדן" פאַרדאָרבן זיין שטים...

אין דער זעלבער צייט האָט לובעצקי, וואָס איז געווען באַ-קאַנט אַלס העברעיִשער און טיילווייז יידישער פּובליציסט, אָנגע-שריבן אַ „פּסיכאָלאָגישן" ראָמאַן. געדרוקט האָט זיך דער ראָמאַן אין המשכים אין „השלח"... בלויז אַחד-העם, וואָס איז ניט גע-ווען קיין אָנהענגער פון קונסט פאַר קונסט, האָט געקאָנט דרוקן אין אַזאַ וויכטיקן זשורנאַל ווי „השלח" דעם דאָזיקן ראָמאַן, וואָס זיין טיטל און אינהאַלט האָב איך אינגאַנצן פאַרגעסן. אַז עס פלעגט אָנקומען אויף דער זומערוואַוינונג אַ העפט „השלח" מיט אַ המשך פון ראָמאַן, איז לובעצקי יענעם אָוונט, קומענדיק פון ווין, — וואו ער פלעגט אין קאַפעען פאַרברענגען דעם טאָג — געווען ברוגזער ווי תמיד. און ברוגז איז ער געווען דערפאַר, וואָס זיין ראָמאַן, ווי ער האָט געפילט און געמערקט, ווערט פאַרשוויגן און ניט אָפּ-געשאַצט, לויט זיין גרויסן ווערט.

— דאָס איזט איין גראָסעס אומגליק, ווען אַ פּובליציסט שרייבט אויך בעלעטריסטיק — פלעגט ער זיך פאַר מיר קלאָגן, זיצנדיק אויף דער וועראַנדע — מאַן האָט צו אים קיין צוטרוי... אונד בלאָס דעסהאַלב וויל איך אויך „מאמרים" שרייבע...

פון אַלע זיינע פראָפעסיעס האָט ער אָבער געלעבט גענוג אָרעם. זיין יונגע און מילדע פרוי, אַ שוועסטער פון ראובן ברייניך, וועמעס מוטער, ברידער און שוועסטער האָבן דאָן געוואוינט אין ווין,

האָט אויס גרויס אַכטונג און געטרייישאַפט צו אים, שטאַרק אויפגעפּאַסט, אַז עס זאָל אים גאָרניט פעלן, און האָט נאָכגעגעבן אַלע זיינע קאַפּריזן פון אַ גאון... זיינע השגות וועגן לעבן זיינען געווען זייער גרויס. ניט קוקנדיק, וואָס ער איז געווען אַ מענטש פון גייסט, האָט ער אָבער שטאַרק געהאַלטן פון עולם=הזה. אָט ווי איצט געדענק איך זיינע ווערטער, ווען ער האָט זיך פאַר מיר אַמאָל געקלאָגט, וואָס ער מוז לעבן באַגרענעצט, ניט נאָך זיינע השגות. איך האָב אים אויפמערקזאַם געמאַכט:

— איר לעבט ברייט, איר באַזוכט שיינע קאַפעען...

— נו, יאַ, ווען איך זאָל נאָך ניט קענען זיך דערלויבן, צו פאַרשווענדן אייניקע קראָנען אַ טאָג פאַר מיין פאַרגעניגן, מעכט איך זעלבסטמאָרד באַגאַנגען.

און צום גרויסן באַדויערן, האָט דער דאָזיקער אין אַלגעמיין באַגאַבטער מענטש, נאָכדעם, ווי ער האָט אין אָדער נאָך דער וועלט=מלחמה געמאַכט פיל מיליאָנען אין געלט=ספּעקולאַציעס און האָט, נאָכן פאַלן פון דעם דייטשן, צי פּוילישן מאַרק, זיינע גאַנצע מיליאָנען פאַרלאָרן, איז געבליבן מיט אַ פּאַק ווערטלאָזן פּאַפּיר=געלט — זיין דראָונג אויסגעפירט... די דאָזיקע נאַכריכט האָט מיך שטאַרק דערשיטערט און איך האָב זיך דערמאָנט אָן זיין אַמאָליקער אָנדייטונג אויף דעם... זיינען אפשר מאַנכע גערעכט, וואָס זיי היטן זיך אַרויסצוברענגען אויף זייער מויל אַ שלעכטע פאָרזאָגונג...

אַ טרוקענער גמרא=קאָפּ, גענייגט צו פּילפּול, האָט ער דאָך פאַרמעגט אין זיך פיל פּאָזיטיוועס, און אַפילו גייסטיקע שיינקייט מיט אַ נייגונג צו מוזיק. כאָטש אָן אַ גרינטלעכן וויסן פון דער טעאָריע פון מוזיק, האָט ער קאָמפּאָנירט אייניקע ניגונים צו יידישע לידער, צו מיין ליד „די יונגע קרעמערין" האָט ער פאַרפאַסט אַ באמת וואונדערלעך שיינע מעלאָדיע. פאַרפאַסט די מעלאָדיע האָט ער אין עקספּראָמט: אויף דער וועראַנדע פון אונזער וואוינונג אין דעם האָטעל. ער איז אויך געווען אַ גרויסער מבין אויף פּאָעזיע. פון מ. ראָזענפעלדן פלעגט ער ריידן מיט אַנטציקונג. „דער ערשטער דיכטער=קלאַסיקער ביי יידן מיט אַ קלאַסישן טאָן", האָט ער, מיט

רעכט, זיך געהיצט און געאַמפּערט מיט די, וואָס האָבן עס ניט געוואָלט צוגעבן...

אין יענעם זומער איז געקומען צו לובעצקין צו גאַסט ראובן בריינין, וועלכער האָט שוין דאַן געוואוינט אין בערלין. דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך האָב מיט בריינינען זיך באַקענט. שוין דאַן אין די פּערציקער, אָבער מיט אַ פייערדיקן בליק און מיט אַן ענערגישן איסזען, האָט אויף מיר בריינין געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער איז אַפילו דאַן געווען ניט נאָר אַ העברעישער שרייבער, נאָר אויך אַ „העברעיסט", הגם ער האָט אויך אין „יוד" פאַרעפנטלעכט אייניקע אַרטיקלען וועגן ש. פרוג און מאָריס ראָזענפעלד — פונדעסטוועגן האָט ער שטאַרק געריימט מיינע לידער, וועלכע ער האָט געלעזן נאָך אין בערלין. איבערהויפּט האָט ער מיך פאַרלויבט פאַר דעם גרויסן גאַסט, וואָס ער, בריינין, האָט מיטגענומען צו לובעצקין אויף אַ שמחה... ער האָט וועגן מיר געזאָגט גאָר גרויסע ווערטער... דער גאַסט איז געווען, לויט מען האָט גערעדט, אַ גרויסער מיליאָנער פון דרום־אַפריקע... אַ ייד אַ משכיל, אַ חוכער, אַ בריטבייניקער, מיט אַ שוואַרצער באָרד און מיט גוטמוטיקע יידישלעכע אויגן. דער מיליאָנער האָט דערהערט, אַז איך בין אַזאַ „בעל־כשרון", ווי בריינין האָט מיר פאָרגעשטעלט, האָט ער אויף מיר געקוקט, ווי אויף איינעם, וואָס ער וויל באַגליקן. ער האָט נאָר געזוכט די פאַסיקע פאָרם.

— האָט איר עפּעס פון אייערע ווערק ביי זיך? — האָט מיר דער מיליאָנער ברייט אַ פרעג געטאָן.

איך האָב בלויז געהאַט איין עקזעמפּלאַר פון מיינע „צייט־לידער". האָט מיר בריינין צוגערעדט, איך זאָל עס געבן דעם גביר.

איך בין אַריין אין מיין צימער און אַרויסגעקומען צוריק מיט דעם קליינעם ביכעלע „צייט־לידער"...

איך האָב עס דערלאַנגט דעם מיליאָנער...

— נו, שרייבט שוין עפּעס אָן... האָט דער מיליאָנער ווי געבעטלט...

— זיכער, שרייבן זי עטוואָס אָן... צום אָנדענקען... — האָט אויך ראובן בריינין געראָטן און צווייד־ייטיק צוגעוואוּנקען.

אַ ברירה האָב איך געהאַט. אַז ברייניך הייסט, מוז מען פאָלגן. האָב איך זיך אַוועקגעלאָזט שרייבן אויבן, אויפן שער־בלעטל, און דווקא אויף לשון־קודש...

למזכרת אהבה וידידות...

לכבוד המשכיל.... אאַז״וו...

מיטן טיטל בין איך לחלוטין גאָרניט אויסן געווען, אויך ניט מיט דעם העברעיִש. עס איז מיר פשוט געווען לייכטער. דערצו אָפיציעלער. אין יידיש וואָלט איך שוין עפּעס געמוזט שרייבן אויפ־דיכטיק פּאָזיטיווער, און וואָס קאָן מען זאָגן וועגן אַ מענטשן, וואָס דו זעסט אים דאָס ערשטע מאָל? מעג ער מאַכן אויף דיר דעם בעסטן איינדרוק, הגם אַ מיליאָנער...

איבערגעגעבן דאָס ביכעלע אַלס מתנה פון ריינעם האַרצן, ווייל עס איז דאָך אַ ייד, וואָס פאָרט צוריק אין אַפריקע, טאָ זאָל זיך געפינען מיינס אַ ביכעלע אויך אין אַפריקע, זאָלן אַריינקוקן דערין נאָך אַ פּאָר פאַרוואָרפענע יידן... און די פאַנטאַזיע האָט זיך טאַקע ביי מיר וועגן דעם שטאַרק צעשפּילט. האָב איך שוין געוואָלט זיך אויפהייבן פון אָרט און אַוועקגיין, צוריק אין מיין צימער, — אָבער איך האָב באַמערקט, ווי דער מיליאָנער „באַגרעט" זיך ביי דער בוזעם־קעשענע פון זיין רעקל...

איך האָב עפּעס פאַרגעפילט. אַ קאַמף איז אין מיר פאָרגע־קומען: יאָ, ניין... ניין... יאָ... יאָ, ניין... און איך האָב באַשלאָסן: ניין...

דער מיליאָנער האָט שוין אויפגעעפנט זיין פּאָרטמאָנע — אַן אָנגעפּאַקטער מיט פּאַפּיר־געלט... איך ווייס ניט, ווי גרויס די סומע וואָלט געווען, אָבער איך האָב זיך מיט שרעק אָפּגעוואָרפן:

— איך בעט אייך, נעמט צוריק... איך גיב אייך דאָס בי־כעלע אַלס אַ מתנה...

— יאָ, אָבער... עס קאָסט דאָך זיי אַליין... און דערצו זיינען זיי דאָך אין דער פרעמד... איך וויל זיי באַלוינען... — האָט דער מיליאָנער פאַרווירט געשטאַמלט...

— ניין, איך בעט אייך... איך האָב אייך געשענקט אַ מתנה... איך וויל ניט קיין באַלוינונג...

דער מיליאָנער האָט דערזען, אַז איך מיין עס ערנסט, און פאַרשעמט האָב איך זיך אויף זייער שטאַרק, האָט ער ניט געוואָלט מיך מער דערקוטשען. ער איז אָבער פון מיין „טאַט“ געוואָרן גערירט. קענטיק, אַזאַ מחבר האָט ער דאָס ערשטע מאָל אין זיין לעבן געזען...

— אויב אַזוי — האָט ער זיך לסוף אָנגערופן ווי אַ באַפרייטער פון אַ יאָך — אויב אַזוי וועל איך אייך אַמאָל איינלאַדן צו קומען צו מיר אַהיים, אין קייפטאַון... גלויבט מיר, איר וועט צו דער נסיעה ניט צולייגן...

די איינלאַדונג אָבער צו קומען צו אים אין קייפטאַון האָב איך קיינמאָל ניט באַקומען.

אויף אַזאַ אופן האָב איך געקענט שטאָלצירן, וואָס איך האָב אַ גרויסן מיליאָנער אַוועקגעשענקט אַ ביכעלע לידער.

פון די איבעריקע שטאַרקע איינדרוקן און באַגעגענישן אין ווין איז געווען מיין באַקאַנטשאַפט מיט אַ סטודענטין קאַלמענסאָן, אָדער קאַלמאַנאָוויטש, אַ טאָכטער פון אַ באַרימטן לערער אין מינסק. די באַקאַנטשאַפט מיט איר איז געווען אַן אויסטערלישע. קיינער האָט אונז ניט פאָרגעשטעלט, נאָר ווען מיר פלעגן זיך — און שטענדיק צופעליק — באַגעגענען, פלעגן מיר זיך לאַנג און דורכדרינגענדיק אָנקוקן... ביז וואַנען מיר האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַגריסן, פריער מיט אַ נייגן זיך, נאָכדעם שוין מיט אַ האַנטדרוק. זי איז געווען אַ וואונדערלעכע שיינהייט, אַ שלאַנקע, ווי אַ סאָסנע, און ניט קוקנדיק, וואָס זי איז געווען פאַרטאָן שטענדיק אין אירע לימודים — וואָס זי האָט געשטודירט, געדענק איך ניט — האָט זי דאָך פאַרמעגט פיל צאַרטקייט און איידל-ווייבלעכעס. גערעדט האָט זי מיט מיר רוסיש, קיין יידיש האָט זי ניט געקענט, אָבער אַז איך בין אַ יידישער שרייבער האָט זי דאַן געוואוסט און דאָס האָט איר קענטיק אימפאָנירט. באַצויגן צו מיר האָט זי זיך אָבער מער ווי צו אַ לאַנדסמאַן, איידער ווי צו אַ שרייבער... הגם אין מינסק האָב איך ניט נאָר איר, נאָר אַפילו איר באַרימטן פאָטער ניט געקענט, בלויז זיין נאָמען געהערט.

די איז געווען די איינציקע פון דעם קרייז רוסישע סטודענטן אין ווין, פון די וואָס איך האָב פערזענלעך געקענט, וואָס איז געווען אַ סאָציאַל-דעמאָקראַטין און אפשר אַ ס.ר.ין, קיין בונדיסטין איז זי זיכער ניט געווען. די דאָזיקע אויסגעצייכנטקייט אין איר האָט מיך נאָך מער צוגעצויגן צו איר, און מיין יידישקייט, וואָס איז איר געווען ווייט, האָט דאָך איר דערנענטערט צו מיר. צו באַפריינדעט זיינען מיר אין פאַרלויף פון מיין זיין אין ווין קיינמאָל ניט געווען. בלויז איינמאָל האָב איך זי אַיינגעלאַדן צו גיין מיט מיר אין אַ קאַפע. זי האָט זיך אָנפאַנגס אָפּגעזאָגט, אָבער נאָכדעם, ווי איך האָב אין שפּאַס געמאַכט איר אַ קאָמפּלימענט, אַז דער הוט פּאַסט איר זייער, איז זי — אַן ערנסט געשטימטע — געוואָרן מער אויפגעלעבט און האָט זיך געלאָזט איבעררעדן, צו גיין אין אַ קאַפעהויז, אָבער מיט אַ תנאַי, — בלויז אויף איין שטונדע, ווייל שפּעטער מוז זי גיין אין אוניווערסיטעט, הערן אַ לעקציע פון פּראָפעסאָר יאָדעל, וועגן פּסיכאָלאָגיע...

איך האָב זי אַיינגעלאַדן אין קאַפע „סולער". זי האָט קענטיק דאָס ערשטע מאָל באַזוכט אַזאַ רייך קאַפע-הויז. אָנפאַנגס, ביים אַריינקומען אין קאַפע, איז זי געבליבן פאַרווירט, באַלד אָבער, נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך שוין אַוועקגעזעצט ביי אַ טישל און אַ העפלעכער, אַ צופיל העפלעכער און אָנגעקראָכמאָלטער קעלנער איז צוגעקומען מיט אַ פאַרנייג און מיט אַ פאַרטיקן שמייכל אויף זיינע ליפּן און געפרעגט, ווי אויסזינגענדיק: „וואַס ווינשען זי, גנעדיקע הערן און דאַמען" — האָט זי מיט אַ ווידערגעפיל זיך אָפּגעקערט פון אים...

און נאָך זיין אַוועקגיין האָט זי שוין אויסגעדריקט איר מיינונג וועגן אָט דער געמאַכטער העפלעכקייט בכלל, און גלייך ווי זי האָט אָפּגעטרונקען די טאַסע קאַווע, האָט זי מיך גענומען רופן צוריק...

איך האָב דערפילט דעם אמת אין איר פּראָטעסט קעגן דער פאַלשער העפלעכקייט און דער אַיינדרוק פון אירע רייד און פון איר אַליין איז אויף מיר געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב אין אַ

קורצער צייט אַרום אָנגעשריבן אַ דערציילונג „אינמיטן דערינען", וואו די שיינע און אינטערעסאַנטע סטודענטקע האָט פיגורירט אַלס הויפּט־העלדין...

אַ שטאַרקן אײַנדרוק האָט אויף מיר אויך דאַן געמאַכט אַ יונגער יידישער אינטעליגענטער אַרבעטער, מיטן נאָמען סמיט. דאָס איז געווען דער איינציקער קלאַסנבאַוואוסטער, וועמען כ'האָב קענען געלערנט אין ווין. ווי אַזוי ער איז מגולגל געוואָרן קיין ווין, ווייס איך ניט. איך ווייס נאָר, אַז זייענדיק אַ לאַנגע צייט אַרבעטסלאָז, — האָט ער ענדלעך געפונען אַרבעט ביי קרעמענעצקין אין פאַבריק. קרעמענעצקי, אַ רייכער פאַבריקאַנט אין ווין, דאַכט זיך אַליין אַ רוסישער ייד, האָט אָבער קיין יידן אין זיין פאַבריק ניט אַריינגענומען. סמיט האָט מיר דערציילט מיט אַ טרויעריקן שמייכל, אַז צוליב דעם, וואָס ער איז בלאָנד און זעט ניט אויס ווי אַ ייד און זיין נאָמען, סמיט, קלינגט אויך ניט יידיש, האָט ער באַקומען אַרבעט אין קרעמענעצקיס פאַבריק, וואו קיין יידן ווערן ניט אויפגענומען...

קרעמענעצקי איז דעמאָלסט געווען איינער פון די הויפּט־מיטגלידער פון ציוניסטישן אַקציאָנס־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אין ווין. אָנפאַנגס האָב איך ניט געקענט גלויבן, אַז אַ יידישער פאַבריקאַנט זאָל ניט אַריינעמען קיין יידישע אַרבעטער, אָבער אַז איך האָב זיך איבערצייגט אין דער ריכטיקייט פון סמיטס באַהויפּטונג, איז מיין אויפרעגונג קעגן קרעמענעצקין, וואָס איז נאָך געווען אַ פירער ביי די ציוניסטן — געווען זייער גרויס... און מיין צאָרן קעגן די ציוניסטישע פירער איז נאָך שטאַרקער געוואָרן... טראָץ די סענטימענטן, וואָס האָבן מיך באַהערשט די ערשטע וואָכן אין ווין צוליב די איינציקע אויפריכטיקע צווישן זיי...

איינער צווישן די אויפריכטיקערע איז געווען דער אַרכיטעקטאָר מאַרמאָרעק, מיט וועלכן א. קאָראַלניק האָט מיך ביי אַ צופאַל באַקאַנט. ער איז געווען אַ הויך־אינטערעסאַנטער און געלערנטער מענטש, אין פערזענלעכן און פאַמיליען־לעבן אַן אומגליקלעכער. דערפאַר אפשר האָט זיין ציוניזם — איבעריקנס איז ער שוין דאַן אַ גאַנץ קנאַפער ציוניסט געווען — געטראָגן אַ מער פילאַנטראָפּישן כאַראַקטער, לויט זיין אָריגינעלער אויפפאַסונג.

פון די געלערנטע אין ווין האָב איך זוכה געווען אין יענעם זומער צו זען פּראָפעסאָר יערוזאַלעם און אַפילו הערן אַ לעקציע פון אים אין ווינער אוניווערסיטעט. געקומען צו דער לעקציע האָט מיך טאַקע א. קאַראַלניק. זיצנדיק אין איינעם פון די גרעסערע אודיטאָריומס פון דער ווינער באַרימטער אוניווערסיטעטס־געביידע, וואָס האָט אין מיינע אויגן דאַן אויסגעזען ווי אַ בית־המקדש, צווישן הונדערטער סטודענטן צוהערער, האָב איך זיך געפילט אין דער בחינה פון אַ סטודענט, בפרט אַז די לעקציע איבער פרידריך ניצשע האָב איך גוט פאַרשטאַנען און אויפמערקזאַם געהערט יעדעס וואָרט. איך האָב אָבער אויך ניט פאַרפעלט צו באַמערקן, אַז אַ פּאָר סטו־דענטן זיינען אין די ווינקלדיקע בענק געזעסן און געשמאַק גע־שלאָפן...

אַרויסגעגאַנגען פון אוניווערסיטעט בין איך גלייך מיט אַלע. הינטער אונז איז געגאַנגען אויך דער פּראָפעסאָר יערוזאַלעם... מיט זיין שיינער שוואַרצער באָרד, מיט זיין קלוגן שמייכל, וואָס האָט באַשטראַלט זיין איידעלן פּנים, פינדיק שוין, קענטיק, אַ שיחת־חולינדיקן געשפּרעך מיט אַ פּאָר יונגע סטודענטן, וועלכע זיינען מיט יראת־הכבוד אים נאָכגעגאַנגען ביי זיין רעכטער זייט — האָט ער אויסגעזען ניט נאָר ווי אַ ייד — ער איז געווען טאַקע אַ ייד — נאָר ווי אַ ראש־ישיבה, וואָס האָט נאָר־וואָס געהאַלטן אַ „שיעור" פאַר זיינע תּלמידים...

---

# פיראונפערציקסטער קאַפּיטל

אומרוען אין וואַרשע. — דער אָפּקלאַנג. — מיין דערציילונג וועגן די אומרוען. — צו שאַרף פאַרן „פריינד“. — מיין איבעררייסן מיטן „פריינד“. — „די דריי טאַקטן“. — מיין לאַנדסמאַן דער קריטיקער. — בעל־מחשבותעם בריוו. — ווינער יידישע סביבה. — דאָס יידישע טעאַטער.

אין דער זומערוואוינונג, וואו איך האָב געוואוינט, ווי כ'האָב שוין דערציילט, אין איין צימער מיט א. קאָראַלניקן און בשכנות מיט א. לובעצקין, איז דאָס לעבן געגאַנגען רוישיק און טומלדיק, איבערהויפּט אין די פרימאָרגנס, ווען די אַלע זומערדיקע געסט פלעגן אויפשטיין און גרייטן זיך צו פאָרן צו זייערע באַשעפטיקונגען אין ווין, און פאַרנאַכט, ווען זיי פלעגן זיך ווידער צוזאַמענקומען, און צוליב די ענגע צימערלעך, וואָס דער האָטעל האָט פאַרמאָגט, האָט יעדער זיך געפּלאָנטערט אויף דער שמאָלער, לאַנגער ווערענדע... אַ שטילן ווינקל, וואו צו פאַרקלייבן זיך און שרייבן, איז געווען שווער צו געפינען. דערפאַר האָב איך אין די פאָר מאָנאַטן, וואָס איך האָב זיך געפונען אין דעם זומער־האָטעל, זייער ווייניק געשריבן. פונדעסטוועגן, אַז עס זיינען אָנגעקומען די ידיעות אין די צייטונגען וועגן די אומרוען אין וואַרשע, וואָס די מלחמה און דער קריזיס האָט אַרויסגערופן ביי די אַרבעטסלאָזע, האָב איך שוין ניט גערעכנט זיך מיטן טומל אויף דער ווערענדע און אָנגעשריבן אַ דערציילונג „גאָר ניט פריילעך“, אָדער ווי איך האָב זי שפּעטער אַ נאָמען געגעבן: „פון וואַנען שטאַמט פילאַנטראָפּיע“... אַלץ סוזשעט האָט מיר געדינט די ידיעה, אַז אַרבעטער זיינען באַפאַלן איין גאַס אַ וואָגן מיט ברויט, וואָס מען האָט געפירט פון אַ בעקעריי, און האָבן עס צעכאַפּט... אויך די נייס, אַז אין גרינבערגס גרויסן רעסטאָראַן אויף דזיקע־גאַס זיינען אַריין אַ קאָמפּאַניע אַרבעטער, זיך צעזעצט ברייט

אַרום די טישן; זיינען גלייך צוגעקומען די קעלנערינס — מאַנכע פון זיי האָב איך געקענט, ווייל אויך איך האָב, זייענדיק אין וואַרשע, געגעסן אין דעם דאָזיקן רעסטאָראַן אָפּט אַ מיטאָג, וואָס האָט מיר זייער געשמעקט, ביז וואַנען איך האָב, איינמאָל, אין דער זופּ געפונען אַ גאַנץ היבשן טשוואָק, אָבער וואָס איז שוין געווען שטאַרק פאַרזשאַווערט, האָב איך שוין איבערגעלאָזן די זופּ מיטן טשוואָק, באַצאָלט פאַרן גאַנצן מיטאָג און האָב דעם דאָזיקן רעסטאָראַן שוין מער ניט באַזוכט — די קעלנערינס, האָט געזאָגט די ידיעה אין דער וואַרשעווער צייטונג, האָבן, גאָרניט חושד זייענדיק, זיי דערלאַנגט פון שענסטן און בעסטן, די אַלע פיר מינים: פאָרשפּייז, זופּ, קאָטלעטן און קאָמפּאָט, און נאָכן עסן האָבן אַלע, ווי אויף אַ געהיימער קאָמאַנדע, זיך אויפגעהויבן פון די פּלעצער אויף אַוועקצוגיין, און באַצאָלן וועלן זיי שוין אַן אַנדערש מאָל... אין בעסערע צייטן...

— איצט, האָבן זיי זיך פאַרטיידיקט, — איז ניטאָ קיין אַרבעט...

און זיינען זיך רויק אַרויסגעגאַנגען...

האָט דאָס אָנגעמאַכט אין וואַרשע אַ גוואַלדיקן רעש צווישן די רייכע און פאַרמעגלעכע... אויב אַזוי, איז מען דאָך ניט זיכער מיטן פאַרמעגן, מיטן אייגענעם האָב און גוטס — דאַרף מען דאָך עפּעס טאָן. האָבן אַנדערע געראָטן צו רופן די פּאָליציי און אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז מען דאַרף טיילן ברויט די אַרבעטסלאָזע...

האָב איך וועגן דעם אָנגעשריבן אַ גאַנץ שאַרפע דערציילונג, אַ ביסל מיט הומאָר, אַ ביסל מיט סאַרקאַזם, אָבער אָן אַגיטאַציע, חלילה... די קונסט טאָר ניט ליידן... בפרט, אַז די רעוואָלוציע האָט נאָך ניט אויסגעבראָכן. עס האָט נאָר־וואָס אָנגעהויבן צו טאָגן אויף רעוואָלוציע... די דאָזיקע דערציילונג האָב איך אַוועקגעשיקט אין „פריינד“ און אַזוי ווי מיין לאַגע איז געווען דאַן ניט פיל בעסער פון די אַרבעטסלאָזע אין וואַרשע, און קיין ברויט האָב איך פון וועגענער ניט געכאַפּט און קיין מיטאָג אָפּעסן אין אַ רעסטאָראַן און ניט באַצאָלן האָב איך אויך ניט געוואַגט, הגם די אייגנטימער פון האָטעל האָבן מיר יאָ געטרויט, אָבער מיטאָגן האָב איך גאָר געזאָלט עסן אין ווין, וואו איך האָב זיך געפונען פון בײ־

טאָג ביז פאַרנאַכט — האָב איך דערפאַר געפּאָדערט, אַז זיי, די באַלעבאַטים פון „פריינד", הייסט עס, זאָלן מיר גלייך אָפּשיקן דעם האָנאָראַר פאַר דער דערציילונג און פאַר די פּריעדריקע... ערשט אָנשטאָט געלט האָב איך באַקומען צוריק די דערציילונג. צי די דערציילונג איז געווען צו שאַרף פאַר די ליבעראַלן פון „פריינד", צי דער טאָן פון מיין בריוו צו זיי וועגן געלט איז געווען צו־שטאַרק — איך האָב ניט געוואוסט. אָבער סיי־ווי־סיי האָט עס מיך שטאַרק אויפגעבראַכט, בפרט אַז עס איז שוין געווען, אמת, ניט אין ווין, נאָר אין וואַרשע, ערב רעוואָלוציע... האָב איך שוין צום „פריינד" אָנגעשריבן אַ בריוו טאַקע ווי אַ רעוואָלוציאָנער...

און וואַרטנדיק אויף אַן ענטפער, האָב איך דערווייל בּיסלעכווייז געשריבן אַ גרעסערע דערציילונג מיטן נאָמען „דריי טאַקטן". און ווייל איך האָב זי געשריבן בּיסלעכווייז, אין דריי־פיר טעג, און יעדן טאָג אַ קאַפּיטעלע—און ניט ווי מיין שטייגער — בנשימה־אַחת, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די דערציילונג איז ניט געראָטן... איך האָב זי שוין אַפילו געוואָלט צערייסן. געראַטעוועט האָט זי אַ תּלמיד פון א. לובעצקי, וואָס האָט טאַקע אויך געוואוינט אין זעלבן האָטעל, גרשון יאָסעליעוו, טאַקע מיינער אַ לאַנדסמאַן פון קאָי־דענאָוו, וואָס איז געבענטשט געווען מיט אַ שיינער שטים און זיין טאַטע, דער געוועזענער גביר אַהרן־זיסל יאָסעליעוו, האָט נאָכדעם ווי ער האָט פאַרלאָרן זיין געלט אין שלעכטע געשעפטן ביי חזיר־האָר (זע ערשטע קאַפּיטלען „עפּיזאָדן") אים געשיקט קיין ווין שטו־דירן אויף חזן... איז ער געקומען פון דער באַן גלייך צו מיר אין האָטעל...

אַוודאי האָב איך אַליין אים רעקאָמענדירט צו לובעצקין, איז ער שוין געבליבן אויך וואוינען אין דעם זעלבן האָטעל און פלעגט אַמאָל פאָרן מיט מיר אין ווין אָנקוקן די שטאָט... אַ בחורל איז ער געווען אַ נאַיווער, ווי ער וואָלט שוין געווען אַ פאַרטיקער חזן, אָבער אַן איידעלער, מיט אַ חוש פאַר שיינקייט, אַדאַנק זיין שטים, וואָס איז אויך געווען „אַ טאַלאַנט"... פון מיר האָט ער זייער שטאַרק געהאַלטן. ערשטנס האָב איך אים די ערשטע צייט מקרב געווען, ער איז געווען מ י י ן גאַסט, ס'איז שיר ניט געווען „אַן

אײדעם אויף קעסט"... פאָר איך מיט אים אינדערפרי פון האָטעל קיין ווין, און זיצנדיק אין טראַמוויי, נעם איך אַרויס די דערציילונג „די דריי טאַקטן". דערזעט ער „דריי טאַקטן" — איז דאָך דאָס אים אַוודאי באַקאַנט — לובעצקי האָט אים שוין געגעבן עטלעכע לעקציעס אין געזאַנג און אין נאָטן, און אפשר האָט ער נאָך פון דער היים געקענט אַ ביסל נאָטן — רופט ער זיך אָן מיט אַ ליבן שמייכל:

— פון אונזערע ברידער...

— ניין, פון מוזיקאַנטן...

— אָ, ווי, פון מוזיקאַנטן!... צינדט ער זיך אָן — ער פלעגט פון אַליין נתפעל ווערן —

און ער בעט זיך: לאָזט מיר עס אַ בליק טאָן...

איך האָב אים איבערגעגעבן דעם גאַנצן מאַנוסקריפּט, וואָס האָט פאַרמאָגט ביי זעכצן לאַנגע וייטעלעך פאַפּיר פאַרשריבן געדיכט. ער האָט זיך פאַרטיפט...

ער האָט אָפּגעלעזן עטלעכע זייטן — רייס איך אים איבער:

— גענוג, ס'איז גאָרניט ווערט — אַ ניט־געלונגענע זאַך...

— ניין, ניין, רייזען, כאַפּט ער זיך אָן — ס'איז דווקא יאָ שיין, זייער שיין... פּסיכאָלאָגיע...

דערהערט דאָס וואָרט פּסיכאָלאָגיע, איז מיר געוואָרן שוין אינטערעסאַנט... הייסט עס, ער, וואָס איז פאַרטאָן בלויז אין זיין נגינה און אין דער צוקונפטיקער חזנות־שטעלע — ואמת, ער האָט אַ השגה צו ווערן אַ קאַנטאָר אַזש אין אַ טעמפּל — ער ווייסט פון פּסיכאָלאָגיע און נאָך אַזאַ יונגער דערצו — ער איז דאַן בלויז 20 יאָר אַלט געווען.

זאָג איך צו אים צוריק.

— אַזוי, עס געפעלט אייך... און איך — בין איך זיך פאַר אים מודה, ווי ער וואָלט שוין אַ קאָלעגע געווען, איך האָב עס געוואָלט צעררייסן...

דער יונגער זינגער האָט זיך אַזש אַ טרייסל געטאָן: ער האָט פאַרשטעלט מיט זיינע הענט דעם מאַנוסקריפּט, ווי צו שיצן עס, און זיך גענומען בעטן:

— אָ, רייזען, טוט עס ניט... עס איז דאָך אַ טייערע זאַך— פּסיכאָלאָגיע... אַזוי פיל פּסיכאָלאָגיע.

און לאַנג לעבן זאָל ער — ער האָט די דאָזיקע דערציילונג אָפּגעראַטעוועט...

איך האָב זי אַוועקגעשיקט אין „פריינד".

ניט האָבנדיק ווידער, נאָך אַ לענגערן וואַרטן, קיין ענטפער, און זייענדיק אַ „גרויסער" בעל־חוב דער אַלמנה, וואָס האָט גע־האַלטן דעם האָטעל, האָט זיך מיר אפשר די צייט נאָך לענגער געצויגן — האָב איך אָנגעשריבן אין „פריינד" אַ בריוו, ווי מען זאָגט איינמאָל אַ בריוו, און דווקא צו שאול גינזבורגן אַליין.

אַזש איצט טוט מיר נאָך וויי, ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם דאָזיקן, איידל גערעדטן, קריגערישן בריוו. איך האָב שוין אין בריוו דערמאָנט אַ ניט־פּינקטלעכקייט, וואָס שאול גינזבורגס פאָטער איז יאַקבי באַגאַנגען אין מסחר מיט מיין זיידן משהן, וואָס איך האָב, שרייבנדיק דעם בריוו אין גרוים צאָרן, גראָד דערמאָנט זיך — הגם משה גינזבורג, ביי וועלכן מיין זיידע משה דער קרעמער פלעגט, פאָרנדיק פון קאָידענאָוו אין מינסק, קויפן טאַבאַק — האָט געהאַט אַ נאָמען פאַר אַן ערלעכן סוחר, און ער איז טאַקע אַזאַ געווען אין דער אמתן.

האָב איך שוין באַקומען אַן ענטפער, אָבער שוין ניט פון שאול גינזבורג, נאָר פון שלמה ראַפּאָפּאָרט, דעם אַרויסגעבער פון „דעם פריינד" אַליין... שלמה ראַפּאָפּאָרטן האָב איך אַ פּאָר מאָל געזען אין וואַרשע, ווען ער פלעגט קומען אין די אינטערעסן פון „פריינד", און האָט ניט נאָר אויף אונז יונגוואַרג, ווי נאָמבערג, אַש און אויף מיר — געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, סיי מיט זיין שיי־נעם אויסזען, מיט זיין שטאַטלעכער פיגור, סיי מיט זיין פיינער האַלטונג, ווי אַן עכטער „פּעטערבורזשעץ", און נאָך אַ יידישער „פּע־טערבורזשעץ" — נאָר אַפילו פּרץ אַליין האָט אים שטאַרק גע־שעצט און געאַכט און פלעגט מיט אים גיין, אויף ראַפּאָפּאָרטס איינלאַדונג, אַמאָל אַ הוליע טאָן אין די וואַרשעווער רייכע פלעצער אויף אַ יידישן אופן. ראַפּאָפּאָרט פלעגט צאָלן מיט אַ ברייטער האַנט, אַפילו פאַר דעם שאַמפּאַניער.

און שלמה ראַפּאָפּאָרט האָט אין זיין בריוו פון איין זייט פאַר־טיידיקט זיין רעדאַקטאָר, שאול גינזבורגן, פון מיינע שריפטלעכע אָנ־פאַלן, און פון דער צווייטער זייט געגעבן מיר אַ חלק, ווי איך האָב עס דאַן פאַרדינט... און — ווייטער — וואָס איך זאָג זיך אָפּ פון מיטאַרבעטן אין „פריינד", איז דאָס אַוודאי און אַוודאי אָנגע־נומען... „דער פריינד" קען ניט דערלויבן צו באַליידיקן אַזוי איינעם פון זיינע גרינדער און פירער אד"ג.

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז מיר אָנגעקומען דרייסיק רובל... עס האָט מיר געקומט פיל מער, איך האָב אָבער שוין מער ניט געשריבן קיין בריוו און ניט געשיקט קיין דערציילונגען אין „פריינד", ביז דעם יאָר 1909.

אין פאַרלויף פון פינף יאָר האָבן מיר, איינע אויף די אַנדערע ברוגזע, — אין דער שטיל געבענקט איינע נאָך די אַנדערע...

אין עטלעכע טעג שפּעטער איז אָנגעקומען אַ נומער „פריינד" מיט דער דערציילונג „די דריי טאַקטן". אין ווין האָב איך פון איר קיין גרוס ניט אָפּגענומען. אָבער בעל־מחשבות, אין עטלעכע מאָ־נאַטן אַרום, אין זיינעם אַ בריוו, וואָס ער האָט מיר געענטפערט אויף מיין איינלאַדונג, ער זאָל מיטאַרבעטן אין מיין וואָכנשריפט „דאָס יודישע וואָרט" — האָט צווישן אַנדערן געשריבן אַזוי: „אייער דער־ציילונג אין „פריינד" „די דריי טאַקטן" האָט מיך אַנטציקט. דורך איר האָב איך דערזען אייער שאַפן אינגאַנצן. איך באַטראַכט אייך פאַר איינעם פון די יחידים, וואָס דאָס יידישע פאָלק פאַרמעגט". און דערביי האָט ער מיר געגעבן זיין דערקלערונג, וואָס ער פאַר־שטייט אונטער דעם וואָרט „יחידים פון פאָלק"...

איך בין ניט אויסן צו באַרימען זיך איצט מיט בעל־מחשבות׳עס גוט וואָרט; איבעריקנס איז דאָס געווען כמעט דאָס איינציקע מאָל, וואָס בעל־מחשבות האָט מיך אַזוי שטאַרק געריממט. איך בין בלויז אויסן צו צייגן, ווי אַזוי די מיינונג פון אַ לעזער און אפילו פון אַזאַ גאַיוון לעזער, ווי דער יונגער זינגער יאָסעליעוו איז געווען — קען אַמאָל זייער ווירקן זיין פאַר אַ שרייבער...

שפּעטער בין איך דערפאַרן פון אַ יידישן מוזיקאַנט, אַז די דערציילונג „די דריי טאַקטן" האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע סענסאַ־

ציע צווישן זיינע קאָלעגן אין דער סביבה... אַ גרופּע יידישע מוזי־קאַנטן אין אַ געוויסער גרויסער שטאָט האָט אַפילו אין יענער צייט געשיקט צו מיר אַ דאַנק־בריוו אויפן אַדרעס פון „פריינד" מיט צענדלינגער, אויב ניט הונדערטער אונטערשריפטן.

דעם דאָזיקן בריוו אָבער האָט „דער פריינד" מיר ניט אָפּגע־געשיקט. דער מוזיקאַנט, וואָס האָט עס מיר איבערגעגעבן, האָט גרויס צער דערפון געהאַט און האָט ענדלעך אַרויסגעמורמלט מיט אַ זיפץ:

— אַבי מיר האָבן געמיינט, אַז איר האָט עס באַקומען. אַ שאָד! אַ שאָד! האָט ער נאָכאַנאַנד באַדויערט.

ביז וואַנען איך האָב אים באַרויִקט, אַז איך האָב איצט פון זיין גרוס די זעלבע באַפרידיקונג, ווי איך וואָלט עס אייגנהענטיק דער־האַלטן און איך דאַנק אים איצטער און זיינע חברים פאַר דער אויפמערקזאַמקייט.

* *
*

אַוודאי איז די אַטמאָספערע אין ווין געווען אַ פרעמדע. אמת, אין דער דאָזיקער פרעמדקייט האָב איך אָפט געפונען פּילעס, וואָס איז מיר געווען אינטערעסאַנט און אַפילו נאָענט... אָבער אַז עס איז באַשערט אַ ריין יידישע סביבה, געפינט מען עס אַפילו אין ווין... און עס איז דערצו געווען אַזאַ סביבה, נאָך וועלכער איך האָב יאָרנלאַנג געבענקט. די דאָזיקע סביבה האָב איך אַנט־דעקט צופעליק, בלאָנדזשענדיק אַמאָל אין איינער פון די יידישע געגנטן...

די יידישע געגנטן האָבן זיך אויך ניט אויסגעצייכנט מיט קיין פּאָלקסטימלעכקייט. דאָס ביסל יידישקייט, וואָס האָט זיך שוין יאָ געוואָרפן אין די אויגן, איז געווען מער פון רעליגיעזן כאַראַקטער, ווי למשל, אַן אויפשריפט ערגעץ אויף אַ וואוינונג: סופר, חזן ומוהל... אין די געדיכטע מיט יידן באַזעצטע גאַסן און געסלעך, האָט מען זעלטן געהערט אַ יידיש וואָרט, סיידן פון אַן עמיגראַנט, וועמען עס איז געלונגען צו געפינען אַ צימערל ביי די דאָזיקע ווינער אָרעמערע יידן.

אין אַזאַ גאַס האָט דאַן געוואוינט מ. ערליך, וועלכער איז אין זעלבן זומער, צוליב דער יאַפּאַנישער מלחמה, געקומען פֿון וואַרשע קיין ווין... אַ יונגער באַגאַבטער בעלעטריסט, האָט ער אָבער זיך געוואוסט, ווי אַזוי אײַנצואָרדענען... ער איז אַוועק גלײַך אויף לעאָפּאָלד־שטאָדט און זיך באַזעצט אויף דער פֿיש־גאַס... שוין דער נאָמען אַליין האָט געקלונגען ייִדיש...

באַזוכנדיק אים אַמאָל אין זײַן קליין צימערל, האָב איך שוין אויך זיך באַקענט מיט זײַן באַלעבאָסטע — אַ ייִדישע פֿרוי, וואָס האָט גערעדט דײַטש געמישט מיט ייִדישע ווערטער, אַזוינע ווערטער, וואָס אויף דײַטש וואָלטן זיי ניט געהאַט דעם זעלבן טעם, ווי, למשל, רחמנות, נעבעך, אד״ג. און אַפֿילו די יונגע טאָכטער, אַ מיידל מיט אַ פּאָר שוואַרצע, פֿײַעריקע אויגן, וואָס איז שוין אויף איר שטייגער געווען נאַציאָנאַל־באַוואוסט, האָט אויך אין איר ריינעם דײַטש אַרײַנגעמישט אַ ייִדיש וואָרט (אָדער ווי די העברעער ווילן האָבן — אַ העברעיִש וואָרט), וואָס פֿון איר מויל אָבער האָט עס געקלונגען עקזאָטיש און פֿרעמד. אַזוי האָט זי זיך געהאַלטן ווי אַ ייִדישע טאָכטער ערגעץ אין מינסק צי אין ביאַליסטאָק — צניעה־דיק, אויפֿן ייִדישן שטייגער. דאָך האָט זי מײַן קאָמפּלימענט, וואָס איך האָב איר געגעבן פֿאַר אירע שיינע אויגן, אָנגענומען מיט דאַנק, ווי אַ ווינערין. געבענקט האָט זי נאָך אַ חתן, ווי אַלע ייִדישע טעכטער, מורא געהאַט, ניט צו פֿאַרזיצן, חלילה... דאָס וואָרט חתן האָט זי טאַקע, ווען עס איז געקומען צו רייד, כּלומרשט אין שפּאַס, אַרויסגערעדט זייער ייִדישלעך. האָב איך שוין חושד געווען, אַז זי איז געבוירן אין גאַליציע, ערשט אַ נעכטיקער טאָג — טאַקע געבוירן אין ווין. „שוין מײַן גראָספֿאָטער וואַר איין ווינער" — האָט זי מיט שטאָלץ זיך געריממט מיט איר ווינער יחוס. אָבער דאָך — „איך בין איין „יודיש קינד", און מײַן פֿאָלק ווערדע איך ניט פֿערלאַסן"... האָט שוין די מוטער פֿרום צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ. דאָס האָט געהייסן, אַז אין ווין איז ייִדישקייט בכלל ניט אַזוי שטאַרק און קיין משומדים, חלילה, פֿעלן דאָרטן ניט... הגם איך האָב מיט מײַנע אויגן קיין משומד ניט אָנגעזען, סײַדן אין דער „נאַציאָנאַל־

צייטונג", אויף דער צווייטער זייט פון דער שפּאַרעוודיקער „ליסטע" פון „אַבטריניגע".

איינמאָל האָב איך אין אַזאַ ליסטע, וואָס די וואָכנשריפט „יידישע נאַציאָנאַל־צייטונג" (אין דייטש, נאַטירלעך), האָט פּאַרעפנטלעכט — אָנגעציילט ביז צוויי־אין־דרייסיק משומדים פאַר איין וואָך... עס איז אויסגעקומען, אַז וואָס מער „די נאַציאָנאַל־צייטונג" פליסט זיך אויפצוהאַלטן די יידישקייט, אַלץ ווייניקער פאָלגט מען איר... אָבער „די נאַציאָנאַל־צייטונג" האָט זיך קענטיק ווייניק־וואָס אָפּגעגעבן דאָס האַרץ דערפון.

די אמתע יידן האָב איך טאַקע געפונען אין יידישן טעאַטער, וועלכן איך האָב שיר ניט דער ערשטער פון די „אונזעריקע" אַנטדעקט אין ווין, ווייל געהערט וועגן אים האָב איך פון קיינעם ניט... דאָס ערשטע מאָל, אַז איך האָב דערזען די שילד פון יידישן טעאַטער אין דער יידישער געגנט, האָב איך ווי מיינע אויגן ניט געגלויבט. איז מעגלעך, אַז אין ווין איז דאָ אַ יידיש טעאַטער?...

אין וואַרשע איז אין יענער צייט ניט געווען קיין זכר פון אַ יידישן טעאַטער.

ביז ווין האָט פאַר מיר בכלל יידיש טעאַטער געקלונגען ווי אַ לעגענדע, העכסטנס, ווי אַ היסטאָרישע זאַך... אמת, איך האָב ביי מיין אָנקומען אין וואַרשע אין יאָר 1899 נאָך באַוויזן צו זען איינמאָל שפּילן יידיש טעאַטער, ערגעץ אויף מאָקאָטאָוו... נאָמבערג, אַ גרויסער חסיד פון דעמאָלסטיקן יידישן טעאַטער בכלל — האָט מיך געפירט. געגאַנגען בין איך מיט גרויס פרייד... וועגן יידיש טעאַטער האָב איך ביז וואַרשע בלויז געהערט אַלס יינגל, ווען אַ יידישע טרופּע האָט געשפּילט אין מינסק... דער נאָמען גאָלדפאַדען איז פאַר מיר געווען ניט נאָר טייער, אַלס דער נאָמען פון דעם דיכטער פון „יודעלע", אַ זאַמלונג פון וואונדערלעכע פאָלקסטימלעכע לידער, פון וועלכע איך האָב פיל געקענט אויף אויסווייניק, נאָר ווי אַ נאָמען פון דעם שעפער פון יידישן טעאַטער בכלל. נאָך איידער איך בין אָנגעקומען מיט נאָמבערגן אין טעאַטער, האָט ער מיר, נאָך אין גאַנג, דערציילט מיט התפּעלות וועגן די יידישע לידלעך, וואָס

דאָרט ווערן געזונגען, איבערהויפּט איז ער געווען נתפּעל פון דאָס לידעלע:

„הייסע באָבקעלעך, יידעלעך קויפט"...

דאָס דאָזיקע לידל האָט ער מיר אַפילו אין גאַנג פאַרגעזונגען. אמת, נאָמבערג האָט אויך דעמאָלסט ניט געהאַט קיין שטים פון אַ באַטיסטיני, אָבער ער האָט לכל־הפּחות געוואוסט, ווי צו שטעלן דעם טראָפּ...

אָבער די „הייסע באָבקעלעך" איז מיר ניט געווען באַשערט צו פאַרזוכן. מען האָט יענעם מאָל — און דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל — ביז 1905 איז דאָס יידישע טעאַטער גע־ווען פאַרבאָטן — וואָס די טרופּע האָט געשפּילט — מען האָט יע־נעם מאָל געשפּילט „דאָס צענטע געבאָט" און דאָרט זיינען אויך געווען גענוג לידער, וואָס האָבן מיך פאַרכאַפּט. און די גאַנצע שפּיל, בין איך מודה, איז מיר ניט נאָר געפעלן געוואָרן, נאָר האָט מיך ממש באַגייסטערט, ניט קוקנדיק, וואָס איך האָב שוין ביי יענער צייט געזען פיל רוסישע און אַפילו אַ פּאָר פּוילישע אָפּערעטן. מיר האָט זיך דאַן געדאַכט, אַז נאָר אָט אַזוי, ווי די אַקטיאָרן שפּילן, זינגען און טאַנצן — איז דאָס אמתע יידישע טעאַטער... איבערהויפּט האָט מיך צום סוף אַנטציקט אַ „סטילי־זירטער" חסידישער טאַנץ. שוין יענע אַקטיאָרן — ליידער געדענק איך ניט זייערע נעמען — האָבן שוין געהאַט אַ חוש פאַר פיינער רעזשי. גרימירט ווי עכטע חסידים, אָבער שטאַרק חנעוודיק, האָבן זיי געטאַנצט מיט אויפגעעפנטע טאַבאַקערקעס אין די הענט און ביי געוויסע „פיגורן" האָבן זיי צום טאַקט צוגעקלאַפּט מיט די פּושקע־דעקלעך. עס איז ווירקלעך געווען אַנטציקנדיק. אַזוי פיל פיינעם הומאָר אין טאַנץ, ראַפינירטקייט, כלומרש־טע געצוימטקייט, ווען דער טאַנץ אַליין איז געווען מיט עקסטאַז — האָב איך זיך דאַן ניט געריכט צו טרעפן ביי אַ טרופּע פון יידישן טעאַטער...

איך האָב דעמאָלסט באַשלאָסן צו זיין אַן אַקטער באַזוכער אין דעם דאָזיקן וואונדערלעכן טעאַטער... אָבער איך האָב באַשלאָסן און די רוסישע רעגירונג האָט אים פאַרמאַכט...

די העברעישע „הצפירה“ — אפשר אָן נחום סאָקאָלאָווס וויסן — האָט דאַן געווידמעט אַ פעליעטאָן דער דאָזיקער גזירה. דער פעליע־טאָניסט — איך וויל אים ניט פאַרשעמען און אַנטדעק ניט זיין נאָמען, ער האָט איצט זיכער חרטה — האָט זיך געוויצלט אויף לשון־קודש אויף דעם דאָזיקן אומגליק, וואָס די יידישע שוסטער־יונגען און קעכינס וועלן ניט האָבן וואו צו פאַרברענגען זייערע אָוונטן און צום סוף האָט ער שיר ניט באַדאַנקט דער צאַרישער, דעספּאָטישער רעגירונג, וואָס זי האָט ענדלעך געטאָן אַזאַ גוטע זאַך און צוגע־מאַכט דעם יידישן טעאַטער, וואו מען האָט געשפּילט אויף „ז'רגון“ פאַר יונגען און מוידן....

און אָט אין פינף יאָר אַרום איז מיר געווען באַשערט צו אויסגעפינען אין ווין שיר ניט דאָס זעלבע יידישע טעאַטער...

שוין געבליבן אין דער זעלבער געגנט ביז פאַרנאַכט, בין איך אין דעם זעלבן אָוונט אַריין אין דעם יידישן טעאַטער, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען פון דעם רעסטאָראַן — „ערדעלהאָף“...

האָט מען אָבער געשפּילט שוין ניט גאָלדפאַדענס, נאָר לאַטיי־נערס צי שאַרקאַנסקיס און הורוויצעס... איך געדענק נאָר, אַז אין דער ערשטער אָפּערעטע האָבן צוויי אַקטיאָרן געשפּילט די ראָלע פון אינקוויזיטאָרן, וואָס האָבן געפייניקט דאָרט די איבעריקע אַק־טיאָרן, וועלכע האָבן געזאָלט זיין שפּאַנישע יידן. פאַר איינוועגס האָבן זיי שוין אויך מיך געפייניקט מיטן טעקסט... הגם שפּילן האָבן זיי געשפּילט מיט גרויס טאַלאַנט. בפרט האָט זיך דאַן אויסגעצייכנט אַ פּאָרפּאָלק — קאַנער, איבערהויפּט אין קאָמישע ראָלן — און צום גליק האָבן זיי געשפּילט די לייכטערע ראָלן, די משרתים, נו איז געווען פריילעך... סיי מיט זייער זינגען, סיי מיט זייער טאַנצן...

ווער רעדט, אַז אין דער זעלבער צייט, ווען די קאַנערס האָבן אַמיזירט און אַנטציקט מיט זייער שפּילן, זינגען און טאַנצן, האָט מען אין „ערדעלהאָף“ אויך געקענט קריגן אַ גלאָז ביר, איז אַוודאי די פרייד פון דעם עולם און פון מיר אויך בתוכם — געווען אומבאַ־שרייבלעך...

---

# פינפאונפערציקסטער קאַפּיטל

אָנהייב פון אַ נייער עפּאָכע. — די אומצופרידנקייט מיט דער ריכטונג פון „פריינד“. — די באַציִונג פון „פריינד“ צו שלום אַש. — זיינע צוויי פּאָסטקאַרטלעך צו מיר קיין ווין. — ש. ראַזענפעלד אַלס פּובליציסט און קריטיקער. — איך פאַרטראַכט וועגן אַ ראַדיקאַל - נאַציאָנאַלער וואָכנשריפט. — „דער יידישער אָוונט“ אין ווין. — די אָוואַציע. — דער פאַבריקאַנט האַמער. — דער נאַציאָנאַל-עקאָנאָמיסט ד״ר ווייזענגרין. — זיין פאַרגלייך.

אין 1904 איז „דער פריינד“ ניט נאָר אין רוסלאַנד געווען די איינציקע טעגלעכע צייטונג אין יידיש, נאָר בכלל די איינציקע פּעריאָדישע צייטשריפט, ניט רעכענענדיק די מאָנאַטשריפט „דאָס לעבען“, וואָס די זעלבע רעדאַקציע האָט אַרויסגעגעבן, נאָך מיט אַ בלאַסערער ריכטונג, ווי „דער פריינד“ אַליין, כאָטש ווען-ניט-ווען זיינען אין „דאָס לעבען“ געווען געדרוקט דערציילונגען און לידער פון אַ העכערן ווערט. בכלל אָבער האָט סיי „דער פריינד“ און סיי „דאָס לעבען“ געהאַט אין זיך ווייניק לעבן, אַלנפאַלס פאַר אונז, יינגערע און נייערע, וואָס האָבן געבענקט נאָך אַ פרישן וואָרט אין דער יידישער ליטעראַטור. געוויס האָט „דער פריינד“ געהאַט זיינע פאַרדינסטן אַלס „ריינע“ צייטונג, אָבער איר ריינקייט האָט שוין געטראָגן אַ צו באַלעבאַטיש-אינטעליגענטן כאַראַקטער. אויך דאָס ביסעלע ציוניזם, וואָס „דער פריינד“ האָט צוגעטראָגן זיינע לעזער, איז מער געווען צוליב באַלעבאַטישן „שטאָט“ איידער אינערלעכער איבערצייגונג. ווער רעדט — קעמפן קעגן ציוניזם איז אַוודאי ניט געווען פּאַסיק. צוליב דעם טאַקע איז שוין אויך די שטעלונג צו יידיש געווען העכסטנס אַ קאָמפּראָמיסלעכע, און צייטנווייז — אַ צופיל קאָמפּראָמיסלעכע.

אַ שאַרף וואָרט פאַר יידיש, אַלס די שפּראַך פון די יידישע מאַסן, וואָס גיט דעם טאָן דער גאַנצער יידישער ליטעראַטור און

קולטור — אַזאַ וואָרט איז אין „פריינד" ביזן יאָר 1905 ניט געזאָגט געוואָרן. אַז יידיש אָדער „זשאַרגאָן" איז בלויז אַ מיטל צו „דערציען" די מאַסן, דעם המון הייסט עס, — די דאָזיקע מיינונג פון די ציוניסטן און פון אַ טייל אַסימילירטער אינטעליגענץ האָט אויך „דער פריינד" געטיילט. דערפאַר האָבן זיך אויף די שפּאַלטן פון „פריינד" אַזוי ברייט צעלייגט די ציוניסטישע און העברעיִסטישע פּובליציסטן, ווי ד״ר שמריהו לעווין, מרדכי בן הלל הכהן, און אַפילו ש. ראָזענפעלד, וואָס האָט דעמאָלסט געשפּילט די ראָלע פון אַ ראַדיקאַל, און אפשר שוין טאַקע אַזאַ געווען, האָט אויך ווען-ניט-ווען און וואו-ניט-וואו אַ שטאָך געטאָן, אויב ניט דער יידישער שפּראַך אַליין, איז כאָטש דער יידישער ליטעראַטור, וואָס איז, נאָך זיין מיינונג, זייער אָרעם אין טאַלאַנטן. און אַזוי ווי ער איז געווען אַ מער טאַלאַנטפולער פּובליציסט פון די פריער אויסגערעכנטע, איז זיין שטאָך געווען ווירקזאַמער און האָט מער וויי געטאָן.

אָבער די יידישע ליטעראַטור, וואָס האָט שוין דאַן פאַרמאָגט אין זייער פונאַנדערבליִונג — פּרצן, שלום-עליכמען, שוין אָפּגעגערעדט פון דעם דעמבֿ מענדעלע מוכר-ספרים, און די יִינגערע, שלום אַש, נאָמבערג און די ערשט צוגעקומענע ווייסענבערג, יונה ראָזענפעלד און אַנדערע, און די פּאָעטן יהואָש, ראָזענפעלד, פרוג — די יידישע ליטעראַטור האָט זיך דאַן ניט שוין אָפּגעשראָקן פאַר אַ ש. ראָזענפעלד, וואָס האָט איר אַמאָל אין אַ פעליעטאָן צו נישט געמאַכט:

„איר זאָגט רייזען — האָט ש. ראָזענפעלד מבטל געווען — איז דער יידישער טשעכאָוו (איך האָב עס דאַן ניט געוואוסט, אַז מען זאָגט, און דערוויייל בין איך דערגאַנגען אַזאַ וויכטיקן, פאַר מיר פריילעכן סוד...), אָבער סטייטש, ווי אַזוי קענט איר עס זאָגן, ווען רייזען האָט ניט קיין וועלט-אָנשויונג..." האָב איך זיך געטרייסט, אַז אויף פּרצן האָט אויך ד״ר קלויזנער געשריבן, אַז ער האָט ניט קיין וועלט-אָנשויונג, איך אָבער האָב געוואוסט, אַז פּרץ האָט יאָ געהאַט אַ וועלט-אָנשויונג... אויך די איבעריקע טענות פון ש. ראָזענפעלד אין יענעם פעליעטאָן אין „פריינד" צו דער יידישער ליטעראַטור און צו אירע אַנדערע שעפער — זיינען געווען ניט נאָר

ניט באַגרינדעטע, נאָר האָבן געמאַכט דעם איינדרוק פֿון אַ קענער. הגם ש. ראָזענפֿעלד אַליין האָט מיט זיין שאַרפֿער פּען אין אַ געוויסער מאָס באַרייכערט די יידישע ליטעראַטור אין איר פּובליציסטישן טייל. און דער זעלבער ש. ראָזענפֿעלד האָט אויך — אַמאָל אונטער זיין פּסעוודאָנים — געזונגען שבחים, טאַקע אין דעמזעלבן „פֿריינד“, צו ל. קאָברין פֿאַר זיינע „געטאָ-דערציילונגען“ און צו א. ליעסינען פֿאַר זיינע לידער (און דווקא רעוואָלוציאָנערע!) אין דער דעמאָלסטיקער „צוקונפֿט“ — אין אַ רעצענזיע.

איבעריקנס איז ש. ראָזענפֿעלד אין יענער צייט געווען דער איינציקער פּובליציסט, וואָס האָט זיך אַמאָל פֿאַרגונען צו זאָגן אַ שאַרף וואָרט קעגן ציוניזם, קעגן זיינע פֿירער און צייטגייסט אויך — אין אַ פּאָליטישן אַרטיקל — קעגן דער רוסישער ביוראָקראַטיע. אויף היינט געזאָגט געוואָרן זיינע דעמאָלסטיקע ראַדיקאַלע מיינונגען! און פֿון אים — אַ געוועזענעם העברעישן פּובליציסט — זיינען דער דערמאָנטער מין אַרטיקלען אָנגעלייגטער און ווירקזאַמער געווען.

דערפֿאַר איז פֿאַרשטענדלעך, וואָס איך האָב ניט שטאַרק באַדויערט מיין איבעררייסן מיטן „פֿריינד“. סיי-ווי-סיי האָט מיך „דער פֿריינד“ אַלס אַ צייטונג ניט געקענט באַפֿרידיקן און צוליב דער מאַטעריעלער זייט איז אויך דער שאָדן ניט גרויס געווען. די ניט-פּינקטלעכקייט פֿון „פֿריינד“ צו זיינע מיטאַרבעטער (פֿון דער ווייטן) בכלל, און צו מיר בפֿרט, איז שוין געווען צו גרויס. צו שלום אַשן האָט „דער פֿריינד“ זיך נאָך ערגער באַצויגן. ביז יענער צייט האָבן ביי די אַרויסגעבער פֿון „פֿריינד“ מיינע דערציילונגען געהאַט מער ערפֿאָלג, און אָט האָב איך טאַקע דאַן, ענדע זומער 1904, באַקומען אַ קאַרטל פֿון אַשן, וואו ער האָט זיך שטאַרק פֿאַר מיר געקלאָגט אויף „דעם פֿריינד“, אַז זיי שיקן אים צוריק פֿילע קאַפּיטלען פֿון זיין „שטעטל“. געשריבן האָט ער עס מיר פֿון זאַקאָפּאַנע, וואו ער האָט דאַן געוואוינט און זיך באַקאַנט מיט דעם גרויסן פּוילישן שריפֿטשטעלער זשעראָמסקי און מיט דעם פּוילישן קריטיקער ווילהעלם פֿעלדמאַן, וועלכע האָבן אים שיר ניט געוואָלט מאַכן פֿאַר אַ פּוילישן שרייבער...

זיין פֿאַרביטערטקייט איז דעמאָלסט געווען אַזוי גרויס, אַז אין אַ צווייטן קאַרטל האָט ער מיר געשריבן, אַז ער איז שטאַרק פֿאַרצווייפֿלט בכלל, און גלויבט ניט אַפֿילו אין זיין טאַלאַנט, און אַז אים דאַכט זיך, אַז אַלץ וואָס ער האָט ביז אַהער געשריבן, האָט ניט קיין שום ווערט... האָב איך אים, נאַטירלעך, גלייך געענטפֿערט און געטרייסט, אַז זיינע קאַפּיטלען פֿון „שטעטל", וואָס „דער פֿריינד" האָט יאָ געדרוקט, זיינען אַנטציקנד און אַז ער איז אַ גרויסער דיכטער און אַז זיין צווייפֿלען אין זיך איז ביי אים נאָר אַ מאָמענטאַלע שטימונג... נאַטירלעך, איז פֿון אים די דאָזיקע פּעסימיסטישע שטימונג גלייך פֿאַרשוואונדן, אָבער זיין מאַטעריעלע לאַגע איז נאָך אַלץ ניט פֿיל בעסער געוואָרן, כאָטש ער איז געזעסן אין זאַקאָפּאַנע מיט גאָר גרויסע פּוילישע קינסטלער און געשטיגן מיט זיי אויף די הויכע טאַטרען־בערג...

אין דער זעלבער צייט האָט מען שוין, אַדאַנק די באַמיִונגען פֿון זיינע פּוילישע פֿאַרערער, איבערזעצט אין פּויליש זיין צוויי־אַקטיקע דראַמע „צוריקגעקומען", כדי צו אויפֿפֿירן זי אויף דער קראָקעווער פּוילישער בינע און דעם קינפֿטיקן ווינטער איז זי טאַקע אויפֿגעפֿירט געוואָרן...

מיין שטימונג אין ווין איז אָבער אויך ניט בעסער געווען. דער אָפּקלאַנג פֿון די אַלערליי שטרייקן, אומרוען, וואָס זיינען דאַן פֿאָרגעקומען אין רוסלאַנד, האָט מיך פֿון איין זייט געמוטיקט, — דער טאָן פֿון דער רוסישער פּרעסע און טיילווייז שוין אויך פֿון „פֿריינד", וואָס האָט שוין אין ריין פּאָליטישע פֿראַגן מער מוט באַקומען אַדאַנק די נייע ווינטן, וואָס האָבן אָנגעהויבן בלאָזן אין רוסלאַנד, צוליב דער פֿאַרשפּילטער מלחמה מיט יאַפּאַן, האָט מיך געוועקט צו טעטיקייט, צום קאַמף... אָבער אין דער אַטמאָספֿערע, אין וועלכער איך האָב זיך געפֿונען אין ווין, איז קיין טעטיקייט פֿאַר מיר ניט געווען. צוריקפֿאָרן אין רוסלאַנד האָב איך, אַלס רעזערוויסט, ניט געוואַגט — מען זאָל מיך גלייך ביים אָנקומען צוריק — ניט אַרעסטירן. האָב איך אַ פֿאַרבענקטער, ניט וויסנדיק וואוהין אַהינטאָן די ענערגיע, וואָס האָט דאַן געברויזט אין מיר — אָנגעשריבן דאָס

פאָלגנדיקע לידל, זיצנדיק אויף דער וועראַנדע פון דעם זומער-האָטעל, אין צייט פון אַ שטורעם:

עס דונערט, עס בליצט
נאָר דאָרט — אין דער הייך;
אַך, דאָ אויף דער ערד,
איז אַלץ אַזוי בלייך.

דאָרט קומט פאָר אַ קאַמף,
אַ קאַמף פאָר אַ זיג;
און דאָ אויף דער וואַנט
שטיל זשוזשעט אַ פליג.

עס ציט מיך צום קאַמף,
אַ קראַפט בין איך אויך,
נאָר ניט אויף דער ערד
און ניט אין דער הייך.

— טאָ וואו איז מיין אָרט —
אַך, גאָט מיינער, זאָג!
אין אומעט פאַרגייט
אַ טאָג נאָך אַ טאָג.

איז אויב ניט פאָרן צוריק קיין רוסלאַנד, איז כאָטש נעענטער זיין מיט די יידישע מאַסן. און איך האָב פאַרטראַכט צו פאָרן אין קראָקע און דאָרט — אפשר מיט לידסקים הילף — אַרויסגעבן אַ וואָכנשריפט לויט מיין ליטעראַרישן געשמאַק און לויט מיינע איבער-צייגונגען. איבערהויפט צו פראָקלאַמירן יידיש אַלס די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון דעם יידישן פאָלק.

היינט וואָלט מיך ניט אַזוי שטאַרק געאַרט, צי יידיש איז יאָ נאַציאָנאַל, צי ניט נאַציאָנאַל. דאָס וואָרט פאָלק שטייט ביי מיר העכער ווי נאַציאָן, נעענטער מיין האַרצן איז עס אַוודאי, און אַפילו יידיש אַלס די שפּראַך פון די ברייטע יידישע מאַסן איז מיר גענוג, אָבער אַמאָל — בין איך זיך מודה — האָב איך זיך געיאָגט נאָך יחוס. יידיש מוז אַריין אין די הויכע פענסטער און, אויב ניט די נאַציאָנאַלע שפּראַך, טאָ ווי אַזוי קען עס מעגלעך זיין? האָט מיר דאַן אַפילו דער טיטל פאָלקס-שפּראַך, וואָס אַ ליבעראַלער פּובליציסט

האָט געגעבן יידיש, אויך ניט באַפרידיקט. וואָס וועט זיין מיט דער אינטעליגענץ?... יידיש מוז ווערן אויך די שפּראַך פון דער יידישער אינטעליגענץ און די אינטעליגענץ מוז האָבן אַ שפּראַך, וואָס האָט דעם נאַציאָנאַלן טיטל, מעג איך אַליין ווייניק האַלטן פון דעם דאָזיקן טיטל.

אַ מאָראַלישע שטיצע צו מיין הויכער מיינונג וועגן יידיש האָב איך געפונען אין דער באַוועגונג, וואָס ד״ר נתן בירנבוים האָט אָנגעפירט פאַר יידיש צווישן אַ גרופּע סטודענטן און אינטעליגענטן בכלל. צווישן זיי איז אויך געווען ד״ר וויזענגרין, אַ נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיסט מיט אַ באַדייטנדן נאָמען; וועגן זיינע ווערק איבער נאַציאָנאַלער עקאָנאָמיע האָט זאָגאַר מיט גרויס באַגייסטערונג זיך אָפּגערופן דער באַרימטער רוסישער דענקער און קריטיקער מיכאַילאָווסקי, וועלכער האָט, אַגב, אויך איבערזעצט אַ באַנד פון ד״ר וויזענגרין אין רוסיש. דער דאָזיקער ד״ר וויזענגרין, בכלל אַ הויך־געבילדעטער מענטש, האָט אַדאַנק ד״ר בירנבוימס אַגיטאַציע, זיך אָנגעהויבן צו באַציען מיט גרויס ליבע צו דער יידישער ליטעראַטור. ניט קוקנדיק אויף זיין גרויסער געלערזאַמקייט און אויך אויף דעם, וואָס ער איז געווען אַ זון פון אַ רייכן יידישן באַנקיר אין בוקאַרעשט, האָט ער זיך געהאַלטן זייער דעמאָקראַטיש, גערעדט און איבערהויפּט געפלייסט זיך צו ריידן יידיש, וואָס איז, ליידער, צוליב זיין רייכן און אויך אַסימילאַטאָרישן שטאַנד, ניט געווען זיין מוטער־שפּראַך.

באַקענט האָב איך זיך מיט אים אויף דעם ערשטן „יידישן אָוונט“, וואָס איז פאָרגעקומען, אַדאַנק דער איניציאַטיווע פון ד״ר נתן בירנבוים, אין איינעם פון די גרעסטע און רייכסטע זאַלן אין ווין. עס איז שוין דאַן געווען שפּעט אין האַרבסט. אויפן אָוונט בין איך געקומען ווי אַ זייטיקער צושויער, ווי איינער פון פּובליקום, געסטאַרעט זיך צו האַלטן אין הינטערגרונד, ניט אַזוי צוליב ענִיוות, ווי צוליב מיין ניט באַזונדערס נייעם אָנצוג, און גראָד בין איך יענעם טאָג ניט געווען געראַזירט... אָבער אויך אויסערלעך האָב איך אויסגעזען וואָכעדיק, איז דערפאַר אינערלעך געווען ביי מיר אַ גרויסער יום־טוב. דער שיינער גרויסער עולם, צווישן וועלכן עס האָבן זיך געפונען די „פּני“ פון דער יידישער אינטעליגענץ

און אויך מאַנכע פון דער נאַציאָנאַלער אַריסטאָקראַטיע, וואָס זיינען געקומען הערן פאָרלעזונגען און דעקלאַמאַציעס אין יידיש, האָט אָנגעפילט מיין האַרץ מיט שטאָלץ. פון ווייטן האָב איך אָבסערווירט דעם ענטוזיאַסטישן עולם. אַ יונגער סטודענט האָט צווישן אַנדערן אויך פאָרגעלעזן מיינע אַ דערציילונג „דער בוים". איך האָב זיך באַהאַלטן נאָך טיפער אין זאַל, זיך געשטעלט אין די לעצטע רייען פון די, וואָס זיינען געשטאַנען, מיינע באַקאַנטע סטודענטן זאָלן מיך ניט דערזען און ניט וועלן אָנטאָן מיר, חלילה, קיין כבוד, ווי דער שטייגער איז, בפרט אין ווין...

דער עולם האָט דעם פאָרלעזער פון דער דערציילונג שטאַרק אַפּלאָדירט, אָבער מיך האָט קיינער ניט געטשעפּעט. האָב איך געדאַנקט גאָט. אָבער אָט באַווייזט זיך אויף דער בינע ווידער אַ יונגער סטודענט, מיט שוואַרצע, פייערדיקע אויגן, אַ יונג — אַ ברען. ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ שוישפּילערישער פּאָזע און אַ ברום געטאָן, ווי אַ שטורעם:

„הוליעט, הוליעט, בייזע ווינטן..."

און אַזוי אַ דעקלאַמיר געטאָן, מיט גרויס פּאַטאָס, דאָס ליד ביזן סוף.

דער עפעקט איז געווען, ווי מען זאָגט אין דייטש — קאָלאָסאַל... די פּאַטשעריי איז געווען גוואַלדיק. און דאָ, צום אומגליק, האָט מיך באַגעגנט אַ באַקאַנטער סטודענט, כווילעוויצקי.

ער האָט אַ באַגייסטערטער, אַ צעפלאַמטער, אַ געשריי געטאָן:

אויטאָר! אויטאָר!

און מיך אַ ציי געטאָן פאָראויס...

איך האָב זיך אַרויסגעריסן פון זיינע הענט...

אָבער דאָ האָבן מיך שוין באַמערקט נאָך אייניקע סטודענטן און סתם באַקאַנטע און האָבן צוגעהאָלפן רופן: אויטאָר! אויטאָר! און באַלד איז אויסגעוואַקסן פאַר מיר ד"ר בירנבוים „פּאַטריאָט", איינער מיטן נאָמען האַמער, אַ רייכער, אָבער אַ זייער סימפּאַטישער און דעמאָקראַטישער מענטש. דערהערט, אַז ביים ווינער עולם —

און נאָך וואָס פאַר אַן עולם — האָט מיין ליד אַזוי אויסגענומען. האָט ער, אַ יום־טובדיקער, אַ שטאָלצער מיט דעם ערפאָלג פון יידיש, וואָס איז געווען שוין יאָ זיין מוטער־שפּראַך, גייל ער איז געקומען קיין ווין שוין אַלס יונגערמאַן, פון גאַליציע — ער האָט מיך גענומען בעטן און „צוואַר" אין דייטשמעריש:

— אַבער הערר רייזען, זי מיססען זיך צייגן פאָר דאָס פּובלי־קום...

איך האָב אים אָנגעצייגט אויף מיין ניט באַזונדערס פייערלעכן אָנצוג.

— אַבער דאָס מאַכט ניכט... עבן נאָך שענער, איין דיכטער דירף ניכט זיין רייך געקליידעט... קאָממען זי דאָך מיט מיר.

און ער, אַ געזונטער ייד, האָט מיך מיט גוואַלד אונטער די הענט גענומען און מיך אַרויפגעבראַכט אויף דער בינע...

דאָס איז געווען דאָס ערשטע מאָל, וואָס איך בין ערשינען פאַר אַ גרויסן עולם און אויף אַ בינע בכלל...

די אָוואַציע האָט נאָך געדויערט — בין איך געשטאַנען אַן איבערראַשטער, אַ פאַרווירטער, אַ בלאַסער (איך האָב געפילט מיין בלאַסקייט און געזען זי אַפילו) און פון גרויס פאַרווירונג האָב איך ענדלעך, ווי היפּנאָטיזירט פון די אַלע בליקן אויף מיר, נאָכגע־געבן דעם פאַרלאַנג פון מיינע פאַרערער, עפּעס פאָרצולעזן. איך האָב פאָרגעטראָגן אַ ליד... דער עולם האָט פאַרלאַנגט נאָך.

ענדלעך האָב איך אויף די אַלערליי „ביס" פאָרגעלעזן אַ קורץ לידל און דווקא פון די בעסטע מיינע, האָט שוין דער עולם, ווי דער שטייגער איז, ווייניקער געפּאַטשט און איך בין בשלום אַראָפּ פון דער בינע...

האָבן מיך שוין אַרומגערינגלט די אַלע באַקאַנטע סטודענטן און ד״ר וויזענגרין צווישן זיי. האָט ער מיך גענומען אונטערן אָרעם, אַ שפּאַציר געטאָן מיט מיר אין דער ברייטער לענג פון זאַל און געצערטלט מיך מיט רייד:

— יאָ, זי זינד איין גראָססער ליריקער... זי ערינערן מיך פרצן...

אויף דעם פאַרגלייך האָב איך זיך געוואונדערט; אָבער גע־רירט בין איך דאָך געווען, נאָר שוין מער פון זיין פריינדלעכקייט, ווי פון זיין מבינות. אמת, אין די דייטשע דיכטער איז ער געווען מער באַהאַוונט און בעסער פאַרשטאַנען ווי אַזוי אונטערצושיידן איי־נעם פון דעם צווייטן...

---

# זעקסאונפערציקסטער קאַפּיטל

מיין וואוינונג ביים סטודענט כוויליוויצקי. — די רייכע קערנטנער־שטראַסע. — די „אָרעמע פּרויען" אין די רייכע קאַפעען. — אַ בריוו פון ניו־יאָרקער חברים. — איך פאַר קיין קראָקע. — יוסף פישערס דרוקעריי. — פּראָטעסטירטע וועקסלען. — איך גיב דעם דרוקער אַן אַנאָנס. — דער פּראָספּעקט. — יידיש. — די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק. — דאָס צווייפלען אין מיין אמת. — שלאָפלאָזע נעכט. — די דערמוטיקונג פון ה. ד. נאָמבערג, — מ. רובינשטיין (מ. מיכעלסאָן) און ל. שאַפּיראָ. — דער שאַרפער טאָן. — די אָפּהאַנדלונג וועגן מעטערלינקן, — דער רושם. — די אָנפאַלן פון דער העברעישער פּרעסע. — י. ח. טאַוויאָוו, — פּרצעס בריוועלע. — אַ מיטל צו קרעדיט. — פּרצעס אייננאַקטער „שוועסטער". — דער שטורעם פון דער רעוואָלוציע.

אַרויסגעצויגן זיך פון דער זומערוואוינונג פון האָטעל, ביי ווין, האָב איך שוין שפּעט אין סעפּטעמבער. דער סטודענט פון מעדיצינישן פאַקולטעט, כוויליוויצקי, וואָס אַדאַנק זיינע פּאַרמעגלעכע עלטערן אין גראָדנער גובערניע האָט ער זיך דערלויבט צו האַלטן אַ וואוינונג פון אייניקע צימערן פאַר זיך אַליין, האָט, ווייסנדיק דאָן, אַז מיין מאַטעריעלע לאַגע איז ניט פון די גלענצנדסטע, — מחמת מיין איבעררייסן מיטן „פריינד" — מיך איינגעלאַדן צו וואוינען ביי אים. איך האָב, נאַטירלעך, די איינלאַדונג אָנגענומען און האָב זיך אין דער באַשיידן־מעבלירטער סטודענטישער וואוינונג געפילט פריי און אומגעשטערט. כוויליוויצקיס פריינדלעכקייט צו מיר איז מיר געווען איינגענעם, כאָטש קיין צו גרויסער אָנהענגער פון דער שיינער ליטעראַטור איז ער ניט געווען און אַלס פלייסיקער סטודענט האָט ער בעלעטריסטיק זייער ווייניק געלעזן און האָט פאַר קונסט בכלל געהאַט אַ שוואַכן חוש. דערפאַר איז ער אַליין געווען פאַר מיר זייער אינטערעסאַנט. אַ גוטמוטיקער, אַ פריילעכער, האָט ער אָפט דער־

ציילט וויצן און אַנעקדאָטן, ווי אַ קינפּטיקער מעדיקער — אָפּט געזאַלצענע... פֿון דער נאַטור אַ שפּאָרזאַמער — האָט ער עס אָבער צוליב זיין „גוטן" כאַראַקטער בולט ניט אַרויסגעוויזן, און אין די פּרימאָרגנס, ווען ער פֿלעגט זיך אַיילן אין אוניווערסיטעט אָדער אין קליניק צו „שטודירן" אַ מת, ווען וועלכן ער פֿלעגט מיר דערציילן מיט גוואַלדיקער התפּעלות, פֿאַרגעסנדיק, צי ניט וועלנדיק געדענקען, אַז ער דערציילט עס ווען איינעם, וואָס האָט פֿריער געלעבט, געגלויבט און געהאָפּט — אין די פּרימאָרגנס פֿלעגט ער מיך רופֿן צו גיין „האָבן" מיט אים פֿרישטיק. אמת, אין אַ אָרעמען קאַפּעהויז, אָבער די קעלנערין האָט געמוזט זיין אַ שיינע און סערווירט העפֿלעך ווי אין די רייכסטע קאַפֿעען... די קעלנערין, וועלכע האָט אים שוין, ווי אַ שטענדיקן פּרימאָרגן־גאַסט, געקענט, האָט שוין געוואוסט, אַז אים דאַרף זי סערווירן די קאַווע אין אַ גרעסערן „טעפּל", און אויב ס'איז געווען אַ קאַלטער פּרימאָרגן, פֿלעגט ער שוין אויסטרינקען אַזעלכע טעפּעלעך — צוויי און די זעמל אַריינבראָקן אינעווייניק. אויך מיר האָט ער עס געלערנט צו טאָן.

— בראָקט אַריין, עס איז זעטיקער, — פֿלעגט ער מיר עצהן, ווי אַן עלטערער ברודער און אָנקוקן מיך מיט זיינע לאַכנדיקע אויגן. און איך האָב אים געמוזט פֿאָלגן, הגם איך האָב דווקא ליב געהאַט צו עסן די פֿרישע זעמל טרוקענערהייט...

אַרויסגייענדיק פֿון קאַפֿע, פֿלעגן מיר פֿאַרבייגיין די גרויסע ווינער קליניק, וואָס האָט זיך געצויגן איף איניקע סקווערן מיט אירע ווייסע ווענט און פֿילע פֿענסטער. פֿלעגט ער מיר שוין דערציילן פֿון די גרויסע פּראָפֿעסאָרן און פֿון די אַלע וואונדערלעכע קראַנקהייטן, וואָס די מענטשהייט פֿאַרמאָגט, און ווען יעדער קראַנקהייט פֿלעגט ער צולייגן אַ שאַרפֿן וויץ, אַן אייגענעם, אָדער — בשם אומרו — פֿון אַ פּראָפֿעסאָר, וואָס האָט אין דער צייט פֿון דער לעקציע די סטודענטן דערציילט, צו פֿאַרוויילן זיי...

הגם איך האָב זיך ביי דעם דאָזיקן, ווירקלעך ליבנסווערדיקן און עטוואָס אויסטערלישן סטודענט געפֿילט היימיש, האָב איך אָבער בכלל זיך געריסן אַוועקצופֿאָרן פֿון ווין און געזוכט אַלערליי פּלענער. מיין איינציקע מאַטעריעלע שטיצע איז געווען דאָס ניו־יאָר־

קער „טאַגעבלאַט“, וואוהין איך פלעג פון צייט צו צייט שיקן אַ דערציילונג, אַ פּאָר לידער און אַמאָל אַ „בריוו“ פון ווין. אין איין בריוו אַזאַ האָב איך געשילדערט די טרויעריקע לאַגע פון די רוסישע רעזערוויסטן, וואָס האָבן דאַן צוליב דעם קריג מיט יאַפּאַן — פאַרפּלייצט ווין און הונגעריקע און פאַרשמאַכטע געבלאָנדזשעט איבער די ווינער יידישע באַצירקן. אין אַ צווייטן „בריוו“ האָב איך באַשריבן די נעגאַטיווע זייטן פונעם טעמפּל, וואו ס׳האָבן „געבעטן“ די סאַמע פּני פון ווין און אַ ראָטשילד האָט דאָרט אויך געבעטן... עס האָט געזאָלט זיין טאַקע דער זעלבער ראָטשילד, וואָס האָט דער דעספּאָטישער צאַרישער רעגירונג געגעבן הלוואות... האָב איך אַוודאי דעם דאָזיקן טעמפּל שטאַרק אויסגעלאַכט. איז דאָס קאָנטיק דעם פרומען „טאַגעבלאַט“, וואָס האָט ליב געהאַט פּשוטע יידישע בתי־מדרשים, שטאַרק געפעלן געוואָרן, ווייל די דאָזיקע קאָרעספּאָנדענציע האָבן זיי געדרוקט אויף דעם אָנגעזעענסטן פּלאַץ און דעם קליינעם האָנאָראַר האָבן זיי צוגעשוקט פּינקטלעך. איבערטוישנדיק די עטלעכע דאָלער אויף עסטרייכיש געלט, פלעגט זיך באַקומען די אילוזיע פון אַ פאַרמעגן, אַזש אין די צענדלינגער קראָנען. פלעג איך שוין אַ פריילעכער זיך לאָזן אין די אָוונטן אין די רייכערע גאַסן און פלעג אַפילו אַמאָל פאַרבלאָנדזשען אין קערנטנער שטראַסע, וואָס פלעגט מיט איר איינגענעמען רויש, מיט אירע מילדע פייערן צינדן און וועקן דאָס יונגע בלוט. אַמאָל פלעג איך אַריינגיין אין אַ דאָרטיקן קאַפע. אַוודאי בין איך דאָרט געווען אַן אָנגעלייגטער גאַסט... זיצן צו לאַנג אַליין ביי אַ טישל מיט דעם גלאָז קאַווע איז אויך ניט שטענדיק אויסגעקומען. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צווישן די פילע רייכע געסט האָבן זיך דאָרט אויך געפונען פילע „אָרעמע“ פרויען, ניט קוקנדיק, וואָס זיי זיינען געווען זייער רייך געקליידט און די שלעפּעס פון זייערע זיידענע קליידער האָבן געווישט דעם שפּיגלדיקן פּאַרקעט פון דעם קאַפע־הויז און עס נאָך שפּיגלדיקער געמאַכט. אַזאַ מין פרוי פלעגט אַמאָל פאַרביגיין מיין טישל, אַ ליבלעכן שמייכל טאָן און אַ פרעג טאָן, בליצנדיק מיט אירע קינסטלעך־פאַרגרעסערטע בלויע, צי שוואַרצע אויגן: „קען איך אינען געזעלשאַפט לייסטן?“

איך בין זיך מודה, אַז איך האָב איר גזעלשאַפט ניט פאַרלאַנגט... זייער שיינקייט איז געווען אַ פרעמדע, אַ קאַלטע... אָבער אָפּזאָגן וואָלט געווען ניט איידל — און דערצו האָבן זיי געוועקט מיטלייד, דווקא אין זייערע רייכע קליידער... און אַדרבא, ביטע שיין...

זייערע השגות זיינען געגאַנגען ווייט — ביז שאַמפּאַניער. אָבער ווי שווער עס איז געווען, האָב איך זיי אין שאַמפּאַניער געמוזט אָפּזאָגן, זי האָט געמענט ווי אַנטטוישט ווערן פון מיין אַנטזאַגונג. אָבער אַ גלעזעלע בענעדיקטין האָט אויך געקאָסט אַ קראָנע און אַ מאַנכע פון דעם דאָזיקן מין פלעגט אויסטרינקען צוויי און אַמאָל פאַרלאַנגען אַ דריטע. און וואָלט זי כאָטש באַרוישט ווערן און ווערן עכט — דאָס ניט... פלעגט אַזאַ „אָרעמע" פרוי אַיינלאַדן אירע אַן אָרעמע חברטע און שוין זי פאָרשטעלן פאַר מיר מיטן נאָמען — געווים אַן אויסגעטראַכטער — און יענע האָט אויך פאַרלאַנגט שאַמפּאַניער, און האָט נעבעך געמוזט טרינקען בלויז בענעדיקטין... ניט ווינדיק וואָס צו ריידן מיט זיי, האָב איך זיך טאַקע שטאַרק געלאַנגווייליקט... און דערצו האָב איך אין זיי קיינמאָל ניט געפונען דעם נאַטירלעכן רייץ. אָנגעפּודערטע, אָנגעפאַרבטע, הגם צווישן זיי זיינען געווען מאַנכע גרויסע שיינהייטן, האָבן זיי אויף מיר אָנגעוואָרפן אַן אומעט, און נאָך אַ האַלבע שעה זיצן מיט מאַנכער פון זייערע ביי אַ טישל, ניט הערנדיק פון זיי קיין איין אויפריכטיק וואָרט, פלעג איך דאָס דאָזיקע רייכע קאָפע-הויז פאַרלאָזן און זיך אַוועקלאָזן צוריק אין די אָרעמע באַצירקן, וואו דאָס לעבן מיט זיין וואָכעדיקייט האָט פאַר מיר מער אינטערעס געהאַט, ווי די קערנטנער שטראַסע מיט איר בלומרשטדיקן יום-טוב.

אין דער זעלבער צייט האָב איך באַקומען אַ בריוו פון ניו-יאָרק, פון אַ גרופּע אומבאַקאַנטע חברים, וואו די אונטערגעשריבענע האָבן אויסגעדריקט זייער באַדויערן, וואָס איך, ווען די אַרבעטער האַלטן פאַר זייער דיכטער, זאָל גאָר זיין אַ מיטאַרבעטער אין אַזאַ קאָנסערוואַטיווער צייטונג, ווי „דאָס יידישע טאַגעבלאַט", וועלכע באַקעמפט די אַרבעטער מיט אַלע מיטלען. אמת, זיי פאַרשטייען, אַז עס איז ניט מיין שולד, איך האָב ניט געוואוסט... איז גיבן זיי מיר צו וויסן, אַז אין ניו-יאָרק איז דאָ אַן אַרבעטער-צייטונג,

וואָס וועט מיט דער גרעסטער פרייד דרוקן אַליץ, וואָס איך וועל שרייבן און ניט נאָר דרוקן מיך פון דער וויטן, מען וועט מיר אַפילו שיקן אַ שיפס-קאַרט, איך זאָל קומען אין אַמעריקע.

דער בריוו איז געווען געשריבן אין אַ האַרציקן, חבר׳ישן טאָן. איך האָב, אַ טיף-גערירטער, געענטפערט, אַז איך בין גרייט צו פאָרן אין אַמעריקע, און זיך אַנטשולדיקט פאַר מיין ביזאַהעריקער מיטאַרבעטערשאַפט אין „טאַגעבלאַט“. און וועל זיך פילן גליקלעך צו זיין אַ מיטאַרבעטער אין אַ סאָציאַליסטישער צייטונג, פון וועלכער עקסיסטענץ איך האָב בלויז געהערט, אָבער ניט געוואוסט, ווי אַזוי צו גרייכן צו איר.

אַ דערהויבענער פון דער איינלאַדונג און פול מיט האָפענונג אויף אַ ניי לעבן אין אַמעריקע, האָב איך פונדעסטוועגן מיין אידעאַל וועגן אַ וואָכנשריפט ניט געקענט אויפגעבן, הגם איך האָב ניט געוואוסט, מיט וועלכע מיטלען איך וועל עס דערגרייכן. ענדלעך האָבן זיך אויך געפונען די מיטלען, וויניקסטנס אויף אָנצוהייבן די ערשטע נומערן פון דער וואָכנשריפט.

און אָנשטאָט צו פאָרן קיין אַמעריקע, בין איך אַוועקגעפאָרן אָנהייב ווינטער, צווישן 1904—1905, קיין קראָקע.

איידער איך בין אַרויסגעפאָרן קיין קראָקע, האָב איך נאָך פון ווין אַרויסגעשיקט איינלאַדונגען צו באַרימטע שריפטשטעלער צו נעמען אָנטייל אין דער וואָכנשריפט. צווישן די איינגעלאַדענע איז אויך געווען ה׳ר מ. י. בערדיטשעווסקי, וועלכער האָט אויך שוין געהאַט געשריבן און געדרוקט זיינע ספּעציפישע מעשהלעך פון פאָלקסלעבן אין „דער יודישער פאָלקסצייטונג“. אויף מיין איינלאַדונג — ער האָט דאַן געוואוינט אין ברעסלע — האָט ער גלייך געענטפערט אַ לאַנגן בריוו, פול מיט אָריגינעלע פאָדערונגען און באַמערקונגען, און וועגן זיין בליק אויף יידיש בכלל...

וואָס איך בין אויסן געווען מיט מיין איינלאַדן בערדיטשעווסקין אַלס מיטאַרבעטער, קען איך איצט ניט באַשטימען. זיינע אָנשווונגען — כלומרשט ניצשעאַנישע — זיינען מיר אַוודאי פרעמד געווען, אָבער אייניקע דערציילונגען זיינע (טייל פון זיי האָב איך געלעזן אין רוסישער איבערזעצונג און אין דער איבערזעצונג האָבן

גיי גראָד געוואונען), איבערהויפּט זיין דערציילונג „ההפסקה“ (אין רוסיש — „פּערעריוו“), האָבן מיך אַנטציקט. דער אינהאַלט איז געוועזן אַ חסידישער, אָבער דער טאָן, וואָס האָט דערגרייכט ביז עקסטאַז, האָט ממש פאַרכאַפּט. אָבער דאָס רוב האָט ער געשריבן אויף אַלגעמיינע טעמען. האָב איך, קאָנטיק, געהאָפּט, אַז אויך אין מיין וואָכנשריפט וועט ער געבן פון דעם מין און סיי מיט זיין נאָמען און סיי מיט זיין אָנטייל וועט ער צוציען דעם אינטעליגענטן קלאַס לעזער, וואָס איז דעמאָלסט געווען מיין אידעאַל...

אויך א. קאָראַלניק, וועלכער האָט זיך געקווענקלט און געפּיעשטשעט זיך, אַז יידיש שרייבן קען ער ניט, כאָטש אַפילו אין ווין האָט ער צייטנווייז גערעדט דעם זאַפטיקן אוקראַינישן יידיש מיט אַלע חנדלעך, האָט מיר צוגעזאָגט צו שיקן עפּעס פאַר מיין וואָכנשריפט. מיט שטענדיקע מיטאַרבעטער, ווי שלום אַש, נאָמבערג, ווייסענבערג, בין איך אַוודאי זיכער געווען.

* * *

פול מיט האָפענונגען בין איך אָנגעקומען אין אַ שנייִקן פרימאָרגן קיין קראָקע.

אָפּגערוט זיך אַ פּאָר שעה אין דעם פּוילישן האָטעל, וואָס האָט זיך געפונען ניט ווייט פון דעפּאָ, האָב איך זיך געלאָזט צו יוסף פישער, דעם אייגנטימער פון דער גרויסער דרוקעריי, וואָס האָט געהאַט אַ שם אין דער יידישער וועלט מיט איר שיינער אַרבעט, אַזוי אַז דרוקן אַ בוך ביי יוסף פישער איז שוין געווען אַ זכיה און נאָר געהויבענע שרייבער, סיי יידישע, סיי העברעיִשע האָבן זוכה געווען, אַז זייערע ביכער זאָלן זיך דרוקן ביי יוסף פישערן אין קראָקע.

אַריינגעקומען צו יוסף פישערן אין קאַנטאָר, האָט ער מיך אויפגענומען אי ווי אַ סוחר, אי ווי אַ לעזער. יוסף פישער איז געווען אַ ייד אַ איידעלער, אַ וועלטלעכער, און מיט אַ זין פאַר שיינקייט, פאַר פּאָעזיע. אָנגעטאָן איז ער געגאַנגען זויבער און „וועלטלעך“ און אַזוי ווי עס איז שוין געווען ווינטער, האָט ער דאַן, אַפילו אין קאָנטאָר, געטראָגן אַ פיין פוטערל און אַ קאַראַקולענע היטל, וואָס האָט אים צוגעגעבן נאָך מער חשיבות...

גערעדט האָט ער יידיש, צוגעאיידלט מיט איינצלנע דייטשישע ווערטער און אַפילו מיט גאַנצע אויסדרוקן. „אַלזאָ" — דאָס איז געווען זיין ליבלינגס־וואָרט. „אַלזאָ" וועלן מיר עס אָנפאַנגען, „אַלזאָ" וועלן מיר עס ענדיקן. ביי געהויבענע געשעפט־שליסונגען פלעגט ער שוין אַריינפאַלן אינגאַנצן אין דייטש... פון „וועלן" איז שוין געוואָרן אַ „ווערדען", און פון „מיר" — וויר, און פון אותיות — בוכשטאַבן...

באַזיצנדיק אַ גרויסע דרוקעריי מיט אַ סך אַרבעטער, אָנגעהויבנדיק פון עלטערע יידישע האַנט־זעצער ביז יונגע פוילישע מיידלעך אין דער דרוקעריי ביי די מאַשינען, איז ער שטענדיק געווען איינגעטונקט אין חובות. וואָס מער ער האָט געהאַט באַשטעלונגען, אַלץ מער בעל־חוב איז ער געווען, אַלץ מער וועקסעלעך זיינע זיינען פראָ־טעסטירט געוואָרן. איז דערפאַר, אַז ער האָט דערזען אַ נייעם קונה, איז איידער וואָס־ווען, האָט ער שוין אין אַן איידעלער פאָרם, אַ ביסל אין אַ פאַרלעגנהייט — וויל ער איז געווען אַן איידעלער ייד — געבעטן פאָראויס, אָט פונקט ווי ער וואָלט געווען ניט קיין איינגעמער פון אַ גרויסער דרוקעריי, נאָר אַ שרייבער אין אַ יידי־שער צייטונג.

אַז איך האָב נאָר־וואָס אָנגעהויבן צו ריידן וועגן מיין צייטונג, וועגן דער צאָל פון די זייטן, וואָס זי דאַרף פאַרמעגן, און וועגן אַ הילע באַזונדער און דער פאָרמאַט ווי פון „דעם יוד", און אים געבעטן זאָגן דעם פרייז, האָט ער נאָך ניט אויסריידנדיק באַשטימט דעם פרייז, שנעל אַ פרעג געטאָן, צי האָב איך ניט ביי זיך אויף אַ ווײַלע אַ הונדערט פופציק קראָנדלעך... האָב איך אים אַוודאי גלייך געגעבן. איז ער גאָר אויפגעלעבט געוואָרן. ער האָט גלייך באַמערקט, הייסט עס, אַז ער האָט דאָ צו טאָן מיט אַ סוחר און ניט נאָר מיט אַ פּאָעט...

האָט ער מיר שוין געזאָגט דעם פרייז, עס האָט אָנגעטראָפן ביי אַ אַכציק גולדן פער נומער פאַר די ערשטע טויזנט... „וויפיל טויזנט רעכן איך דרוקן?" — ביי אַ פינף טויזנט... — ניט צופיל? — האָט ער פעסימיסטיש זיך אַ גלעט געטאָן ביי דער פאה...

איך האָב אויך גערעכנט, אַז עס איז צופיל, אָבער עס האָט ניט געפּאַסט צו זאָגן ווייניקער...

באַשטימט דעם פּרייז, האָב איך שוין אין אַ פּאָר טעג אַרום, געפינענדיק אַ פּאַסיקן צימער, בײַ אים באַשטעלט צו דרוקן 300 בייגעלעך פּאַפּיר און 300 קאָנווערטן, אויבן אויף זיי די פירמע: „דאָס יודישע וואָרט" — דעם „טיטל" האָב איך נאָך באַשטימט אין ווין — „אַ וואָכנשריפט פאַר ליטעראַטור, קונסט און געזעלשאַפטלעכע פראַגן", אָדער עפּעס ענלעכעס, און אויף דער צווייטער זייט, לינקס, דאָס זעלבע אויף דייטש און פּויליש. אויך די גאַס, אויסער אין יידיש — אויך אין פּויליש און אין דייטש: סטאַראָווישניאַ 27, אָדער אַלט־ווייסעל 27. ניט געוואָלט באַליידיקן, הייסט עס, פּויליש, וואָס האָט אין גאַליציע געהאַט כמעט אַלע רעכט; אָבער אויך די דייטשע שפּראַך האָב איך, הייסט עס, אָנערקענט, ניט האָבנדיק, אַלס פרעמדער נאָך אין עסטרייך, דעם מוט אַרײַנצומישן זיך אין די אינערלעכע ענינים...

צעשיקט קליינע אַנאָנסן אין די העברעישע צייטונגען, איבערהויפּט אין „הזמן", וועלכער האָט שוין דעמאָלסט זיך איבערגעצויגן פון פּעטערבורג, וואו ער איז געהאַט ערשינען אַ צייט אַלס וועכנטלעכע צייטונג און איז שוין ערשינען אין ווילנע אַלס טאָגבלאַט. מיטן „הזמן" האָב איך געזאָלט די אַנאָנסן חילופן, און דערצו האָבן זיי אין צעטל פון זייערע מיטאַרבעטער אַרײַנגעשטעלט אויך מיין נאָמען. אמת, איך האָב שטאַרק געצווייפלט, צי וועל איך מיטאַרבעטן אין „הזמן", אין דער צייט, וואָס איך האָב זיך שוין אַרומגעטראָגן מיט מיין קאַמף פאַר יידיש אַלס נאַציאָנאַלשפּראַך... אָבער זייער אײַנלאַדונג איז געווען אַזאַ העפלעכע, אַז איך האָב זיי ניט געקאָנט אָפּזאָגן, איבערהויפּט ווייסנדיק וועגן בן־ציון כ"ץ, וואָס האָט דאַן געשעמט פאַר אַ קעמפער קעגן דער רוסישער ביוראָקראַטיע, און האָט, דאַכט זיך, געהאַט אויף זיך אַ פּראָצעס. נאָכדעם אָבער ווי איך האָב אַרויסגעלאָזט דעם פּראָספּעקט אין אַלע צייטונגען וועגן די אויפגאַבן און צילן פון מיין וואָכנשריפט „דאָס יודישע וואָרט", האָט שוין דער „הזמן" מיין נאָמען פון צעטל מיטאַרבעטער אַרויסגענומען, וואָס דעמאָלסט, בין איך

מודה, האָט עס מיר נים שטאַרק באַנג געטאָן, בפרט אַז העברעיש האָב איך סיי ווי אויסער איין קליינער דערציילונג אין וואַרשעווער „הצופה“, וואו נאָמבערג איז געווע דער „הויפטלינג“ — קיינמאָל ניט געשריבן.

אָנגעשריבן אַ „פּראָספעקט“ מיט אַלע פונקטן פון דער פּראָגראַם פון „דאָס יודישע וואָרט“, אַז יידיש איז ניט נאָר אַ מיטל צו בילדן די מאַסן, נאָר אַ ציל אַן און פאַר זיך, אַז זי וועט דינען אויך דער יידישער אינטעליגענץ און וועט אויף אַזאַ אופן אָפּשפּיגלען אַלע שטרעבונגען און שטרעמונגען פון דער גרויסער וועלט, אַזוי אַז דער יידישער אינטעליגענט זאָל ניט דאַרפן אין העכערע פראַגן זיך ווענדן צו די ליטעראַטורן אין אַנדערע שפּראַכן, וואָס פאַרפרעמדט אים פון דעם יידישן פאָלק — אאַז"וו — האָב איך דעם פּראָספּעקט געהאַלטן דריי טעג ביי זיך און ניט געוואַגט אים צו געבן דרוקן... און ענדלעך, אַז איך האָב אים אָפּגעדרוקט, האָב איך ניט געוואַגט אים אַרויסצולאָזן אויף דער וועלט. ניט קוקנדיק, וואָס איך האָב געפילט, אַז דער אמת איז מיט מיר און אַז יידיש דאַרף און האָט אַלע רעכט צו ווערן די נאַציאָנאַלע שפּראַך — האָב איך אָבער זיך ניט געפילט גענוג העזהדיק דאָס אַליין צו באַשטימען, און הגם דירעקט העברעיש האָב איך אין פּראָספּעקט ניט אָנגערירט, אָבער אינדירעקט איז דער פּראָספּעקט געווען געווענדט קעגן העברעיש אַלס די שפּראַך פון דער נייער יידישער ליטעראַטור... און ווער ווייס, צוליב וועלכע פּסיכאָלאָגישע גרונטן איך האָב ניט געוואַגט אַרויסצולאָזן דעם פּראָספּעקט. דריי טעג און דריי נעכט — איך האָב יענע נעכט ווייניק געשלאָפן פון גרויס אויפרעגונג, פון ישובן זיך מיט זיך אַליין— ביז קיין אַנדער וועג איז ניט געווען. ס'האָט זיך שוין געדרוקט דער ערשטער נומער און אין נומער גופא איז דער פּראָספּעקט אויך אַריין...

האָב איך שוין איינגעפּאַקט די פינף טויזנט עקזעמפּלאַרן פון פּראָספּעקט און אַרויסגעשיקט קיין וואַרשע צו לידסקין, וועלכער האָט געזאָלט זיין דער פאָרשטייער פון „יודישען וואָרט“ פאַר פוילן און רוסלאַנד און אויך דער אַרויסהעלפער אין געלט־ענינים. אַן עק־

זעמפּלאַר האָב איך אין אַ פאַרמאַכטן קאָנווערט אויך אַוועקגעשיקט נאָמבערגן...

און וואָס זאָל איך דאָ לייקענען — נאָמבערגס שנעלער ענטפער, אין וועלכן ער האָט דאָס פּראָגראַם פון וואָכנשריפט און דעם טאָן פון פּראָספּעקט שטאַרק געלויבט — זיין ענטפער האָט מיך דאַן געראַטעוועט און ווי באַשטעטיקט דעם גרויסן אמת... נאָכדעם האָבן מיך שוין ניט געאַרט די אַלע בייזע אָנפאַלן פון דער העברעישער פּרעסע, ווער רעדט, אַז י. ח. טאַוויאָוו, דער פאַרביסנסטער שונא פון יידיש, האָט מיך אין זיינע פעליעטאָנען אין „הזמן" געזידלט, האָט שוין מיר הנאה געטאָן. אַ צווייטער מיטאַרבעטער אין זעלבן „הזמן" האָט מיך דערקלערט פאַר משוגע... אַ דריטער האָט זיך סתם געוויצלט און געבראַכט דעם באַקאַנטן פּסוק פון בערנע, אַז יעדער האָט רעכט צו זיין אַ נאַר, אָבער מען דאַרף וויסן אַ גרענעץ... הייסט עס, אַז ער האָט יאָ געוואוסט די גרענעץ, אָבער ער אין זיינע אָנפאַלן אויף יידיש און אויף מיר האָט דאָך די גרענעץ ניט אָפּגעהיט...

דער קאַמף האָט זיך צעפלאַקערט... בין איך שוין קיין בעל־חוב אויף די „דייטן" פון די ערשטע נומערן פון „יודישען וואָרט" ניט געבליבן... מיינע הויפּט־גענעראַלן זיינען געווען מ. רובינשטיין, אונטערן פּסעוודאָנים מיכעלסאָן, און ל. שאַפּיראָ. מ. מיכעלסאָנען אָבער האָב איך געמוזט שטאַרק היטן. ער איז געווען אַ געטרייער קעמפער פאַר יידיש, אָבער שוין ניט אַזוי מאַהבת מרדכי... ער האָט שוין דאַן, וואוינענדיק אין קראָקע, געהערט מיט זיינע סימפּאַטיעס צו דער פּפּ"ס און איז שיר ניט געוואָרן אַ פּוילישער פּאַטריאָט. איך בין אויך, חלילה, ניט געווען קיין שונא פון פּויליש, אָבער פּאַטריאָטיזם איז מיר געווען דערווידער אַפילו אין אַ רעוואָלוציאָנערער פאָרם, און אויב איך האָב געקעמפט פאַר יידיש, איז דאָס געווען מער צוליב אַריינטראָגן אין דער יידישער ליטעראַטור אַלמענטשלעכע ווערטן, וואָס אָן דער דערהויבונג פון יידיש צו אַ נאַציאָנאַלער שפּראַך וואָלט דאָס געווען אוממעגלעך, וואָלט יידיש נאָר געדינט אַלס מיטל צו אַגיטירן די מאַסן פאַר ציוניזם און

העברעיש. און אויב די בונדיסטן האבן אפילו שוין אין יענער צייט מיט מער אכטונג געקוקט אויף יידיש ווי די ציוניסטן, איז אבער אויך ביי זיי יידיש געווען נאר א מיטל צו אגיטירן די מאסן ביז א געוויסער שטופע, און זיי אליין האבן זיך אויסגעלעבט און „אויסגערעדט" אין דער רוסישער, צי פוילישער שפראך...

האב איך טאקע פון מיכעלסאנס ארטיקלען אין „דאס יודישע ווארט", פול מיט אטאקעס אויף די ציוניסטן און העברעיסטן — געהאט צו זינגען און צו זאגן. ער האט אין זיינע אטאקעס אויך אמאל אונטערגעשעצט די קולטור און די צוקונפט פון יידישן פאלק אליין. און דאס האב איך שוין ניט געקאנט דערלאזן... פלעגן מיר זיך אמאל אזוי שעהנווייז דינגען, ביז איך האב זיך געכאפט, אז ווען איך מעק עס אויס, אן זיין וויסן, מאכט ער זיך ניט וויסנדיק... האב איך שוין די הארבערע אויסדרוקן זיינע אויסגעמעקט און זיינע ארטיקלען אין „יודישען ווארט" האבן געהאט, אדאנק זיין שארפער, גלענצנדער פען, א גרויסע ווירקונג... די העברעישע צייטונגען האבן אים שיר אין חרם ניט ארייננעלייגט...

די אנפאלן פון די שרייבער אין „הזמן" מיט טאוויאון בראש האבן מיך ניט געארט. פארדראסן האט מיך אבער, וואס אויך י. ח. ברענער האט ענדלעך ניט אויסגעהאלטן און, אמת, אין אן איינגעהאלטענעם טאן, זיך מיט מיר געאמפערט אין זיין מאנאטשריפט „המעורר", וואס איז דאן ערשינען אין לאנדאן, וואו ברענער האט א צייט, ביז 1908, געוואוינט. אויך אין „הזמן", וואו ער פלעגט פארעפנטלעכן זיינע פעליעטאנען, האט ער מיך ווען־ניט־ווען גע־מוסרט... זיינע ווערטער האבן מיר צייטנווייז פארשאפט שמערצן. אבער אויך ער, דער גרויסער אמת־זאגער און אמת־שרייבער, האט אין זיינע באמערקונגען וועגן יידיש זיך ניט געקענט באפרייען פון זיין טענדענץ פאר העברעיש.

אבער מיטן קאמף אליין פאר יידיש האב איך ניט יוצא־געווען. „דאס יודישע ווארט" איז געווען א וואכנשריפט פאר ליטע־ראטור און באשטימט אויך פאר דער אינטעליגענץ, און די אר־בעטער־מאסן האב איך אוודאי פארגונען א ראפינירט שטיקעלע ליטע־ראטור, ניט נאר פון יידישע גרויסע שרייבער, ווי נאמבערג, אש,

שאַפּירא, ווייסענבערג, יהואש און אַנדערע, נאָר אַפילו פון מול־
טאַטולי (דאַן אַ באַרימטהייט, וועלכן אַפילו פּרץ פלעגט איבערזעצן),
פון מעטערלינק און פון אָקטאַוו מירבאָ, און פון וועמען איר ווילט
אַליין. און ניט נאָר זייערע ווערק, נאָר אויך אָפּהאַנדלונגען וועגן
זיי. אַזוי האָב איך געדרוקט אין די ערשטע נומערן „דאָס יודישע
וואָרט" אין פאָרזעצונגען אַ וואונדערלעך שיינע און טיפע עסיי אי־
בער מעטערלינק, וואָס עס האָט מיר צוגעשיקט אין יידיש אַ יידי־
שער סטודענט פון ווינער אוניווערסיטעט, פון מיינע באַקאַנטע אין
ווין. די דאָזיקע אָפּהאַנדלונג איבער מעטערלינק האָט אַרויסגערופן
אַ שטורעם ביי דער קראָקעווער יידישער האַלב־אַסימילירטער אינ־
טעליגענץ, וואָס האָט יידיש זעלטן געלייענט און ניט געגלויבט,
אַז אין יידיש קען מען שרייבן אָפּהאַנדלונגען וועגן גרויסע שרייבער
בכלל, בפרט וועגן אַזאַ טיפן דיכטער, ווי מעטערלינק. די דאָ־
זיקע אָפּהאַנדלונגען, די ערשטע אין יידיש בכלל וועגן אַ מעטער־
לינקן, האָט „דעם יודישען וואָרט" געגעבן גרויס פרעסטיזש אין די
אויגן פון דער יידישער אינטעליגענץ אין קראָקע, צווישן וועלכע
עס זיינען דאָס רוב געווען ציוניסטן, וואָס האָבן געלייקנט אין דער
צוקונפט פון יידיש בכלל...

נאָכדעם, ווי עס זיינען ערשינען פינף נומערן, האָב איך באַ־
קומען, צו מיין גרויס איבעררעשונג, אַ פּאָסטקאַרט פון פּרצן...

„אייער וואָכנשריפט בעסערט זיך פון וואָך צו וואָך. זי הייבט
מיר אָן שטאַרק געפעלן. איך שיק אייך אַרויס אַ פעליעטאָן און
אַן איינאַקטער „שוועסטער"...

יענער טאָג איז ביי מיר געווען אַ יום־טוב... ערשטנס די
הסכמה אויף „דעם יודישען וואָרט" און פאָלגלעך אויך אויף זיין
פּראָגראַם — פון פּרצן אַליין, און צווייטנס, ניט איינגעלאַדענערהייט:
(פאַרוואָס איך האָב פּרצן ניט איינגעלאַדן אַלס מיטאַרבעטער קען
איך ניט פאַרשטיין — איך האָב אַוודאי ניט געגלויבט, אַז ער וועט
אָננעמען). מיט פּרצעס פּאָסטקאַרט בין איך אַוועק צו יוסף פישערן;
עס האָט זיך געדאַרפט דרוקן דער זעקסטער נומער, און פאַרן
פינפטן האָב איך נאָך, צוליב לידסקיס אומפּינקטלעכקייט, ניט באַ־

צאָלט... האָב איך געהאָפט, אַז די הסכּמה פון פּרצן וועט מיר דינען צו קריגן מער קרעדיט... און עס האָט טאַקע געהאָלפן...

— נו, זיכער... האָט פישער געמורמלט — די צייטשריפט געפעלט מיר אויך, אָבוואָל זי איז צופיל קעגן לשון־קודש...

און ער האָט געהייסן ברענגען מאַטעריאַל פאַרן זעקסטן נומער, וואָס מיט פּרצעס פעליעטאָן, אין וועלכן עס האָט זיך שוין געפילט דער אָנזאָג פון דער אָנקומענדיקער רוסישער רעוואָלוציע — איז דער נומער נאָך געוואָרן אינהאַלטסרייכער. אָבער דעם דאָזיקן פעליעטאָן האָט דער וואַרשעווער צענזאָר, וואָס האָט צענזורירט „דאָס יודישע וואָרט“ — אינגאַנצן אויסגעשניטן שוין געדרוקטערהייט...

---

# אינהאַלט


זייט

**דרייאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל**

דער יידישער פֿאַרלעגער יעקב לידסקי. — איך ווער זיין בעל־יועץ. — פֿאַרלאַג „פּראָגרעס". — איך ווער אַן איבערזעצער. — „דונער און בליץ". — דער האָנאָראַר. — מיין וואוינונג ביי אַ הענדלער מיט אַלטע קליידער. — מיין שפּעטערדיקע וואוינונג ביי אַ מוליער. — מיין פּראָדוקטיווע צייט. — די דערציילונגען „דער פֿאַרביטערטער" און „די שליפּעס". — דער ערשטער שרייבער־באַל אין וואַרשע. — געגנבעטע בילעטן. — פּרק אַלס אויפֿטוער. — די אַריסטאָקראַטישע געסט. — דער טייערער פּרייז פֿאַר בילעטן. — מיין אַריינמישונג. — דער קריג מיטן ציוניסט לעוויטעס. — שלום אַש פֿאַרשטעלט זיך פֿאַר אַ יונג פֿון קוילער־געסל. — דער טאַנץ. — בעל־מחשבותעם אַנטציקונג . . . . . 5

**פֿיראונצוואַנציקסטער קאַפּיטל**

זייטיקע אַרבעט. — איך שרייב אַדרעסן. — פֿאַרריכט מאַנוסקריפּטן. — פֿון אַ ליבעראַל אַ סאָציאַליסט. — „די יודישע פֿאַמיליע". — מ. ספּעקטאָר אַלס רעדאַקטאָר. — דוד פֿרישמאַנס התפּעלות. — די צווייטע וואָכנשריפֿט „די פֿאָלקסצייטונג". — דער פֿאַרלאַג „תושיה". — א. ל. יאַקובאָוויטש. — אונזער קורס הייבט זיך. — דער „הדור" פֿון דוד פֿרישמאַן. — שלום אַשס ערשטע דערציילונגען. — די פֿאַרבעסערטע לאַגע. — די פֿאַרבראַקירטע דערציילונג. — מ. ספּעקטאָרס חרטה . . . . . . . 23

**פֿינפֿאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל**

מיינע ניט געדרוקטע לידער. — די בעסטע און די אינטימסטע. — די דרוקעריי פֿון מאיר־יחיאל האַלטער. — קאָנסטאַנטין שאַפּיראָ. — אָרעמע זעצער אין די לאַנגע קאַפּאָטעס. — די הכנעה פֿאַרן באַלעבאָס. — די דרוק־מאַשין מיט דער ראָד. — דער געלער ייד ביי דער ראָד. — איך העלף דרייען די ראָד. — די

זייט

פאַרמשכנטע לידער. — אָן אַ גואל. — איך פאָר אין ביאַלי־סטאָק. — פאַרלאַג „בילדונג". — אברהם קאָטיק, דער זון פון יחזקאל קאָטיק. — זיין ליטעראַרישע פּלענער. — דיקטירט אין רוסיש. — ביאַליסטאָק. — י. ח. ברענער אין ביאַליסטאָק. — דער יונגער בונדיסט ראַפּאַלאָווסקי. — אַ קוועקזילבערל. — יוסף מעלניק. — לפידות דער אַנאַרכיסט. — צוריק אין וואַרשע. — גרשון שאַפּמאַן. — יעקב לידסקי דער גואל פון מיינע לידער. — דאָס פאָרוואָרט. — דער שינוי־השם. — די ערשיינונג פון מיין ערשטן ביכל „צייט־לידער". . . . . . . . . . . . . . 33

## זעקסאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

מיין נייגעריקייט וועגן ערפאָלג פון מיין ביכעלע. — די מיינונגען שבעל־פּה וועגן מיין ערשטן ביכעלע לידער. — בעל מחשבותטעס שטרענגקייט. — דוד פרישמאַן איבערראַשט מיך ווידער. — די רעצענזיע אין „דער יודישער פאַמיליע". — די לויבגעזאַנגען אין „פרעמדע" צייטשריפטן. — דאָס בריוועלע פון אַ גרופּע קראָקאָווער סטודענטקעס. — י. וואַלין, מיין קריטיקער־לאַנדסמאַן, אין „בודושטשנאָסט". — עספּיר די בונדיסטקע. — איר ערשטע מיינונג. — איר געענדערטע מיינונג אין טורמע. — דער צווייטער ליטעראַטן־באַל אין שווייצערטאַל. — עספּיר גייט מיט מיר אויפן באַל. — דער זיג. — די געהויבענע געסט אפרים ליליען און בערטאָלד פייוועל. די לעבעדיקע צייטונג. — פּרק אויף דער בינע. — מיינע אַנטי־ציוניסטישע טעלעגראַמעס. — ד״ר חיים־דוב הורוויץ. — דער באַנקעט פאַר די געסט. — עספּיר אויפן באַנקעט. — די שטימונג. — נחום סאָקאָלאָוו. — מזרח און מערב. 57

## זיבנאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

איך ווער אַן אַגענט פאַרן „וואָסכאָד". — מיין רייזע צוריק קיין ביאַליסטאָק אַלס אַגענט. — דער ביאַליסטאָקער באַנקיר און זיין זון. — מיין באַזוך אין קאָוונע. — מיין ערשטע איבערזעצטע דערציילונג אין „וואָסכאָד". — מיין איבערזעצער, ד״ר א. מאַר־קאָוו. — זיין באַגייסטערטער בריוו צו מיר. — פריילין לעאָנאָ־וואַ. — מיין ערשטע זומער־וואוינונג אין סווידער. — די שיינע יידיש־פּוילישע פריילין. — מאַריאַ קאָנאָפּניצקאַ. — איך זעך אי־בער פון פּויליש „איז אַוועק צום קריג דער מלך". — די אָפּ־קלאַנגען אין דער פּוילישער פּרעסע. . . . . . . . . . . . 71

זייט

## אַכטאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

אַמעריקאַנער טריומפן. — יעקב דינעזאָן און זעווין פון „די יידישע גאַזעטען". — מיין ערשטער אינדירעקטער הָנאָראַר פון אַמעריקע. — די ערשטע קריטיק וועגן מיין דערציילונג „שטילע טריט" פון אַב. קאַהאַן. — דער שטאַרקער איינדרוק. — איך ווער אַ קאָרעספּאָנדענט פאַר „די יידישע גאַזעטען". — די ערשטע פינפאונצוואַנציק דאָלאַר. — מיין פרייד. — איך פאָר קיין מינסק אויף פסח ווי אַ פּראַנט. — יוסף בריל (איו"ב ממינסק). — מיין פאָטער אַלס סוחר אין מינסק. — מיינע דריי דערציילונגען אין איין טאָג. — פרץ אַלס רעדאַקטאָר פון „יוד" אויף איין וואָך. — די געענדערטע דערציילונג. — „אַ זומער-מאַנטל". — „דער הונט". — פרצעס מיינונג וועגן דער דערציילונג. . . . . . 87

## ניינאונצוואַנציקסטער קאַפּיטל

שלום אַש. — זיין ערשטע רייפע ערציילונג „די משוגענע מוטער". — שיין אין זיין הונגער. — שלום אַש אַלס חתן. — אַש אַלס פאַמיליע-מאַן. — שלום אַש אַלס העברעער. — זיין ערפאָלג אין „הצפירה". — איך טו אים נאָך. — מיינע העברעישע איבערזעצער: ישראל שאַף און א. ל. יאַקובאָוויטש. — נחום סאָקאָלאָוו. — דער בוכהאַלטער פון „הצפירה" בערמאַן. — די גוטהאַרציקע און איידעלע מאַדאַם סאָקאָלאָוו. — די יונגע רעוואָלוציאָנערע קורסיסטקע. — מיין צעטעלע צו מאַדאַם סאָקאָלאָוו. — די צען-רובלדיקע. — די געוויסנביסע. . . . . . . . . . . . 98

## דרייסיקסטער קאַפּיטל

יעקב לידסקי און פאַרלאַג „פּראָגרעס". — זיין „וואָך" און זיין „יום-טוב". — מיין ערשטע „פאָטאָגראַפיע". — מיין אָנזיכטסקאַרטע אין שוי-פענסטער. — מיין ערשטע זאַמלונג „ערציילונגען און בילדער". — דר. מ. ערענפרייז באַגייסטערטע קריטיק. — א. קאָראַלניקס עטלעכע שורות אין דייטש. — פרצעס האַלבע קריטיק אין „פריינד". — די רעטעניש. . . . . . . . . . 112

## איינאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

די בענקשאַפט נאָך אַ טעגלעכער צייטונג. — די מורא פון דער צאַרישער רעגירונג פאַר יידיש. — די ערשטע קלאַנגען. — דינע-

זייט

זאָן זאָגט מיר בריוולעך אָן די בשורה. — די איינלאַדונג. — דער רעדאַקטאָר פון דער ערשטער יידישער טעגלעכער צייטונג שאול גינזבורג. — ווידער פעטערבורג. — דער ערשטער נומער. — פרצעס ערשטע „זאַבעלע" אין „פריינד". — מיינע דריי מיניאַטורן. — פרץ קען ניט נאָכקומען די פאָדערונג פון אַ טעגלעכער צייטונג. — „שמעיה גבור". — דער פאַריבל אויף פרצן. — מיין שטרייק און גוט-פריינד מיטן „פריינד". . . . . . . . . 127

## צווייאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

מיין וואוינונג אויף שוועטאָ-יערסקאָ. — קראַשינסקים גאָרטן. — אליעזר מאָנפריד מיין שותף צום צימער. — משה טייטש אַלם גאַסט. — זיין ערשטער נאַכטלעגער ביי מיר. — מיין באַקאַנטשאַפט מיט זיינער אַ חברטע. — די רייזע קיין מינסק. — די פסחדיקע דערציילונג אין „פריינד". — קעשעניעוו. — דער ערשטער באַריכט פון ד"ר מאַנדעלשטאַם. — דער געשטיגענער טיראַזש פון „פריינד". — מיין „צער און צאָרן". — דער האַנאָראַר פאַר מיין פאָגראָם-ליד פאַר די פאָגראָם-קרבנות. — צוריק אין וואַרשע. — די מוטיקע האַלטונג פון דער יידישער יוגנט. . 136

## דרייאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

וואַרשע זומער 1930. — נייע מענטשן. — אָדעס, קיעוו, ווילנע. — ל. שאַפּיראָ. — זיין ערשטע דערציילונג. — זיין געביטענע מיינונג איבער מיר. — ז. שניאור. — זיין פאַמפלעט אין „הצפירה". — זיין אימיטירן. — מיין שוועסטער שרה רייזען וועגן שניאורן. — יעקב שטיינבערג. — ש. צ. זעצער. — פייערבערג. — יעקב שטיינבערג און זיין דעמאָלסטיקע וועלט-אַנשויונג. — ראובן גראַנאָווסקי. — אַ גרוס פון י. י. לינעצקי. — מענדעלע מוכר-ספרימס באַציִונג צום ציוניזם. — „אונזערע ציוניסטען" און „דער ציוניסטישער גלאָקן". — פרץ און דער ציוניזם. — מיין ערשטע באַגעגעניש מיט חיים-נחמן ביאַליק. . . . . . . . . . . . . 145

## פיראונדרייסיקסטער קאַפּיטל

די נייע העברעיִשע צייטונג „הצופה". — די ליטעראַרישע מחלוקה צווישן פרץ און ספעקטאָר אויף די שפאַלטן פון „הצופה" און „יודישער פאָלקסצייטונג". — דער פראָטעסט פון פרצעס אָנהענגער. — איך ווער אַריינגעצויגן אין „פראָטעסט". — דער נייער

זייט

פאַרלאַג אין פעטערבורג. — מיין האָנאָראַר פאַר איבערזעצן „ספאַרטאַק" אין יידיש. — משה טייטש אַלס שותף. — איך שרייב ווידער אין ספעקטאָרס „יודישער פאָלקסצייטונג". — אַ בריוו פון „פריינד". — די דערציילונג „פאַרשפעטיקט". — גניע-סינס מיינונג וועגן איר. . . . . . . . . . . . . . . . . 158

## פינפאונדרייסיקסטער קאַפיטל

די חתונה אין אָטוואָצק. — די מחותנים. — די יונגע קאַלענן. — די פוילישע באַלעבאַטים פון דער ווילע אין אָטוואָצק. — די מע-דאָווע-גאַס. — מערעצקי, דער אייגנטימער פון מיין נייער דירה. — קונסט-זשורנאַלן. — די מיטאַרבעטער פון „פריינד", מרדכי בן הלל הכהן און שמריהו לעווין. — קאַפע „בריסטאָל" און בעל-מחשבות. — זיינע מיינונגען און שטימונגען. — מיין שטעלונג צו ארץ-ישראל און צום ציוניזם. — די צוריקגעקערטע דערציילונג. — די נויט. — דער נס מיט די יום-טוב-בלעטער. — מערעצקי ווערט אַ פאַרלעגער פון יידישע זאַמלביכלעך; — דאָס ערשטע יום-טוב-בלאַט „חנוכה". — די אַנאַנסן. — כרמל-ווייַן. — „ביימער". 170

## זעקסאונדרייסיקסטער קאַפיטל

די נייע טעגלעכע צייטונג „דער טאָג". — דער רעדאַקטאָר לעאָן ראַבינאָוויטש פון „המליץ". — גוטע צייטן. — „יאָהרבוך פראָ-גרעס". — די באַדינגונגען. — אַלטע און נייע מיטאַרבעטער. — פרץ פאַרלאַנגט האָנאָראַר. — איך געפין אין מיין זכרון פרצעס אַ ליד, וואָס ער ווייס ניט. — זיין צופרידנקייט. — פרצעס „פיר אבנים טובות". — פרצעס גרויסמוטיקייט און מילדקייט. — מענ-דעלעס „בימים ההם". — אַש „דער זעלנער". — יהואָש און ווינטשעווסקי. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . 185

## זיבנאונדרייסיקסטער קאַפיטל

ידידיה מרגליות אַלס קריטיקער. — מיין פאַרדראָס, וואָס ער האָט באַליידיקט ספעקטאָרן. — ל. שאַפּיראָס אַרטיקלען. — דער רו-סיש-יאַפּאַנישער קריג. — די שטימונג אין וואַרשע. — מיינע אי-בערלעבונגען אַלס רעזערוויסט. — חברטעס. — י. בערשאַדסקי. — יצחק קאַצענעלסאָן און י. ד. בערקאָוויטש. — מיין שוועסטער שרה-בתיה אַלס יונגע מוטער. — אירע גוטע חברטעס. — אַ

זייט

וואוינונג אויף דערוויל. — פסחדיקע דערציילונגען. — די נייע וואוינונג. — יעקב דינעזאָנס באַזוך. — די מתנה פאַרן קינד. — די פוילישע אַלטע ניאַניע. . . . . . . . . . . . . . . 196

## אַכטאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

דאָס מלחמה־בלעטל אין וואַרשע. — דוד קאַסעל און משה טייטש אַלס מיטאַרבעטער. — מיין ליד „שלום". — אַלע ווערק פאַר זעכציק רובל. — אברהם קאַטיק אין וואַרשע. — אַדוואָקאַט הײ־גער. — פּרצעס באַנייטע „יודישע ביבליאָטעק". — י. מ. ווײַ־סענבערגס ערשטע דערציילונג. — איך גרייט זיך פאָרן אין אויס־לאַנד. — די לעצטע טעג אין וואַרשע. — בענדין. — ווידער לי־פּע נאָוואָגרודסקי. — די גרענעץ־אַגענטן. — דער הויכער פּאָליאַק מיין פירער. — דאָס ערשטע דייטשע שטעטל . . . . . . . . 208

## נײַנאונדרייסיקסטער קאַפּיטל

דער אָנקום קיין ווין. — טירקענשטראַסע נומער 9. — די רעדאַק־ציע פון „דער וועלט". — דער „אוצר" אין טישקעסטל. — א. קאָראַלניק אַלס יונגער סטודענט און שריפטשטעלער. — דער קבלת־פּנים. — די התקרבות. — דער סטודענטן־רעסטאָראַן. — די יונגע פּוילישע גרעפין. — פריילין מיצי. — מיין וואוינונג מיט א. קאָראַלניק . . . . . . . . . . . . . . . . . . 221

## פערציקסטער קאַפּיטל

די אָנגעשטעלטע און באַאַמטע אין דער ציוניסטישער „וועלט". — ד"ר הערצלס קראַנקהייט. — די לעגענדן וועגן זיין גוטסקייט. — די פּועלי־ציוניסטן אין ווין. — די בוכהאַנדלונג אין טאַבאָר־שטראַסע. — אינזליכט דער רעוואָלוציאָנער. — „דער יודישער אַר־בייטער". — מיין מיטאַרבעטערשאַפט אין „יודישען אַרבייטער". — די היימישע סביבה. — אינזליכט ווערט אַ פאַרלעגער פון אַ בי־בעלע מיינע רעוואָלוציאָנערע לידער. — מיין אומדירעקטע מיט־אַרבעטערשאַפט אין „דער וועלט". — „דער אַלטער מגיד". — א. קאָראַלניק אַלס איבערזעצער. — ד"ר ווערנער, רעדאַקטאָר פון „דער וועלט". — אופשימני דער אַטלעט. — דער פּאָלקאָווי־ניק אין דער אַדמיניסטראַציע. . . . . . . . . . . . . . 231

זייט

## איינאונפערציקסטער קאַפּיטל

מיין ערשטע פאַרלעזונג. — דער יידישער סטודענטנפאַראיין אין
ווין. — ניט קיין רגיל. — דער דאַנק פון פּרעזידענט. — די
יידיש-דייטשע סטודענטן. — הוגאָ צוקערמאַן אַלס יידיש-ליבהאָבער
און איבערזעצער. — זיין חבר פרויד. — די מאַנאַטשריפט
„אונזער האָפנונג" פאַר דער יידיש-דייטשער יוגנט. — מיט אַ באַנד
שלום-עליכם אונטערן אָרעם. — די הייליקע תמימות. — מיינע
דערציילונגען אין דער ליטעראַרישער ביילאַגע פון „Vorwärts". —
דער טריומף. — די געשיכטע פון דער דערציילונג „אַ דראַמע
איבער פינף קאַרטאָפל". — די מאָדעל פון דער דערציילונג
„שלמה דער שניידער". — מיין בריוו צו די אַמעריקאַנער „יידי-
שע גאַזעטען". — די סענסאַציע. — גרייזעלס פאָרשלאָג צו
גרינדן אַ פאָנד. — זיין ערשטער דאָלער. . . . . . . . . . 240

## צווייאונפערציקסטער קאַפּיטל

דער ווינער קאָרעספּאָנדענט פון „פריינד" און „וואָסכאָד". —
ד״ר הערצלס טויט. — דער „פריינד" בלייבט אָן אַ קאָרעספּאָנ-
דענט. — מיין פליכט צום „פריינד". — מיינע טעלעגראַמען. —
די הלוואה ביי דעם קאַפע-אייגנטימער, הער שטיין. — ד״ר חיים
ווייצמאַן און אוסישקין אין ווין.—אויף דעם הויף פון ד״ר הערצלס
וואוינונג. — אַרטור שניצלער. — ד״ר הערצלס לוויה. — מיין
געדריקטע שטימונג. — מיין באַקאַנטשאַפט מיט ד״ר נתן בירנ-
בוים. — קאַפע סולער. — א. קאַראַלניקס אינטערוויוען מיט מינים-
טאָרן. — ד״ר נתן בירנבוים. — זיין פרוי. — מיין געשפּרעך
מיט אים. — „יידישע אָוונטן". — ד״ר נתן בירנבוים אַ באַאַמ-
טער אין אַרבעטס-ביוראָ. — ער פאַרלירט זיין שטעלע. — זיין
קאַמף פאַר יידיש און פאַר מזרח-אייראָפּעיִש-יידישער קולטור . 253

## דרייאונפערציקסטער קאַפּיטל

אין אַן אומעטיקן טאָג. — דער ווינקעלער. — די שיינע קעלנע-
רין. — דער נס. — אַ זומערוואוינונג אין ווין. — דער ערשטער
אַנטיסעמיט. — זיין טאָכטער. — א. לובעצקי. — זיינע פילע
טאַלאַנטן. — זיין פסיכאָלאָגישער ראָמאַן אין „השלח". — זיינע
תלמידים. — ראובן בריינין אַלס גאַסט אין ווין. — זיין באַגלייַ-
טער דער „אַפריקאַנער יידישער מיליאָנער". — פרייילין קאַל-
מענסאָן פון מינסק. — קרעמענעצקי דער ציוניסט און פאַברי-

זייט

קאַנט. — סמיט, דער איינציקער יידישער אַרבעטער אין זיין פאַבריק. — אַרכיטעקט מאַרמאַרעק. — פּראָפעסאָר יערוזאַלעם. 262

פירצונפערציקסטער קאַפּיטל

אומרועז אין וואַרשע. — דער אָפּקלאַנג. — מיין דערציילונג וועגן די אומרועז. — צו שאַרף פאַרן „פריינד". — מיין איבעררייסן מיטן „פריינד". — „די דריי טאַקטן". — מיין לאַנדסמאַן דער קריטיקער. — בעל־מחשבותעם בריוו. — ווינער יידישע סביבה. — דאָס יידישע טעאַטער . . . . . . . . . . . . . . . . . . 276

פינפאונפערציקסטער קאַפּיטל

אָנהייב פון אַ נייער עפּאָכע. — די אומצופרידנקייט מיט דער ריכטונג פון „פריינד". — די באַציִונג פון „פריינד" צו שלום אַש. — זיינע צוויי פּאָסטקאַרטלעך צו מיר קיין ווין. — ש. ראַזענפעלד אַלס פּובליציסט און קריטיקער. — איך פאַרטראַכט וועגן אַ ראַדיקאַל־נאַציאָנאַלער וואָכנשריפט. — „דער יידישער אָוונט" אין ווין. — די אָוואַציע. — דער פאַבריקאַנט האַמער. — דער נאַציאָנאַל־עקאָנאָמיסט ד"ר ווייזענגרין. — זיין פאַרגלייך . 287

זעקסאונפערציקסטער קאַפּיטל

מיין וואַינונג ביים סטודענט כוויליוויצקי. — די רייכע קערנטנער־שטראַסע. — די „אָרעמע פּרויען" אין די רייכע קאַפעען. — אַ בריוו פון ניו־יאָרקער חברים. — איך פאָר קיין קראָקע. — יוסף פישערס דרוקעריי. — פּראָטעסטירטע וועקסלען. — איך גיב דעם דרוקער אַן אַנאָנס. — דער פּראָספּעקט. — יידיש. — די נאַציאָנאַלע שפּראַך פון יידישן פאָלק. — דאָס צווייפלען אין מיין אמת. — שלאָפלאָזע נעכט. — די דערמונטערונג פון ה. ד. נאָמבערג. — מ. רובינשטיין (מ. מיכלסאָן) און ל. שאַפּיראָ. — דער שאַרפער טאָן. — די אָפּהאַנדלונג וועגן מעטערלינקן. — דער רושם. — די אָנפאַלן פון דער העברעיִשער פּרעסע. — י. ח. טאַוויאָוו. — פּרצעס בריוועלע. — אַ מיטל צו קרעדיט. — פּרצעס איינאַקטער „שוועסטער". — דער שטורעם פון דער רעוואָלוציע. 296

---